# א יישר־כח

דעם פריינט משה גאָלדענבערג
פאַר זיין גוטוויליקער מיטהילף
אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך.



דעם מאָלער יעקב וואָלבערג
פאַר זיין צייכענען די אותיות
צום שערבלאַט.

דער מחבר

פאַליק לערנער

# צוגאַסט אויף אַ ווייל

## אין די פאַראייניקטע שטאַטן



בוענאָס־איירעס 1961 — ה׳תשכ״א

# אינהאַלט:

# ערב־רייזע

מיט אַ רייזע איז ווי מיט אַ יום־טוב — עס איז פֿאַראַן אַן „ערב". פּונקט ווי עס איז פֿאַראַן אַן ערב־יום־טוב, איז פֿאַראַן אַן ערב־רייזע אין דעם פֿולן באַגריף פֿון דעם דאָזיקן וואָרט. צו אַ יום־טוב גרייט מען זיך און אויך צו אַ רייזע גרייט מען זיך. פּונקט ווי אַ יום טוב רופֿט אַרויס סובלימע אילוזיעס און עמאָציעס און די האָפֿענונג צו באַפֿרייען זיך אויף אַ ווייל פֿון דער טאָג־טעגלעכער וואָכעדיקייט, אַזוי רופֿט אויך אַ רייזע אַרויס אילוזיעס, עמאָציעס און האָפֿענונגען פֿון באַנייונג. דער איינציקער חילוק באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס די עמאָציעס און אילוזיעס פֿון אַן ערב־יום־טוב זיינען וועגן עפּעס וואָס איז בדרך כלל באַקאַנט, קלאָר; און די אילוזיעס און עמאָציעס פֿון דער ערב־רייזע זיינען וועגן זאַכן און מענטשן וואָס זיינען אומבאַקאַנט און זיי פֿאַרמאָגן אין זיך דעם צויבער פֿון דעם אומבאַוווּסטן און פֿאַרשלייערטן. דער ערב־רייזע איז בכן אַ סך אָנגעלאָדענער מיט דעם דאָזיקן אומגעדולד און אומרו, וואָס מען פֿילט נאָר אין דערוואַרטונג פֿון סיור־פּריזן. אין דער געוויינלעכער אומגאַנג־שפּראַך רופֿט מען דאָס „רייזע־פֿיבער" און עס איז באמת עפּעס אַזוינס ווי פֿיבער פֿון דערוואַרטונג און אומגעדולד קעגנאיבער דעם אומבאַוווּסטן.

און דאָ איז ערשט די רייד וועגן סתם אַ רייזע, אָדער וואָס מען רופֿט אַ „לוסטרייזע". פֿאַר אַן אונדזעריקן, וואָס פֿאָרט נישט סתם פֿאַרברענגען, נאָר אויך לערנען, זיך באַקענען, און מיט דעם ווונטש צו פֿאַרוואַנדלען זיינע איינדרוקן און דערפֿאַרונגען אין עפּעס אַזוינס פֿון וועלכן עס דאַרפֿן אויך לערנען אַנדערע, איז די דאָזיקע איבערלעבונג אַ צענפֿאַכע. דאָ איז שוין

די פראַגע נישט בלויז פון אַן אייגענער איבערלעבונג, נאָר פון אַ פּייער־פראָבע פאַר איינעם, וועלכן די אומשטענדן האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ מין שליח־ציבור פון אַנדערע. די מיסיע פון דער שרייבער, און באַזונדערס דער צייטונגס־שרייבער איז שטענדיק פאַרבונדן מיט גרויסער אחריות; אין דעם פאַל אָבער פון אַ רייזע איז די דאָזיקע אחריות אַ פילפאַכיקע און עס איז גאַנץ נאַטירלעך אַז מען זאָל צוזאַמען מיט דער פּרעזענלעכער עמאָציע פון ערב־רייזע אויך פילן די אחריות און די זאָרג וועגן דעם, צי וועט איר קענען דערפילן די שליחות וואָס די אומשטענדן האָבן אויף איך אַרויפגעלייגט. וואָס שייך מיר, איז די דאָזיקע רייזע געווען ניט נאָר די ערשטע וואָס איך האָב געמאַכט קיין פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר בכלל די ערשטע לענגערע רייזע, זינט איך געפין מיך אין אַרגענטינע. איז דאָס פאַר מיר געווען נישט נאָר אַ געלעגנהייט, נאָר אויך אַן עקזאַמען. מען קען נישט זאָגן אַז איך בין ניט געווען באַהערשט פון קיין עמאָציע, אָבער צוזאַמען מיט דעם אומגעדולד קעגן דעם אומבאַקאַנטן און אומבאַוווּסטן, האָב איך מיר געוואָלט איינריידן אַז איך קען שוין פאַראייניקטע שטאַטן אויף אַזויפיל פון דעם וואָס איך האָב געלייענט און געהערט, אַז קיין גאָר גרויסע סיורפּריזן וועל איך שוין נישט האָבן. בכדי קלאָרער צו מאַכן דאָס וואָס איך האָב געפילט ערב דער רייזע, וועל איך ברענגען אייניקע אויסצוגן פון דעם וואָס איך האָבן געשריבן אין „די פרעסע" פון 8טן אַפּריל 1960, אַ טאָג איידער איך בין אָפּגעפאָרן, אונטערן נאָמען „איך פאָר ניט „אַנטדעקן אַמעריקע"". אין דעם דאָזיקן „געזעגן־וואָרט", ווי עס האָט געהייסן, איז אַמבעסטן געקומען צום אויסדרוק מיין געפיל ערב דער רייזע און דערפאַר וועל איך מיר דערלויבן צו ציטירן דאָ אייניקע שטעלן. שפּעטער וועט זיך אַרויסווייזן אַז דאָס וואָס איך האָב געטראַכט און געפילט ערב דער רייזע, איז געווען אמת נאָר טיילוויז. אין ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועל איך מיך באַמיִען אויפצוקלערן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. איך גלויב אַז עס וועט זיך לוינען צו ציטירן כמעט אין גאַנצן וואָס איך האָב ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט געשריבן, ווייל עס האָט נישט פאַרלוירן גאָרנישט פון דער אַקטואַליטעט און פון דעם אינהאַלט פון דער טעמע וועלכע מיר באַהאַנדלען דאָ. עס האָט זיך דאָרט געזאָגט:

„איך וויל נישט אַוועקפאָרן אָן אַ „זיי־געזונט" פון מיינע לייענער און

טאַקע אויסניצן די געזעגענונג אויף דורכצושמועסן זיך מיט זיי וועגן דער דאָזיקער רייזע. סוף כל סוף, וועלן זיי דאָך זיין די „קרבנות" פון דעם דאָזיקן איינפאַל מיינעם זיך אויפצוהויבן אין „אַ פראָסטן מיטוואָך", ווי מען זאָגט, און פאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע; זיי וועלן דאָך מוזן לייענען דאָס וואָס איך וועל שרייבן, און וויבאַלד שרייבן, איז מען קיין מאָל נישט זיכער צי עס וועט טויגן. וויל איך מיך טאַקע פון פאָרויס באַוואָרענען, אַז זיי, די חשובע לייענער און לייענערנס, זאָלן צו מיר קיין טענות נישט האָבן, אויב דאָס וואָס איך וועל שרייבן וועט נישט טויגן...

און בכדי זיי צוצוגרייטן „צום ערגסטן", וואָס שייך מיינע באַשרייבונגען פון דער דאָזיקער רייזע, וויל איך זיי וואָרענען אַז איך פאָר נישט „אַנטדעקן אַמעריקע". אַמעריקע איז שוין אַנטדעקט געוואָרן פון קאָלומבוסן אין 15טן יאָרהונדערט, ווי עס איז גוט באַוווּסט. און אַזוי ווי נאָך אים זיינען געוועזן נאָך אַ היפּש ביסל אַנדערע „אַנטדעקערס", איז זיך שווער פאָרצושטעלן אַז עמעצער זאָל נאָך קענען פּרעטענדירן צו „אַנטדעקן אַמעריקע". די פּאַראַייניקטע שטאַטן זיינען היינט צו טאָג אַזאַ מעכטיקער פאַקטאָר אין דעם אוניווערסאַלן באַוווּסטזיין, עס ווערט וועגן זיי אַזויפיל געשריבן און גערעדט, אַז עס איז כמעט אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן אַז מ'זאָל נאָך קענען צוגעבן עפּעס צו דעם וואָס מען ווייסט שוין. וואָס שייך די לייענער פון „די פּרעסע", קענען זיי זיך נישט באַקלאָגן אַז זי ברענגט זיי נישט קיין לייען־מאַטעריאַל וועגן די פּאַראַייניקטע שטאַטן, סיי אין דער טאָג־טעגלעכער טעלעגראַפישער אינפאָרמאַציע און סיי פּובליציסטישן מאַטעריאַל פון די אינערלעכע מיטאַרבעטער און די קאָרעספּאָנדענטן און מיטאַרבעטער פון נאָרד־אַמעריקע. ווי איר זעט אַלזאָ, וואָלט פאַר מיר געוועזן אַ גאָר שווער שטיקל אַרבעט, ווען איך זאָל מיך אונטערנעמען ערשט איצט צו „אַנטדעקן אַמעריקע" פאַר אייך...

און דאָך, פאָר איך מיט דעם בעסטן ווילן און אויך מיט דער האָפענונג צו זאָגן עפּעס וועגן דעם דאָזיקן גרויסן און מעכטיקן לאַנד און וועגן דעם גרויסן ייִדישן ישוב פון די פּאַראַייניקטע שטאַטן. וועגן דער לבנה זאָגט מען, אַז זי איז אַלט ווי די וועלט און דאָך ווערט זי אַלע טאָג איבער אַ נייס אַנטדעקט פון פאַרליבטע און פּאָעטן; (די לעצטע צייט יאָגט מען זיך צו איר אויך מיט ראַקעטן...). וועגן אונדזער ערד קאָן מען זאָגן דאָס זעלבע. נישטאָ

קיין פאַרעלטערטע זאַכן אויף דער ערד און שוין אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט, אַז אַלע טאָג חזרט זיך איבער מעשה בראשית. איך פאָר טאַקע נישט „אַנטדעקן אַמעריקע“, אָבער איך פאָר זי זען, זיך באַקענען מיט איר, און איך גלויב אַז יעדער איינער האָט עפּעס וואָס צו זען אין אַ לאַנד וואָס אַנדערע האָבן שוין געזען. די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אַ ריזיקער פאַקטאָר אין דעם עוואָלוציע־פּראָצעס וואָס די מענטשהייט מאַכט דורך אויף אַלע געביטן און זיי זיינען צו פילזייטיק, אַז עס זאָל נישט זיין וואָס צוצוגעבן צו דעם וואָס אַנדערע האָבן שוין געזאָגט. יעדנפאַלס, איז מיין שטרעבונג עפּעס צו קאָנען זאָגן און אויב איך וועל עס באַווייזן, וועט דאָס זיין מיין שכר פאַר דער רייזע.

וואָס שייך דעם ייִדישן אַספּעקט פון דער רייזע, איז דאָך אָפּגערעדט, אַז ער איז פאַר אַן אונדזעריקן פון גרויסן אינטערעס. מיר איז נישט אומ־באַקאַנטער דער פּעסימיזם וואָס הערשט בנוגע דער צוקונפט פון ייִדיש אין די פאַראייניקטע שטאַטן; אָבער עס איז מיר אויך נישט אומבאַקאַנט אַז עס קומט דאָרט פאָר אַ פּראָצעס פון זוכן נייע וועגן און אַ נייעם נוסח פון ייִדיש לעבן, און מיר ווייזט זיך אויס, אַז פריִער אָדער שפּעטער וועט מען זיך געבן רעכענונג, אַז אין גאַנצן אָן ייִדיש קען מען זיך נישט באַגיין, אויב מען וויל איבערגיסן דעם אַלטן אינהאַלט אין אַ נייער פאָרעם. יעדנפאַלס, ווייזט זיך מיר אויס, אַז דאָס ייִדישע לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן טאָר מען נישט מעסטן מיט דער מאָס פון קורצער צייט־דיסטאַנץ, אויב מען וויל נישט רעדוצירן דעם דאָזיקן גראַנדיעזן ייִדישן ישוב צו סתם אַן עפּיזאָד אין דער געשיכטע. אַמעריקאַנער ייִדישער ישוב מיינט אַ נייע תקופה אין ייִדישן לעבן און די תקופות אין דער ייִדישער געשיכטע, ווי עס ווייסט עס יעדער געשיכטע־קענער, זיינען נישט געווען ענלעך צו זיך, יעדנפאַלס שפּראַכלעך. די ייִדישע געשיכטע ווייסט צו דערציילן וועגן העברעיִש, אַראַמיש, בבליש, פּערסיש, אַראַביש, שפּאַניש, ייִדיש און אַנדערע צענדליקער שפּראַכן אין וועלכע ייִדן האָבן גערעדט. אין אייניקע פון די דאָזיקע פרעמדע שפּראַכן זיינען געשאַפן געוואָרן די וויכטיקסטע ווערק, ווי דער תלמוד אין אַראַמיש און די ווערק פון דער שפּאַנישער גאָלדענער תקופה, וואָס זיינען על פּי רוב געשריבן געוואָרן אין אָריגינאַל אין אַראַביש. ייִדיש לעבן האָט שטענ־

דיק געזוכט זיך צוצופאַסן צו די אומשטענדן און דאָך בלייבן לויטן אינ־האַלט יידיש לעבן.

לאָמיר זיך קלאָר מאַכן דעם ענין. די ירידה פון יידיש איז קודם־כל די דראַמע פון אונדז, דאָס הייסט, די וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן און זיך אויסגעלעבט אין יידיש. פאַר די נייע דורות איז דאָס שוין מער נישט קיין דראַמע און די פראַגע איז איצט, ווי געפינט מען דעם אופן, אַז יידיש זאָל נישט אויפהערן צו שפּילן איר ראָלע אין דעם פּראָצעס פון צוגרייטן די נייע יידישע לעבנס־פאָרעם אָדער דעם נייעם נוסח אין אַזאַ מאַסן־ישוב ווי עס איז דער נאָרד־אַמעריקאַנער? אין דעם זין, דאָס הייסט אין דעם זין פון זוכן, איז דאָך אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיכער פאַראַן אַ דראַנג צו געפינען נייע לעבנס־פאָרמען. איז אָט מיט דעם דראַנג וויל איך זיך באַ־קענען, אים פילן פון דער נאָענט.

מיר ווייזט זיך אויס, אַז איך בין שוין באַקאַנט מיט דעם יידישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, פון לייענען, פון הערן. עס איז אָבער זיכער אַז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע זאַכן, וואָס קענען נישט אָפּגעשאַצט ווערן ריכ־טיק, אויב מען זעט זיי נישט פון דער נאָענט. איך האָף צו האָבן די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט די נאָרד־אַמעריקאַנער יידישע אָרגאַניזאַציעס, שמועסן מיט זייערע פירער, זיך באַגעגענען מיט סתם יידן, מיט שרייבער, מיט לערער, און פון דעם זיך שאַפן אַ בילד וועגן דעם דאָזיקן וויכטיקן פאַקטאָר אין דעם יידישן לעבן, וואָס הייסט דער יידישער ישוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ווי געזאָגט שוין, ריכט איך מיך נישט צו „אַנטדעקן אַמעריקע", ווייל אַנדערע האָבן עס שוין געטאָן פאַר מיר. איך וועל מיך באַמיִען צו זען די זאַכן אָביעקטיוו, נישט אַריינפאַלן אין איבערגעטריבענער התפעלות און אויך נישט אין קיין פּעסימיזם, נאָר זען דיווירקלעכקייט און זי אינטער־פּרעטירן לויט מיינע באַשיידענע מעגלעכקייטן. אויב איך האָב געפונען חן אין די אויגן פון די חשובע לייענער, וועלן זיי מיר געבן דאָס ביסעלע קרעדיט וואָס יעדער שרייבער דאַרף האָבן, ווען ער גייט מאַכן אַ וויכטיקע שליחות אין זייער נאָמען. הגם מען האָט אים נישט געשיקט אָפיציעל און קיינער האָט אים נישט געגעבן קיין פאָרמעלן „מאַנדאַט". שרייבער זיינען אין דער בחינה פון אַ בעל־תפילה, אַ שליח־ציבור, וואָס דאַרף נישט קיין

שום מאַנדאַט אַז ער זאָל זיך אָנטאָן דעם טלית און זיך שטעלן ביים עמוד דאַווענען...".

דאָס איז דער סינטעז פון דעם געפיל וואָס האָט מיך באַהערשט ערב דער רייזע. געדאַנקלעך, איז דאָס געווען דער באַגריף וואָס איך האָב געהאַט איידער איך בין געקומען אין פערזענלעכן קאָנטאַקט מיט די פאַראייניקטע שטאַטן אין אַלגעמיין און מיט דעם דאָרטיקען יידישן לעבן בפרט. מען דאַרף וויסן זיין, אַז איך בין געפאָרן נישט נאָר אַלס ייד אָדער סתם אַלס אַ מענטש וואָס האָט אַן אינטערעס צו זען און צו באַקענען זיך מיט דעם מעכּ־טיקסטן און אַנטוויקלטסטן לאַנד פון דער היינטיקער צייט, נאָר אויך אַלס איינער וואָס לעבט שוין קנאַפּע 35 יאָר אין לאַטיין־אַמעריקע און איז פאַר־אינטערעסירט מיט די אַמעריקאַניסטישע אַספּעקטן וואָס איבן אויס אַ גראַ־וויטאַציע צווישן די צוויי וועלטן פונעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, ווי עס זיינען די אַנגלאָ־זאַקסישע און די שפּאַניש־ און פּאָרטוגעזיש־רײדנדיקע אַמע־ריקעס. די דאָזיקע אַספּעקטן זיינען נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט, ווען מען טראַכט היינט צו טאָג וועגן דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט אַלס איין געאָגראַפישע, פּאָליטישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע דערשיינונג אין דעם געראַנגל וואָס קומט פאָר צווישן די צוויי בלאָקן וואָס קעמפן היינט פאַר דער העגעמאָניע אויף דער וועלט. אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועט אונדז אויסקומען צו באַרירן אויך די דאָזיקע אַספּעקטן.

איצט, פון דער פּערספּעקטיוו, שטעל איך מיר די פראַגע: איז מיין געפיל און מיין אופן פון דענקען ערב דער רייזע געווען ריכטיק? און איך ענטפער: ניין! אין אַ געוויסער מאָס איז מיין פאָרשטעלונג אַז איך וועל ניט „אַנטדעקן אַמעריקע" געווען פאַלש, ניט מחמת איך פּרעטענדיר אַז איך האָב יאָ „אַנטדעקט אַמעריקע" אין די פינף וואָכן פון מיין באַזוך. דאָס קען אַפילו נישט פּרעטענדירן איינער וואָס לעבט דאָרט יאָרן. אויב איך האַלט אַז די דאָזיקע פאָרשטעלונג איז געווען אַ פאַלשע, איז דאָס דערפאַר ווייל איך האָב מיך איבערצייגט אַז מען קען איבערהויפּט נישט „אַנטדעקן" קיין לאַנד ביז מען זעט עס נישט פון דער נאָענט. דאָס וועלן באַקענען זיך מיט אַ לאַנד דורך לייענען אָדער דורך הערן, אָדער דורך זען כך וכך בילדער דערפון אין קינאָ, איז דאָס זעלבע וואָס וועלן אָפּשאַצן די גראַנדיעזקייט און

שיינקייט פון אַ פּאַלאַץ דורך זען אַ שטיקל קאָרניז פונעם פראָנט אָדער אַ שטיקל בראָנדז פון דעם הענגלייכטער וואָס באַצירט זיין הויפּט־סאַלאָן. די שיינקייט און די גראַנדיעזקייט פון זאַכן קען מען פעסטשטעלן נאָר דורך קומען מיט זיי אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט. ווייל עס איז נישט נאָר די פראַגע פון זען, נאָר אויך פון דערפילן דעם תמצית פון זייער גרויסקייט אָדער דעם תהום פון זייער מיזעריע. וואָס שייך די פאַראייניקטע שטאַטן, און באַזונדערס דער גרויסער וועלט־מעטראָפּאָליע וואָס הייסט ניו־יאָרק, איז דאָס אַוודאי און אַוודאי אמת און דערפאַר איז אויסגעשלאָסן אַז עמיצער זאָל מיט רעכט קאָנען זאָגן אַז ער „קען" די פאַרייניקטע שטאַטן אײדער ער האָט זיי געזען פּערזענלעך. דאָס לאַנד איז אַזוי גרויס, די מענטשן אַזוי פאַרשידן און פילפאַרביק, די פּראָבלעמען אַזוי קאָמפּליצירט און דאָס לעבן בכלל אַזוי דינאַמיש און האָפּערדיק, אַז דער איינדרוק וואָס מען באַקומט ווען מען קומט מיט דעם אַלעם אין אַ פּערזענלעכן קאָנטאַקט איז אַן אומגעהיערער. עס ווייזט זיך אַרויס אַז דאָס וואָס מען האָט געוווּסט, איז אַפילו ניט קיין שאָטן דערפון וואָס מען האָט אָנגעטראָפן אין דערווירקלעכקייט. עס ווייזט זיך אַרויס אַז מען „אַנטדעקט" יאָ אַמעריקע.

בדרך כלל, באַמיִען זיך ניי־צוגעפאָרענע צו זען דאָס „טשיקאַווע" פון אַמעריקע, דאָס נישט־געוויינלעכע אָדער אויסערגעוויינלעכע. און אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איבערהויפּט אין ניו־יאָרק, זיינען פאַראַן זייער אַ סך טשיקאַווע זאַכן צו זען. וואָס שייך דעם שרייבער פון די שורות, איז ער פון לכתחילה נישט געפאָרן זען דאָס „טשיקאַווע" נאָר דאָס תוכיקע פון דעם דאָזיקן גרויסן לאַנד. אויך בנוגע דעם ייִדישן אַספּעקט בין איך נישט געפאָרן זען און הערן דאָס טשיקאַווע וואָס מען קאָן זען אין דעם ייִדישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר דאָס תמציתדיקע, דעם פּראָצעס פון אַ ניי ייִדיש לעבן אין ווערן. און איך בין מיך מודה, אַז אויך אין דעם זין, איז מיין פאָרשטעלונג ערב דער רייזע געווען צו אָרעם אויסצומאָלן זיך דאָס גאַנצע גראַנדיעזע בילד פון דעם ייִדישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. נישט אַלץ וואָס מען זעט איז נאַטירלעך ליכטיק. עס איז פאַראַן אַסך שאָטן, אָבער דער שאָטן פון אַ גיגאַנט, פון אַ קאָלאָס וואָס ראַנגלט זיך פאַר זיין פּלאַץ אין נייע אומשטענדן און באַדינגונגען. מען דאַרף נישט פאַרגעסן אַז ס׳האַנדלט זיך וועגן דער אַמע־

ריקאַנער תקופה אין דער ייִדישער געשיכטע און דאָס פּאַרפּליכטעט צו קוקן אויפן ייִדישן לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פון אַ ברייטערער פּערספּעק־טיוו. וועלן מעסטן דאָס ייִדישע לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן מיט דער מאָס פון „טשיקאַווע" דערשיינונגען אָדער זעענדיק בלויז געוויסע ווינקלען דערפון, איז דאָס זעלבע וואָס וועלן אויסשעפּן דעם ים מיט אַ לעפל אָדער מעסטן דעם ערד־קיילעך מיט אַן אַרשין.

לאָמיר דעריבער איבערלאָזן די עמאָציעס און די אילוזיעס פון דער ערב רייזע און דערציילן וואָס מיר האָבן געזען און געהערט אויף דער רייזע גופא. וואָס מיר ווילן בעטן דעם חשובן לייענער איז, אַז ער זאָל געדענקען אַז דער וואָס דערציילט עס איז געווען נישט מער ווי אַ גאַסט אויף אַ ווייל און מיט אָט דער מאָס זאָל ער מעסטן דאָס וואָס ער וועט לייענען אין די ווייטערדיקע שורות...

# מיר פליִען קיין ניו־יאָרק

דער אויסדרוק „מיר פליִען“ דאַרף פאַרשטאַנען ווערן ניט נאָר ווי אַ פאַקט, נאָר טאַקע ווי אַ סימבאָל פון אונדזער היינטיקער צייט. דאָס וואָרט „מיר פאָרן“ איז היינט צו טאָג אַן אַבסאָלוט פאַרעלטערטער באַגריף און קאָן נישט אַריינגענומען ווערן אין דער פּראָגראַם פון דעם וואָס מען רופט רייזע־איינדרוקן. אַמאָליקע יאָרן, ווען מען איז געפאָרן מיט שיפן און באַנען, האָט די רייזע גופא פון איין פלאַץ צום צווייטן געגעבן דעם הויפּט־שטאָף פאַר די איינדרוקן און דערפאַרונגען וואָס מען באַקומט פון אַ נסיעה. היינט איז דאָס אוממעגלעך, ווייל פאַקטיש האָט מען דאָס וואָס מען רופט „קפיצת הדרך“. אויב קפיצת הדרך איז אַמאָל געווען ניט מער ווי אַ מעטאַפאָרע, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין לעגענדעס און פאַנטאַסטישע דערציילונגען, איז דאָס היינט אַ רעאַלעווירקלעכקייט. דער אַוויאָן האָט טאַקע פאַרשנעלערט די רייזע און אין פיל הינזיכטן פאַרגרעסערט די באַקוועמלעכקייטן פונעם רייזנדן; ער האָט אָבער אין דער זעלבער צייט באַרויבט דעם מענטשן פון דער הנאה וואָס מען האָט פון אַ לאַנגער און שטופּנווייזער רייזע, ווו מען קאָן זען שיינע לאַנדשאַפטן, עקזאָטישע בילדער און מענטשן־טיפּן, נאַטור־מערקווירדיקייטן און מענטשלעכע ישובים מיט זייערע אייגנטימלעכע שטריכן און מנהגים. אַ רייזע קיין ניו־יאָרק מיט דער שיף, געדויערט נאָך היינט, מיט שנעלע, מאָדערנע שיפן, אַ פּאָר וואָכן צייט און אין משך פון דער דאָזיקער צייט שטעלט מען זיך אָפּ אין פאַרשידענע פּאָרטן פון לענדער און אינדזלען; מיט דעם אַוויאָן געדויערט היינט אַ רייזע קיין ניו־יאָרק אין דורכשניט פופצן שעה און דער אַוויאָן שטעלט זיך אָפּ געציילטע מינוטן אויף אַ פּאָר ערטער אויף צו באַזאָרגן זיך מיט

ברענשטאָף און פליט ווייטער, פונעם אַוויאָן גופא זעט מען כמעט גאָר נישט און בעת די קורצע לאַנדונגען, האָט מען קוים די געלעגנהייט צו כאַפּן אַ קוק אויף דער סטאַנציע פונעם עראָדראָם און אויסטרינקען דאָרט אַ שוואַרצע קאַווע. וועגן „רייזע־איינדרוקן" פון דער רייזע גופא קען היינט נישט זיין קיין רייד. דאָך האָט די רייזע אין אַוויאָן אין זיך געוויסע שטריכן וואָס כאַראַקטעריזירן דעם געמיט־צושטאַנד פון די וואָס פאָרן.

יעדער איינער וואָס האָט אַמאָל בייגעוווינט אַ געזעגענונגס־סצענע ביי דער באַן אָדער ביי אַ שיף, ווייסט אַז די דאָזיקע סצענע צייכנט אויס מיט דעם טומל און גערויש וואָס עס מאַכן אָן סיי די וואָס פאָרן אַוועק און סיי די וואָס בלייבן. די עמאָציע פון דער ערב־רייזע ווערט דאָ אויסגעלאָדן דורך געזעגענונגס־אויסגעשרייען און דורך לעצטע דיאַלאָגן וואָס מען פירט דווקא אויפן הויכן קול. עס ווערט דאָ אַוועקגענומען די גרענעץ פון דער אינטימיטעט און דער עולם קומט אַרויס מיט זיינע געפילן און פּריוואַטע ענינים אין דער עפנטלעכקייט. ווערטער וואָס זיינען שוין זיכער געזאָגט געוואָרן עטלעכע מאָל בעת דער פרעזענלעכער געזעגענונג ווערן דאָ איבערגעחזרט אויפן הויכן קול, גלייך דאָס וואָס מען האָט צו זאָגן צום לעצטן מאָל האָט עפּעס אַן עפנטלעכן אינטערעס. פסיכאָלאָגיש־גערעדט, איז דער דאָזיקער טומל אַ מין באַשטאַנדטייל פון דעם „צערעמאָניאַל" וואָס מענטשן אָרדענען זיך איין אומבאַוווסטזיניק ביים געזעגענען זיך מיט זייערע מיטמענטשן אָדער אייגענע, ווען די פאָרן אָפּ אויף אַ לענגערער רייזע.

דאָס פּאַסירט אָבער נאָר ביי דער באַן, ביים אויטאָבוס אָדער ביי דער שיף. ביים אַוויאָן איז אַנדערש. וויפיל מאָל עס איז מיר אויסגעקומען צו נעמען אַן אַוויאָן, האָט אויף מיר געמאַכט אַ מאָדנע־פּיינלעכן איינדרוק די רעלאַטיווע שטילקייט וואָס הערשט בעת די פּאַסאַזשירן נעמען דעם אַוויאָן. עפּעס מערקט זיך אַ מערקווירדיקע „סטאַטעטשנעקייט" סיי ביי די וואָס פאָרן אַוועק און סיי ביי די וואָס בלייבן, עפּעס אַזאַ מין „גוטע דערצויגנקייט", וואָס איז וואַרשיינלעך דער אויסדרוק פון אַ געפיל אין וועלכן קיינער וויל זיך עפנטלעך ניט מודה זיין: דאָס געפיל פון מורא. די רייזע אין דער לופט איז היינט צו טאָג שוין טאַקע אויף 99 פּראָצענט אַ זיכערע זאַך, אָבער דער מענטש פילט דאָך דעם געהיימען ציטער פון אָפּרייסן זיך פון דער ערד, ווען ער גייט נעמען

דעם אַוויאָן. עס איז אַ נאַטירלעך געפיל מיט וועלכן קיינער האָט זיך נישט וואָס צו שעמען. אויך אין אַוויאָן גופא קומט עס צום אויסדרוק דורך דער שטילקייט און געלאַסנקייט מיט וועלכער די פּאַסאַזשירן פאַרנעמען זייערע פּלעצער. נישטאָ דער כאַראַקטעריסטישער טומל פון פּאַסאַזשירן וואָס זעצן זיך אויף דער באַן אָדער אויף דער שיף. דער עולם פאַרנעמט זיינע פּלעצער, מאַכט זיך ווי ווייט מעגלעך באַקוועם און — שווייגט. דער געוויש פון די מאָטאָרן וואָס הייבט זיך אָן ביסלעכווייז און ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער, דערגרייכט זיין העכסטן פּונקט ווען דער אַוויאָן דאַרף זיך אויפהייבן און דערנאָך איז אַלץ פּשוט. איר דערפילט ווי איר שוועבט אין דער לופט, אַ געפאַנגענער פון די נאַטור־עלעמענטן.



אונדזער אַוויאָן האָט זיך אויפגעהויבן מיט אַ קנאַפּער האַלבער שעה פאַרשפּעטיקונג און דאָס האָט זיך אָפּגערופן שפּעטער אויף דער גאַנצער רייזע. פאַרשפּעטיקונג איז ווי אַ שניי־קויל, וואָס מער זי קייקלט זיך אַלץ גרעסער ווערט זי. זיינען מיר דעריבער אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק מיט דריי שעה שפּעטער ווי עס איז געווען פאָרויסגעזען.

דער אַוויאָן „בריסטאָל־בריטאַניאַ" מיט פּלאַץ פאַר 104 פּאַסאַזשירן, איז געווען פול באַזעצט. 85 פּראָצענט פון די פּאַסאַזשירן זיינען אָן שום גוזמא געווען יידן. דער ערשטער פון די פּאַסאַזשירן, וואָס איז צו מיר צוגעקומען, איז געווען אַ מיטליעריקער ייד מיט אַ נומער „די פּרעסע" אין האַנט און האָט מיר „געמאָלדן" אַז איך פאָר קיין ניו־יאָרק. אויב איך וויל נישט גלייבן ווייזט ער מיר „די פּרעסע" מיט מיין בילד, ווי עס זאָגט זיך שוואַרץ אויף ווייס, אַז איך פאָר קיין ניו־יאָרק. אַ ייד מיט אַ חוש פאַר תכלית, וויל ער עפּעס געניסן פון מיין רייזע און איידער נאָך איך גיב אים דערלויבעניש, נעמט ער זיך אַ טייל פון די ברכות וואָס מען האָט מיר אָנגעווינטשעוועט צו דער רייזע. איך האָב עס אים געגעבן פונעם גאַנצן האַרצן — זאָל ער אויך הנאה האָבן...

נאָכן מאַכן די געהעריקע מאַניעווערס, רייסט זיך דער אַוויאָן אָפּ פון דער ערד און הייבט זיך אויף. אַלץ וואָס איז נאָר וואָס געווען אַזוי נאָענט,

דערוויטערט זיך שנעל. אײדער מען קוקט זיך אום איז מען אויף עטלעכע טויזנט מעטער אין רוים און די ריזיקע מאַשין שלינגט צענדליקער קילאָמע־טער אין געציילטע מינוטן. איר שנעלקייט איז פון 600 קילאָמעטער אַ שעה, אָבער אויף פינף טויזנט מעטער אין רוים, ווו עס איז נישטאָ קיין פאַרגלייך־פונקט, זעט עס אויס ווי זי וואָלט געהאָנגען אָן אומבאַוועגלעכע אין דער לופטן. בלויז ווען עס שוועבט פאַרביי אַ וואָלקנדל, זעט מען אַז דער אַוויאָן באַוועגט זיך. דער אַוויאָן האָט זיך אויפגעהויבן און אונדז מיטגענומען מיט זיך. דער עולם זיצט אַ פאַרטראַכטער; יעדער איינער האָט געלאָזט עפּעס דאָרט אויף דער ערד. אין געמיט ברויזן נאָך די געפילן פון דער געזעגענונג און פאַר די אויגן שוועבן די בילדער פון דעם ערב אַוועקפאָרן. עפּעס דערפילט מען אַ ליידיקייט אַרום זיך ביים אַוועקפאָרן. דאָרטן זיינען געבליבן שטיין אייערע אייגענע און איר זיינט אַוועקגעפאָרן, מיטנעמענדיק מיט זיך אייער גורל. פאַראַן אַסך וואָס פליִען דאָס ערשטע מאָל מיטן אַוויאָן, זיינען זיי עפּעס ווי איבערגעשראָקן. אַ פרוי וואָס זיצט צוזאַמען מיט איר מאַן קעגנאיבער מיר און וואָס פאָרט צו אַ טאָכטער, וואָס וווינט אין ראָטשעסטער, שטאַט ניויאָרק, שטעלט אָפּ די סטיואַרטן (קאַמער־מיידל) און מעלדעט אַז זי האָט מורא אַז עס וועט איר ווערן ניט גוט, זי וועט חלשן. דאָס מיידל פרעגט זי מיט אַ שמייכל צי זי פילט זיך שוין נישט גוט און ווען יענע ענטפערט איר אַז ניין, דערווייל פילט זי זיך גוט, אָבער זי האָט „מוראָ“ אַז זי וועט זיך פילן נישט גוט, האָט יענע פאַר איר גוטע עצה: האָט נישט קיין מורא, וועט אייך גאָרנישט פאַסירן, זאָגט זי איר. פופצן מינוט נאָך דעם וואָס דער אַוויאָן האָט זיך אויפגעהויבן, האָט די זעלבע פרוי אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר־בלאָק און גענומען שרייבן אין געדיכטע שורות אירע „איינדרוקן“ פון דער רייזע, כאָטש אייך גאָט ווייסט אַז מען האָט גאָרנישט געזען פונעם אַוויאָן־פענצטערל, אויסער כמאַרעס אונטערן אַוויאָן און דעם הימל פון אויבן. קיין שרייבערן איז זי טאַקע נישט, אָבער זי האָט באַשלאָסן צו פאַרשרייבן אירע „איינדרוקן“. ווען זי האָט זיך דערנאָך דערוווסט אַז מיין ווייבקייט איז אַ שרייבער, האָט זי גאָרנישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי אַ מענטש אַ שרייבער נעמט נישט אַרויס פּאַפּיר און פעדער און פאַרצייכנט ניט זיינע איינדרוקן. איך האָב איר פאַרזיכערט אַז

איך האָב יאָ „פאַרצייכנט״, אָבער זי האָט עס נישט געזען. אַז איך האָב זי נישט אָפּגענאַרט, זעט איר דאָך פון די דאָזיקע שורות...

**
*

עטלעכע טעג פאַרן פאָרן האָב איך מיך דערוווּסט, אַז שלמה סוסקאָוויטש און פרוי פאָרן מיט דעם זעלבן אַוויאָן. בין איך, פאַרשטייט זיך, געווען צו־פרידן פון דעם צופאַל. איך האָב מיר אָבער נישט געריכט, אַז דער צופאַל זאָל זיין אַזוי „ברייטהאַרציק״ און אונדז צונויפפירן אויף די זעלבע בענקלעך. די בענקלעך קלייבן די פּאַסאַזשירן אויס אין עראָדראָם, איידער זיי שטייגן איין. האָב איך אויסגעקליבן אַ בענקל לעבן אַנדערע צוויי און דערנאָך האָב איך פעסטגעשטעלט אַז דער צופאַל איז גאָרנישט אַזוי צופעליק ווי מען מיינט... און אפשר איז דאָס עפּעס אַנדערש. גיי פאַרשטיי די וועגן פון דער השגחה. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז מיר זיינען אַלע געווען צופרידן פונעם צופאַל.

אין דריי שעה אַרום לאַנדן מיר אין סאַן פּאַולאָ. דער אַוויאָן באַזאָרגט זיך מיט ברענשטאָף און מיר גייען דערווייל כאַפּן אַ קוק אויף דער עראָדראָם־סטאַנציע און „אומגעגנט״. אין די פופציק מינוט וואָס מיר האָבן, דערוויסן מיר זיך אַ סך זאַכן, וואָס מיר האָבן פריִער נישט געוווּסט. אַז די קאַווע וואָס מען טרינקט אין בראַזיל איז בעסער ווי די וואָס מען טרינקט אין אַרגענטינע האָבן מיר געוווּסט. וואָס מיר האָבן נישט געוווּסט איז אַז זי קאָסט אויך אַ סך ביליקער. פאַר 5 אַרגענטינער פעזאָס האָבן מיר באַקומען אין דעם בופעט פונעם עראָדראָם דריי קאַוועלעך אַז ס'האָט געשמעקט פון זיי. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט נאָך אַ זאַך: אַז פּאָרטוגעזיש איז נישט אַזוי ענלעך אויף שפּאַניש ווי מען מיינט. ווען מיר האָבן אָפּגעשטעלט אַ פּאָליציימאַן און אים עפּעס געפרעגט, האָט ער נישט געוווּסט וואָס מיר פרעגן און מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס ער ענטפערט. און אַזוי ווי ער האָט זיך אָנגעשטויסן אַז מיר זיינען אַרגענטינער טוריסטן, זיינען מיר ווייטער געבליבן גוטע פריינט און די לאַטיין־אַמעריקאַנישע פּאָליטיק פון „גוטער שכנותשאַפט״ איז געראַטעוועט.

**
*

פון סאַן פּאַולאָ פּליִען מיר דירעקט קיין פּאַראַמאַריבאָ, האָלענדיש גוואַ־יאַנאַ. צוליב „טעכנישע סיבות" שטעלט זיך דער אַוויאָן נישט אָפּ אין ריאָ דע זשאַנעיראָ. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז דער עראָדראָם פון ריאָ טויג נישט פאַר די דזשעט־אַוויאָנען, כאָטש אונדזערער איז אַ „האַלבער" דזשעט. פּליִען מיר דירעקט קיין פּאַראַמאַריבאָ, אַ שטרעקע פון אַזעלכע 3.600 קילאָ־מעטער, וואָס אונדזער פויגל מאַכט דורך אין עפּעס מער ווי 6 מיט אַ האַלבער שעה. קיין פּאַראַמאַריבאָ קומען מיר אָן צוויי אַ זייגער פאַרטאָג און מיר טרעפן דאָרט אין דער שעה אַ טעמפּעראַטור פון 25 גראַד באַגלייט פון אַ גאַנץ „סימפּאַטישער" טראָפּיקאַלער פייכטקייט. אין דער סטאַנציע פונעם עראָ־דראָם אָבער, איז אַ מחיה קיל און העפלעכע קעלנערס סערווירן אונדז מאַ־ראַנצן־זאַפט, גענצלעך אומזיסט. זיצן מיר ביי אַ טישל און מיר באַוווּנדערן די איינפאַכע עלעגאַנץ און די געמיטלעכקייט פון דער געביידע אין סאַמע טראָ־פּיק. עפּעס פון דער האָלענדישער געמיטלעכקייט פילט מען דאָ. צוויי אַזייגער פאַרטאָג, נאָך אַ דירעקטן פליצוג פון איבער זעקס מיט אַ האַלבער שעה, ווירקט עס באַרויִקנדיק אויף די נערוון. מיר פאַרלאָזן דערנאָך די סטאַנציע מיט באַוווּנדערונג.

ווען דער אַוויאָן האָט אַרום זעקס אַזייגער געלאַנדעט אין קאַראַקאַס און מיר זיינען אָפּגעשטיגן, האָט אונדז באַגעגנט אַ פרישע, נאָר וואָס אויסגעבאָדענע זון, וואָס האָט געהאַלטן ביים אויפגיין. די סטאַנציע פונעם עראָדראָם אין קאַ־ראַקאַס איז אַ חנעוודיקע געביידע, אין מאָדערנעם סטיל. דער עראָדראָם גע־פינט זיך אין אַ טאָל, צופוסנס פון די בערג, דורך וועלכע עס שלענגלט זיך דער וועג צו דער הויפּטשטאָט פון ווענעסועלאַ. עס איז זונטיק אין דער פרי. ווייניק מענטשן אין דער סטאַנציע. אַ צייטונגס־פאַרקויפער סאָרטירט פעק זונטיק־צייטונגען, פון וועלכע ס'שמעקט נאָך די פרישע טינט. אַרום איז די נאַטור אַ פּרעכטיקע, ממש אַ פאַרכאַפּנדיקע. דער פרימאָרגן גייט אויף אַ זוניקער, אַ צעשטראַלטער, אונדזער אַוויאָן שטייט אין מיטן פליפעלד און אַ ריזיקער ציסטערנע־קאַמיאָן „זויגט אים אָן" מיט ברענשטאָף. מיר געפינען זיך אין דעם לאַנד פון פּעטראָל. עס פילט זיך דער איינפלוס פון דער דאָזיקער פליי־סיקייט אויף דעם לעבנסניוואָ. די אויטאָמאָבילן וואָס מען זעט — איינשליס־לעך די טאַקסיס — זיינען אולטראַ־מאָדערן. און דאָ געפינען מיר זיך ערשט

אויף דער שוועל פון קאַראַקאַס. די שטאָט אַליין ליגט צווישן די בערג, אַ פּופּצן קילאָמעטער פונעם ערָאָדראָם.

פון קאַראַקאַס קיין ניו־יאָרק זיינען מיר געפלויגן דירעקט זעקס שעה. דווקא אויף אָט דעם לעצטן עטאַפּ פון דער רייזע, איז דער אַוויאָן געפלויגן אומרויקער ווי אויפן גאַנצן וועג. ער האָט צייטנווייז גאַנץ שטאַרק געוואָרפן און אייניקע פון די פּאַסאַזשירן האָבן זיך געפילט שלעכט. מיר זיינען כסדר געפלויגן איבער געדיכטע וואָלקנס און מען האָט גאָרנישט געזען. ערשט ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו ניויאָרק און דער אַוויאָן האָט אָנגעהויבן פליִען נידעריקער, איז געוואָרן רויקער און היימלעכער אויפן געמיט.

**
*

און אָט זיינען מיר שוין אין ניויאָרק. אין געמיט הויערן נאָך די רעשטן פון דער געזעגענונג און אָט געפין איך מיך אויף דער שוועל פון אַ נייער פאַר מיר וועלט. מיט די אַנדערע פּאַסאַזשירן שטייג איך אָפּ פונעם אַוויאָן און איך געפין מיך אין אַ שפּאָגל־נייער פאַר מיר סביבה. אויף דער טעראַסע פון דער ערָאָדראָם־סטאַנציע זעט מען מאַסן־מענטשן וואָס זיינען געקומען אָפּוואַרטן זייערע אייגענע. אַסך פון די פּאַסאַזשירן דערקענען זיך מיט זייערע קרובים פון דער ווייטנס און עס צעשפּילט זיך באַלד די סימפּאָניע פון די ווייסע טיכלעך אין דער לופטן. איך קוק אויף די וואָס שטייען אויף דער טעראַסע און עס אַפּעלירט נישט צו מיינע געפילן. איך ווייס אַז צווישן דער דאָזיקער מאַסע איז נישטאָ קיינער וואָס זאָל מיך האָבן געקומען אָפּוואַרטן. יעדנפאַלס, האָב איך מיר נישט געמאַכט קיין אילוזיע אַז די צו וועלכע איך האָב געשריבן, וועלן מיך קומען אָפּוואַרטן ביים ערָאָדראָם. שטייג איך אָפּ פונעם אַוויאָן און גיי מיט לאַנגזאַמע טריט צוזאַמען מיט די אַנדערע פּאַסאַזשירן מיטן געפיל פון אַ פרעמדן וואָס ווייסט אַז ער דאַרף אַלץ אַליין אָנהייבן אין דער נייער סביבה. דאָס דאָזיקע געפיל פון פרעמדקייט איז אויסגעמישט מיט אַ מין אַוואַנטוריסטישער נערוון־שפּאַנונג און פון פאַרמעסט, ווי איינער זאָגט: „נו, איצט וועלן מיר זען וואָס עס וועט זיין“... מיין גאַנצע קענטשאַפט פון ניו־יאָרק באַשטייט פון עטלעכע אַדרעסן און טעלעפאָן־נומערן פון מענטשן

וואָס די מערסטע פון זיי קען איך נישט פערזענלעך. איך האָב דעם אַדרעס פון אַ האָטעל און דעם פּלאַן ווי מען דאַרף פאָרן צו אים... און אָט מיט דעם דאָזיקן באַגאַזש בין איך עס געקומען „איינגעמען" די דאָזיקע וועלט־מעטראָפּאָליע! באמת צו וויניק אויף צו קענען זיך „צעפירן די הענט" אויף אַזאַ ברייטן פראָנט ווי עס איז די אַלגעמיינע און די ייִדישע ניו־יאָרק. איך האָב דערוואַרט אַ סך אומאַנגענעמע סיורפּריזן. איך האָב אָבער נישט דערוואַרט אַז ביים סאַמע אַרויסגאַנג פון דער עראָדראָם־ סטאַנציע זאָל איך האָבן אַזאַ באמת אָנגענעמען סיורפּריז ווי ייִדיש־היימישע און פריינטלעכע פּנימער: די גאַסטפריינטלעכע פנימער פון יעקב פּאַט און זיין פרוי.

אין איין הרף־עין איז פאַרשוווּנדן געוואָרן דאָס שווערע געפיל פון איינזאַמקייט אין אַ פרעמדן לאַנד. דער ברייטער שלום־עליכם פון יעקב פּאַט און זיין פרוי האָבן מיר באַלד געגעבן צו פילן אַז איך געפין מיך נישט אין דער פרעמד, נאָר אַז איך געפין מיך צווישן אייגענע. דער דאָזיקער גוטוויליקער קבלת־פּנים פון דעם באַרימטן אַרבעטער־פירער, שרייבער, קולטור־טוער און זיין סימפּאַטישער פרוי, איז געווען דער אָנהייב פון מיין באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אַלס אַזעלכער איז דאָס געווען דער ערשטער גוטער איינדרוק וואָס איך האָב באַקומען פון דעם דאָזיקן לאַנד, וואָס איז היינט צו טאָג דער העכסטער אויסדרוק פון פּראָגרעס, ציוויליזאַציע און דעמאָקראַטישער אָרדענונג.

***

ווי עס איז צו זען, האָט די רייזע פון איבער צען טויזנט קילאָמעטער מיטן אַוויאָן מיר קוים געגעבן שטאָף פאַר אַ „רייזע־באַשרייבונג", וואָס זעט גיכער אויס ווי אַ קורצער באַריכט. דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס סימבאָליש פאַר אונדזער צייט, די צייט פון דינאַמישן ריטם. אַ רייזע מיט דער שיף וואָלט געליפערט שטאָף פאַר אַ גאַנצער סעריע רייזע־באַשרייבונגען, אין וועלכע מען וואָלט געקענט שילדערן לאַנדשאַפטן, איבערגעגעבן געשעענישן, און דערציילן וועגן באַגעגענישן און געשפּרעכן מיט מענטשן. אין אַ רייזע מיטן אַוויאָן איז אַזאַ מעגלעכקייט אויסגעשלאָסן. דער אויסדרוק „מיר פליִען קיין ניו־יאָרק" איז בכן עפּעס מער ווי סתם די באַצייכענונג פון אַ פאַקט. עס איז די דעפי־

ניציע פון אַ סימבאָל, פון דעם קענצייכן פון אונדזער צייט, פון אַ צייט אין וועלכער דער מענטש איז צוגעבונדן צו זיין מעכאַנישן גורל, וואָס צווינגט אים אונטערצודריקן זיינע באַגערן, זיינע ראָמאַנטישע נייגונגען, זיין דראַנג צו באַנייען זיך גייסטיק און עמאָציאָנעל דורך קומען אין קאָנטאַקט מיט די שיינקייטן און ווונדער פון דער ערד אויף וועלכער ער לעבט. עס איז די עפּאָכע פון דער וויסנשאַפטלעכער מעכאַניק, וואָס האָט דעם מענטשן פאַרוואַנדלט אין אַ שרייפל, אַ הענטל פון איין גרויסער מאַשין און ער מוז באין ברירה מיטפליען.

# מיין ייִדישער אַריינפאָר קיין ניו־יאָרק

עס איז פּאַראַן אַן אָנגענומענע מיינונג אַז מיט ייִדיש קאָן מען זייער גוט אויסקומען אין ניו־יאָרק. דער צופאַל האָט געוואָלט אַז איך זאָל מיך אין דעם איבערצייגן אויף דער סאַמע שוועל, בעת מיין אָנקומען אין נאָך איידער איך האָב מיך געפונען אין דעם צענטער פון דער דאָזיקער ריזיקער שטאָט. שפּעטער האָט זיך דער דאָזיקער ערשטער איינדרוק באַשטעטיקט דורך אַ גאַנצער רייע עפּיזאָדן וועלכע עס וועט מיר אויסקומען צו דערמאָנען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען. פאַר איינעם וואָס פאָרט אַ צוגעגרייטער אַז די ייִדישע שפּראַך האַלט שוין אין אויסהויכן דעם לעצטן אָטעם אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז אַזאַ ערשטער איינדרוק אַן עמאָציאָנעלע דערפרישונג. צי דער פּעסימיסטישער פּראָגנאָז וועגן דעם מערכה פון ייִדיש אין די פאַראייניקטע שטאַטן וועט זיך שפּעטער יאָ אָדער נישט באַשטעטיקן, איז אָבער אַזאַ „ייִדישער" אַריינפאָר ווי מיינער איז געווען שוין אַ גוטער „אַדערויף" פאַר ווייטערדיקע איינדרוקן.

דער סאַלאָן פונעם צאָלאַמט, וווּ מען האָט איבערגעקוקט אונדזער באַגאַזש, איז אַ גרויסער, מיט אולטראַ־מאָדערנע איינריכטונגען פאַר דעם דאָזיקן געברויך. ווי אין יעדער צאָלאַמט, פילט זיך אויך דאָ די נערוועזיטעט פון די פּאַסאַזשירן. אַ סך פירן מסתמא זאַכן וואָס זיינען פאַרבאָטן, טראַכט מען איבער, שרעקט מען זיך. די באַציִונג פון די באַאַמטע איז אַ העפלעכע, אַן איידעלע אָבער הינטער דער דאָזיקער העפלעכקייט פילט מען די דיסציפּלין פון דערפילן די פליכט. דער באַאַמטער וואָס רעווידירט מיין פּאַספּאָרט ביים אַריינגאַנג, זאָגט צו מיר: „איר זיינט אַ זשורנאַליסט". „יאָ",

ענטפער איך, „פון וואַנען ווייסט איר? אין פּאַספּאָרט זאָגט זיך נישט". מיין פראַגע רופט ביי אים אַרויס אַ שמייכל: „מיר ווייסן". איר דערפילט באַלד אַז איר געפינט זיך אין אַ לאַנד ווו אַלץ ווערט געמאַכט מיט מעטאָד, מיט סיסטעם. איר ווערט עס שפּעטער פעסטשטעלן אומעטום. אין צאָלאַמט גייט אַלץ צו מיט אַ סדר. אייער וואַליזע באַווייזט זיך אין אַ ספּעציעלן געשטעל און איר דאַרפט נאָר צוגיין זי אַרויסנעמען און אַרויפלייגן אויף דער ספּע־ציעלער באַנק ווו דער באַאַמטער וועט דערנאָך איבערקוקן וואָס איר פירט מיט זיך. און דאָ איז געקומען דער ערשטער סיורפּריז. פּאַר מיר אין דער רייע שטייען צוויי ייִדן און טענהן זיך אויס מיטן באַאַמטן וואָס רעווידירט זייער באַגאַזש. זייער דיסקוסיע איז אַ גאַנץ „וואַרעמע" עפּעס גאָרנישט ווי צווישן ערשט אָנגעקומענע פּאַסאַזשירן און אַ באַאַמטן פונעם צאָלאַמט. איך הער מיך צו — זיי דיסקוטירן אין ייִדיש. איך גלייב נישט מיינע אייגענע אויערן, אָבער זיי ריידן דאָך פּאָרט מאַמע־לשון, ייִדיש. איך הער מיך איין בעסער — דער באַאַמטער רעדט אַ גאַנצן געשמאַקן ייִדיש, עפּעס גאָרנישט ווי אַ נאָרד־אַמעריקאַנער ייִד. עס ווערט מיר היימלעכער אויפן געמיט. עס געפעלט מיר סתם דער ענין וואָס ביי מיין סאַמע אָנקום האָב איך גע־טראָפן אַ באַאַמטן וואָס רעדט ייִדיש... איך באַטראַכט עס פאַר אַ גוטן סימן.

און אָט אין דעם דאָזיקן „ייִדישן נוסח" איז שוין געגאַנגען ווייטער מיט מיין ערשטן אַריינפאָר קיין ניו־יאָרק. נאָכן איבערקוקן מיין באַגאַזש וואַקסט אויס הינטער מיר אַ שוואַרצער טרעגער מיט אַ צוויי רעדלדיקן וועגעלע, לייגט אַרויף מיין באַגאַזש און לאָזט זיך גיין צום אַרויסגאַנג. איך גיי אים נאָך, הגם איך ווייס ניט וווהין ער פירט מיך. וואָס איז מיר דען פאַר אַ חילוק וווהין ער גייט. ערגעץ וועלן מיר דאָך אָנקומען, וועלן מיר זען שפּע־טער וואָס מען האָט ווייטער צו טאָן. באַלד אָבער קומט דער צווייטער „ייִדישער" סיורפּריז פון מיין אַריינפאָר קיין ניו־יאָרק. דער נעגער מיטן וועגעלע גייט אַרויס דורך אַ טיר און איך נאָך אים. ער וויל מיך פירן ווייטער צום אַרויסגאַנג ווו מען קען נעמען אַן אָמניבוס אָדער אַ טאַקסי, אָבער אַ ייִדישלעכער שלום־עליכם שטעלט מיך אָפּ. איך קוק מיך צו — עס איז יעקב פּאַט און לעבן אים זיין פרוי. פון דער אַרומיקער פרעמדקייט גיט אויף מיר אַ שלאָג אַ ליבלעכע וואַרעמקייט, הגם אין דרויסן איז גוט

קאַלט. זיי זיינען מיך געקומען אָפּוואַרטן מיט זייער אויטאָמאָביל. ניו־יאָרק נעמט מיך אויף ייִדיש, טראַכט איך צו זיך אין דעם מאָמענט. בעסער האָב איך מיר נישט געקענט ווינטשן — הלוואי אויף ווייטער נישט ערגער! לעבן פּאַטן שטייט אונדזער היימישער מאַקסימאָ יאַגופּסקי, וואָס איז געקומען אָפּ־וואַרטן אַ גאַסט פון בוענאָס־איירעס, וואָס איז געפאָרן אין דעם זעלבן אַוויאָן וואָס איך. האָבן מיר שוין ייִדישע היימישקייט נישט נאָר פון די פּאַראיייניקטע שטאַטן, נאָר ייִדישע היימישקייט מיט אַן אַרגענטינער צושמעלץ. דאָס גע־פעלט מיר שוין אַוודאי. יאַגופּסקי גייט אַוועק זוכן זיין גאַסט און דאָס פּאָרפּאָלק פּאַט נעמט זיך מטפל זיין מיט מיר. ווייטער וועט עס שוין גיין אין דעם זעלבן נוסח פון סאַמע ייִדישער באַגעגעניש אין די ערשטע פּאָר שעה פון מיין זיין אין ניו־יאָרק.

איך בין געקומען זען ניו־יאָרק; מיינע מכניסי אורחים ווילן וויסן וואָס הערט זיך אין בוענאָס איירעס. מיר פאָרן מיט זייער אויטאָמאָביל פון איידל־ווייִלד קיין ניו־יאָרק און זיי הערן נישט אויף זיך אויסצופרעגן אויף פריינט, ווילן וויסן פון דעם און פון יענעם און וואָס הערט זיך בכלל אין אַרגענטינע, ווי האַלט עס מיט ייִדן און צי איז טאַקע אמת דאָס וואָס די בלעטער שרייבן. דערווייל דערמאָנט זיך פּרוי פּאַט אַז עס איז ערב פסח און זיי „באַשטעלן" מיך שוין באַצייטנס צום דריטן סדר פונעם אַרבעטער־רינג וואָס דאַרף פאָרקומען מיט עטלעכע טעג שפּעטער. צווישן אַנדערע זאַכן פון דער ייִדישער ניו־יאָרק מעלדן זיי מיר וועגן דער אויסשטעלונג „ווילנע" וואָס קומט פּאָר אין „ייִוואָ", וועלכע מיר וועלן צופאָרן באַזוכן טאַקע באַלד, אין אַ שעה אַרום. פאַר אַן אָנהייב — טראַכט איך צו מיר — איז דאָס אַ גאַנץ גוטער „ייִדישער" אָנהייב אין ניו־יאָרק — הלוואי אויף ווייטער נישט ערגער.

אין האָטעל, ווערט דער „ייִדישער קורס" פון מיין ערשטן אַריינפאָר פאָרגעזעצט. עס קלינגט באַלד אָן שעפנער און גיט מיר אָפּ אַ ברייטן שלום עליכם אין זיין געשמאַקן לאָדזשער ייִדיש. ער באַשטעלט זיך שוין מיט מיר אויף מאָרגן אין „פאָרווערטס". מען פאַרבינדט מיך מיט באַשעוויסן און ווידער דערהערט מען אַ היימישע שטים דורכן טעלעפאָן. מען קלינגט אָן נאָך צו אַ פּאָר חברים און זיי דערפרייען זיך. עס קומט שלמה סיימאָן און מיר דערפרייען זיך ביידע, גלייך מיר וואָלטן זיך געקענט פערזענלעך שוין

פון יאָרן. דאָס איז אַ דערמוטיקונג פאַר איינעם וואָס קומט אָן דאָס ערשטע מאָל קיין ניו־יאָרק. איך וויל דערביי באַמערקן, אַז דער דאָזיקער „ייִדישער קורס" האָט זיך פאַר מיר מאַניפעסטירט נישט נאָר אין יענע אַספּעקטן פון מיין אַריינפאָר, ווי דאָס דאָזיקע איז אין אַ גרויסער מאָס געווען צוגעגרייט. עס האָט אויך פּאַסירט ספּאָנטאַן. אויף מיין ערשטן שפּאַציר איבער בראָדוויי, צווישן דער 72סטער און 86סטער גאַס, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביי פאַרשידענע געשעפטן, פאַרפירט געשפּרעכן און אומעטום האָט מען צו מיר גערעדט מאַמע־לשון. דער גרעסטער טייל האָבן גערעדט אַ גאַנץ גוטן ייִדיש. די דאָזיקע באַגעגענישן האָבן אַרויסגערופן ביי מיר מחשבות. פון קאָלעגן האָב איך מיך דערוווּסט אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען נאָך דאָ אַרום אַנדערטהאַלבן מיליאָן ייִדיש רעדנדיקע ייִדן. פאַר וואָס־זשע, פרעגט זיך, האַלט עס אַזוי שמאָל מיט ייִדיש? נו, דאָס איז אַ ענין וואָס דאַרף באַ־האַנדלט ווערן ספּעציעל, ווייל ער איז נישט אַזוי פּשוט ווי מען מיינט.

אַלזאָ: מיינע ערשטע גאַסטגעבער — דאָס סימפּאַטישע פּאָרפאָלק פּאַט — שמידן דאָס פײַער „כל זמן עס איז הייס". מיר גייען אַרײַן אין אַ קאַפע־טעריע און כאַפּן עפּעס איבער און פון דאָרט — גלייך צום „ייִוואָ" זען די אויסשטעלונג וועגן ווילנע. איך בין מיך מודה, אַז דאָס הויז פונעם „ייִוואָ" איז פאַר מיר געווען אַן אמתע איבערראַשונג. איך האָב געוווּסט אַז דער „ייִוואָ" האָט אַן אייגן הויז, אָבער עס איז מיר ניט איינגעפאַלן אַז איך וועל טרעפן אַזאַ פּרעכטיקע היים. דאָס הויז געפינט זיך אַ שפּאַן פון דער פינפטער עוועניו און פונעם צענטראַל־פּאַרק, איינע פון די עלעגאַנטסטע געגנטן פון ניו־יאָרק. שוין דער אַריינגאַנג אַליין אימפּאָנירט, דאָס אָבער איז ערשט דער איינדרוק פון אַ קורצן באַזוך. עס וועט נאָך אויסקומען צו באַזוכן דעם „ייִוואָ" און די אויסשטעלונג און צו זען אַלץ אויספירלעכער. עס וועט אויס־קומען צו באַזוכן דעם קולטור־קאָנגרעס און דאָס אַטראַן־הויז, וואָס זיינען היינט צו טאָג יענע פּאָזיציעס אויף וועלכע עס ווערט געקעמפט פאַרן קיום פון ייִדיש.

**
*

דאָס וואָס איך האָב ביז איצט דערציילט איז אַ קורצער סך־הכל פון דעם ערשטן האַלבן טאָג אין ניו־יאָרק. פון דעם וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט אין די ערשטע עטלעכע שעה, קומט אויס אַז געפּאָרן בין איך קיין ניו־יאָרק און אַריינגעפאַלן בין איך קיין... ביאַליסטאָק און ווילנע. וואַרשיינלעך וועט עס אַזוי נישט גיין כסדר אין דעם דאָזיקן היימיש־ייִדישן נוסח, טראַכט איך צו זיך בשעת מעשה און איך האָב געהאַט די געלעגנהייט עס פעסטצושטעלן באַלד פון מיין ערשטן באַזוך אין דעם באַרימטן רעפאָרם־טעמפּל „עמנואל". געווען איז דאָס דעם ערשטן טאָג פּסח בעת דעם פרי־מאָרגן־גאָטעסדינסט. די רעפאָרם־ייִדישקייט איז אַ זייער וויכטיקער באַשטאַנדטייל פונעם ייִדישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער ווי ווייט זי איז פון אונדזער היימישער ייִדישקייט דווקא אין אירע רעליגיעזע מאַניפעסטאַציעס! אַ נישט־פרומער, האָט מיך פון דעסט וועגן שאָקירט ווען איך האָב געזען אַז דער וואָס האָט געלייענט די תורה איז געגאַנגען בגילוי ראש — אָן אַ היטל. דער גאַנצער נוסח און די פאָרעם פון זייער רעליגיעזער ייִדישקייט זעט אויס אין אונדזערע אויגן ווי אַ פרעמדע זאַך און דאָך מוז מען זיך רעכענען דערמיט ווי מיט אַ וויכטיקן באַשטאַנדטייל פון דעם ייִדיש לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אויך אַנדערע ווייטערדיקע באַגעגענישן האָבן מיר דערציילט אַז מיין ערשטער „ייִדישער" אַריינפאָר קיין ניו־יאָרק איז געווען בלויז אַ גוטער צופאַל און נישט קיין פולער אויסדרוק פון דעם וואָס עס קומט פאָר אין דעם ייִדישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דער וואָס וועט וועלן לייקענען אַז אויפן געביט פון ייִדיש לעבן אויף ייִדיש קומט פאָר אַ גרויסע ירידה אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועט זינדיקן מיט פאַלשן און געקינצלטן אָפּטימיזם. דאָס איז אַ פאַקט וועלכן קיינער קאָן נישט לייקענען, הגם די ייִדישע שפּראַך האָט געוווּנען וויכטיקע פּאָזיציעס אין די נאָרד־אַמעריקאַנער שולן. עס גייט אָבער ניט אין דעם וואָס די ייִדישע שפּראַך איז געוואָרן אַ מיוחסת אין די „הויכע פענצטער" און זי ווערט געלערנט ווי אַ קעגנשטאַנד. עס גייט אין דעם וואָס זי האָט פאַרלוירן אַ סך פּאָזיציעס אַלס טאָג־טעגלעכע אומגאַנגס־שפּראַך און דאָס האָט נישט אינגאַנצן פּאַסירט ווייל עס האָט אַזוי געמוזט פּאַסירן, נאָר אין אַ גרויסער

מאָס צוליב נאַכלעסיקייט און נאָכגיביקייט. וועגן דעם דאָזיקן ענין וועט אונדז אויסקומען צו ריידן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

דאָס זיינען געווען, אַזוי צו זאָגן די ערשטע איינדרוקן. שפּעטער האָב איך פעסטגעשטעלט אַז דאָס וועלן שאַצן דאָס יידישע לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן און די צוקונפט דערפון אויף דער באַזע פונעם מצב פון יידיש אָדער פון יידישער קולטור אין יידיש, איז אַן אַבסאָלוט פאַלשער צוגאַנג. יידיש לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז קודם־כל אַ מאַסן דערשיינונג און אַ פּראָצעס אין ווערן. אויב די יידישע שפּראַך, וואָס איז געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פונעם יידישן לעבן פאַר די לעצטע הונדערט יאָר מאַכט דאָ דורך אַ ירידה, איז דאָס ניט מער ווי איין אַספּעקט פון די עליות און ירידות וואָס דאָס דאָזיקע נייע לעבן אין ווערן מאַכט דורך. יידיש לעבן אין אַן ענין וואָס האָט אַסך טיפע וואָרצלען אין אַ טויזנט־יעריקן באָדן און שפּראַך איז נישט דער איינציקער באַדינג פאַר דעם קיום דערפון. עס איז נאָר אַ פּראַגע וואָס פאַר אַ פּנים דער דאָזיקער קיום וועט האָבן, אין וואָס און ווי אַזוי וועט ער זיך אויסדריקן. אין דעם זין, מאַכט דאָס יידישע לעבן אויף יידיש דורך אַ טיפע דראַמע אין דעם דאָזיקן גרעסטן יידישן ישוב אויף דער וועלט היינט צו טאָג. און די דאָזיקע דראַמע איז נאָך טיפער דערפאַר, וואָס אַלע ווייסן אַז דער רוב מנין פון דעם היינטיקן ישוב אין די פּאַראייניקטע שטאַטן שטאַמט פון מזרח־אייראָפּע, ווו יידיש לעבן האָט זיך גענערט און האָט זיך אַנטוויקלט מיט דער הילף פון דער יידישער שפּראַך, וואָס איז געוואָרן די שפּראַך פון אַ רייך און קאָלירפול קולטור־פאַרמעגן. די ווירקלעכקייט איז אָבער שטאַרקער און די דאָזיקע ווירקלעכקייט האָט געפירט צו דעם אַז די צוקונפט פונעם יידישן לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן זאָל זיך אָנשפּאַרן אויף גאַנץ אַנדערע פאַקטאָרן ווי די וואָס האָבן געווירקט אין די אַלטע יידישע ישובים פון מזרח־אייראָפּע, ווו יידיש איז געווען די טאָג־טעגלעכע אומגאַנגס־שפּראַך פון די יידישע מאַסן.

אין אונדזער שפּאַציר איבער די וועגן פונעם יידישן לעבן אין יענעם גרויסן לאַנד וועט אונדז אויסקומען צו באַרירן די דאָזיקע פאַקטאָרן און אַספּעקטן. דערווייל אָבער געפינען מיר זיך אין דעם ערשטן טאָג פון אונ־

דזער אָנקומען קיין ניו־יאָרק און דער גורל האָט געוואָלט אַז דווקא דער ערשטער טאָג מיינער אין דער גרויסער מעטראָפּאָליע זאָל זיין אַ טאָג פון טיפע יידישע איבערלעבונגען. אַ גרויסן חלק אין דעם האָט דאָס פאַר־פאָלק פאַט און מיר פאַרשרייבן עס אויף זייער חשבון ווי דעם ערשטן פּליוס פון אונדזער באַזוך.

# פסח אין ניו־יאָרק

עפּעס ווי די השגחה אַליין וואָלט זיך געוועט גערעכנט אַז דער „יידישער" קורס פון מיין אָנקומען קיין ניו־יאָרק זאָל האָבן אַ פאַרזעצונג. און פּאַסירט האָט עס, ווייל איך בין אָנגעקומען צוויי טעג פאַר פּסח און דאָס האָט מיר געגעבן די געלעגנהייט צו זען און פילן די השפּעה פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער יידישקייט. איך זאָג נאָרד־אַמעריקאַנער יידישקייט נישט צופעליק, ווייל טאַקע וועגן דעם האַנדלט זיך עס. קיינער ווייסט איצט נישט וואָס פאַר אַ שיטה פון יידישקייט עס וועט זיגן אין דעם לעבן פון די נאָרד־אַמעריקאַנער יידן — און שיטות און נוסחאות געפינט מען דאָ אַסך, — אָבער איין זאַך איז זיכער: די נאָרד־אַמעריקאַנער יידן מאַניפעסטירן זייער יידישקייט — פון וואָס פאַר אַ נוסח זי זאָל ניט זיין — עפנטלעך און מיט אַ מערקווירדיקן שטאָלץ. און די דאָזיקע יידישקייט־מאַניפעסטאַציע קומט צום אויסדרוק נישט נאָר אין ברוקלין, איסט־בראָדוויי און בראָנקס — געגנטן ווו עס וווינען אַ סך יידן — נאָר אומעטום, ווו איר גייט און שטייט. פון הונדערטער שויפענצטער אויף סאָמע בראָדוויי, צווישן דער 72סטער און 86סטער גאַס, פּראָקלאַמירט מען די כשרות מיט ריזיקע יידישע אותיות. דאָס וואָרט „כשר" איז ווי געוואָרן דער קענצייכן, דער עמבלעם פון דער יידישער אָנוועזנהייט אין דער דאָזיקער ריזיקער שטאָט פון קאָלאָסאַלע וואָלקנקראַצערס, מיילן־לאַנגע גאַסן, איבער וועלכע עס זידט מיט אַ פאַרקער פון הונדערטער טויזנטער אויטאָמאָבילן, אויטאָבוסן און מענטשן, מענטשן — כחול הים. עס פילט זיך די יידישע אָנוועזנהייט אין ניו־יאָרק, אין די געשעפטן, אין די אונטערערד־באַנען, אין די סופּער־מאַרקעטן, אין די אויטאָבוסן — און ווו

נישט? איך וועל מסתמא נישט איבערטרייבן ווען איך וועל זאָגן, אַז די מערהייט מענטשן צו וועלכע איך האָב זיך געווענדט מיט אַ פֿראַגע אין דער „סאָבוועי״ אָדער סתם אין גאַס, האָבן געוווּסט צו ענטפֿערן מיר אויף ייִדיש, אָפּטמאָל אַ צעבראָכענעם, פֿאַרענגלישטן ייִדיש — אָבער אויף ייִדיש.

אויף טריט און שריט האָט מען געפֿילט דעם ערב פּסח און דערנאָך דעם פּסח גופֿא. מיט וועמען איך האָט גערעדט, האָט ער איך געגעבן אָנצו־הערן אַז ער גרייט זיך צו פּסח. און אויסגעקומען צו רעדן איז מיר דווקא אַ ממערסטן נישט מיט רעליגיעזע, פֿרומע אָדער דאָס וואָס מען רופֿט טראַדי־ציאָנעלע ייִדן. על פּי רוב האָט זיך דאָס געהאַנדלט וועגן וועלטלעכע ייִדן. די פּרוי פֿאַט האָט מיר ביי דער סאַמע ערשטער באַגעגעניש געגעבן אָנצו־הערן, אַז עס איז „ערב יום־טוב״. דאָס אַטראַן־הויז, אַ ייִדישע וועלטלעכע אינסטיטוציע, די היים ממש פֿון דער וועלטלעכער ייִדישקייט אין ניו־יאָרק, איז די ערשטע צוויי טעג פּסח געווען געשלאָסן. צופֿעליק האָב איך דאָרט געטראָפֿן איסר גאָלדבערג, דעם „אַמבאַסאַדאָר״ און ריטער פֿונעם ייִדישן בוך אין ניו־יאָרק, וועלכער האָט זיך איבער מיר דערפֿרייט און אָפּגענומען אַ גרוס פֿון אַרגענטינע. פֿון אַנדערע אינסטיטוציעס, רעליגיעזע אָדער ייִדיש־טראַדיציאָנעלע, איז דאָך אָפּגערעדט, אַז פּסח איז ביי זיי געווען פּסח. דער עיקר אָבער איז ווי דער פּסח האָט זיך געמערקט און געפֿילט ספּאָנטאַן — איך וואָלט געזאָגט נאַטירלעך — אין דעם עפֿנטלעכן לעבן פֿון ניו־יאָרק. אין די קאַפֿעטעריעס, אין די אויטאָמאַטישע רעסטאָראַנען, אין די זעלבסט־באַדינערישע רעסטאָראַנען, קאָנט איר ניט אויסמײַדן דעם ייִדישן מאָמענט. צווישן אַנדערע אַמעריקאַנער מאכלים באַקומט איר מצה, געפֿילטע פֿיש, יויך מיט קניידלעך, יויך מיט מצה־פֿאַרפֿל. אין אַ גרויסן רעסטאָראַן אויף בראָדוויי און 72סטע גאַס, ווו דער עולם באַדינט זיך אַליין, האָב איך געזען צענדליקער מענער און פֿרויען עסן מצה אין די טעג פֿון פּסח און דאָס איז נישט קיין ספּעציפֿיש ייִדישער רעסטאָראַן. פֿון ייִדישע רעסטאָראַנען איז דאָך אָפּגערעדט אַז פּסח איז דאָרט — פּסחדיק.

לויט מײַן אײַנדרוק, דאַרף מען דאָס אַלץ נישט באַטראַכטן ווי קיין אויס־דרוק פֿון פֿרומקייט אָדער רעליגיאָזיטעט אין טיפֿן זינען פֿון וואָרט. עס איז מאַניפֿעסטאַציע, ייִדישע מאַניפֿעסטאַציע, וואָס קומט צום אויסדרוק

שטאָלץ, ווירדיק. ייִדן און ייִדישקייט זיינען אַ טייל פון דעם אַמעריקאַנער לעבן, ווו אַלץ איז דעמאָקראַטיש און פּלוראַל, — דאָס הייסט פּילצאָליק, פאַרשידנאַרטיק. אַפילו די פיזיאָנאָמיעס פון די מענטשן, וואָס איר זעט אויף די גאַסן, אין די „סאָבוועיס", אין די אויטאָבוסן, זיינען דער אויסדרוק פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער פּלוראַליטעט. אינערגעץ זעט מען ניט אַזאַ רייכן אויסוואַל פון פיזיאָנאָמיעס ווי אין ניו־יאָרק און מסתמא אויך אין אַנדערע נאָרד־אַמעריקאַנער שטעט. איר זעט פון קויל־שוואַרצע, וויינינקער שוואַרצע, ברוינע, שאַטענע, טונקל־בלאָנדע ביז העל־בלאָנדע מענטשן. דאָס שענסטע פון דער דאָזיקער פּלוראַליטעט זיינען די גרופּעס שול־קינדער, וואָס מען זעט אויף די גאַסן וואָס זעען אויס ווי אמתע בוקעטן פרישע בלומען פון אַלערליי קאָלירן. אין סענטראַל־פּאַרק האָב איך געזען דורכגיין אַזאַ גרופּע קינדער פון שיינעם געשלעכט און דאָ איז ביי מיר געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון דער פיזיאָנאָמיע־פּלוראַליטעט פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק. ייִדן זיינען אַ טייל פון דער דאָזיקער פּלוראַליטעט, וואָס קומט אויך צום אויסדרוק אין רעליגיעזן, גייסטיקן און אינטעלעקטועלן זין. מערקט מען דעם ייִדישן נוסח דורך פאַרשידענע עפּנטלעכע דערשיינונגען, נישט ווי עפּעס אַן עקזאָטישע זאַך, נאָר ווי איין נאָטע פון אַ גאַנצער סימפאָניע, אָדער ווי איין שטריך פון אַן אַלגעמיינעם בילד. דער נישט־ייִד פון ניו־יאָרק איז נישט מחויב צו האַלטן פון דעם ייִדישן פּסח, אָבער די אַלגעמיינע שטימונג, דער דעמאָקראַטישער סדר פונעם לעבן האָט דערצויגן דעם היגן בירגער צו באַציִען זיך צו דער אַנדערשקייט פון זיין מיטבירגער מיט דער פולסטער טאָלעראַנץ און מיט רעספּעקט. ייִדן אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווייסן דאָס, פילן דאָס און זיי קווענקלען זיך נישט צו מאַניפעסטירן זייער ייִדישקייט אָפן, פריי און מיט אַ סך ווירדע.

איך האָב אין די ערשטע טעג באַוויזן צו באַזוכן פאַרשידענע סינאַגאָגעס און צו באַקענען זיך פון דער נאָענט מיט די פאַרשיידענע נוסחאות און שטרעמונגען פון דער רעליגיעזער און אַזוי געראופענער טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט.

פון דעם אַלעמען קומט מען צום אויספיר אַז מען פילט דאָס ייִדישע לעבן אין ניו־יאָרק. נישט אַלץ איז אין דעם זין פּערפעקט, אָבער עס איז נאָך

נישט קיין פאַרענדיקטע זאַך. עס איז אַ זאַך אין ווערן. איין זאַך איז אָבער קלאָר: אין די פאַראייניקטע שטאַטן קלאַפּט דער שטאַרקער פּולס פונעם יידישן וועלט־לעבן.

***

צו די וויכטיקסטע מאַניפעסטאַציעס פון דעם יידישן וועלטלעכן קולטור־לעבן געהערן מסתמא די דריטע סדרים וואָס מען פראַוועט אין ניו־יאָרק. איך בין בייגעווען ביי דעם דריטן סדר סיי פונעם אַרבעטער־רינג און סיי פונעם הסתדרות־קאַמפּיין, וואָס איז אין ניו־יאָרק אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַ פאַר־צווייגטער טעטיקייט, סיי פון פּראַקטישן און סיי פון קולטור־כאַראַקטער. איך מוז מיך מודה זיין אַז ביידע סדרים האָבן אויף מיר געמאַכט אַן איינ־דרוק, סיי מיט זייער פאַרנעם און סיי מיט זייער עסטעטישן און גייסטיקן אינהאַלט. עס פעלן נישט אין ניו־יאָרק קיין סדרים ווי גאָט האָט געבאָטן. אַזעלכע סדרים ווערן געפּראַוועט אין טויזנטער יידישע היימען, אין אָרטאָ־דאָקסישע, קאָנסערוואַטיווע און סתם טראַדיציאָנעלע, און אַפילו ביי די רעפאָרם־יידן. אָבער אין דעם פאַל פון די דריטע סדרים האַנדלט זיך וועגן גאָר עפּעס אַנדערש: עס האַנדלט זיך וועגן דעם גערעאַנגל פון דער וועלטלע־כער יידישקייט צו געפינען אַ סינטעז צווישן דער פאַרגאַנגענהייט און דער קעגנוואַרט (און אייניקע פּרעטענדירן אַפילו צו טאָן דערמיט עפּעס פאַר דער צוקונפט)). פאַר אַן אונדזעריקן, אַ תושב פון בוענאָס איירעס, איז דער דריטער סדר נישט קיין נאָווינע, אָבער מען מוז מודה זיין אַז די דריטע סדרים וואָס ווערן אין ניו־יאָרק געפּראַוועט פון די אויבן דערמאָנטע יידישע וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס, זיינען קולטור־ און קונסט־אונטערנעמונגען פון גאָר גרויסן פאַרנעם און פון אַן אויסערגעוויינלעכן הויכן ניוואָ.

קודם־כל דאַרף מען געדענקען אַז ביידע סדרים זיינען פאָרגעקומען אין דעם גרויסן באַנקעטן־סאַלאָן פון דעם באַרימטן האָטעל וואַלדאָרף אַסטאָריאַ. דאָס איז דער גרעסטער האָטעל פון ניו־יאָרק, ווו עס ווערן דורכגעפירט גרויסע פאַרזאַמלונגען און אויפנאַמעס פון אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. טרעפלעך האָט באַמערקט דער ד״ר שלמה ביקל, וואָס איז בייגעווען דעם סדר פון אַרבעטער־רינג, אין אַ געשפּרעך מיטן שרייבער פון די שורות:

דאָס איז דאָס פּלאַץ פון מלכים ורוזנים (קעניגן און פירשטן). און ער האָט ווירקלעך עפּעס אין זיך פון קעניגלעכן גלאַנץ און פּאַרנעם, דער דאָזיקער ריזיקער האָטעל פון פּאַרק עווענין, איינע פון די צענטראַלסטע גאַסן פון ניו־יאָרק. איז אָט אין דעם דאָזיקן האָטעל זיינען פאָרגעקומעןביידע דריטע סדרים (דער סדר פון דער הסתדרות איז פאָרגעקומען אין צוויי האָטעלן, אין וואַלדאָרף אַסטאָריאַ און אין „קאָמאָדאָר״, ווייל דער עולם האָט נישט גע־קענט אַריין אין איין סאַלאָן). נו, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז דאָס פּלאַץ אַליין שאַפט שוין די ראַם צום בילד, אָבער דאָס בילד אַליין, דאָס הייסט די סדרים, איז מיט גאָרנישט אָפּגעשטאַנען און האָט נישט פאַרשעמט די ראַם.

מיר וועלן אָנהייבן מיטן דריטן סדר פונעם אַרבעטער־רינג, ווייל ער איז פאָרגעקומען מיט אַ טאָג פריער, דעם 15טן אַפּריל. יעקב פּאַט, ב. שעפּ־נער און נ. כאַנין האָבן זיך שוין געזאָרגט אַז איך זאָל האָבן אַ „טיקעט״ (אַ בילעט) און מיין פּלאַץ איז טאַקע געווען ביים טיש פונעם ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט, ווו עס זיינען געזעסן פּאַט מיט דער פרוי, ד״ר קיסמאַן מיט דער פרוי, טאַבאַטשינסקי און אַנדערע באַקאַנטע פיגורן. לעבן אונדזער טיש האָט זיך געפונען דער טיש ווו עס איז געזעסן די עליטע פון דעם ייִדישן געשרי־בענעם וואָרט אין ניו־יאָרק: ד״ר שלמה ביקל, יעקב גלאַטשטיין, גלאַנץ־לעיעלעס, א. אַלפּערין, ברוך שעפנער, דער דיכטער ביאַלאָסטאָצקי און אַנדערע באַקאַנטע פיגורן פון דער ייִדישער פּרעסע. די פּראָגראַם איז געווען מיט אויסגעשפּראָכן דערציִערישע צילן און אויסגעפירט געוואָרן איז זי פון די תלמידים פון דער מיטלשול פונעם אַרבעטער־רינג אונטער דער אָנפי־רונג און רעזשי פון ישראל וועליטשאַנסקי. מיטן אָרקעסטער און מיטן כאָר האָט אָנגעפירט מיכל געלבאַרט, וועלכער האָט אויך צוגעפּאַסט די מוזיק. אַלס פּראָפעסיאָנעלע סאָליסטן־זינגער האָבן זיך בלויז באַטייליקט סידאָר בעלאַרסקי און מאַשאַ בעניאַ און אין קאָרעגראַפישן טייל יהודית בערג און פעליקס פיביך. אין אַלעם איבעריקן, אויפן געביט פון געזאַנג, טענץ, פאָר־לעזונגען און דעקלאַמאַציעס האָבן אַקטויִרט די תלמידים פון דער מיטלשול פונעם אַרבעטער־רינג און מען מוז מודה זיין אַז זיי זיינען געווען אויסגע־צייכנט. ווען איך ווייס נישט אַז זיי זיינען אַמאַטאָרן, וואָלט איך געמיינט, אַז זיי זיינען פּראָפעסיאָנעלע קינסטלער.

וועלן דאָס סקעפּטיקער פרעגן: וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער אַרבע־טער־רינג מיט אַ דריטן סדר? דאָס איז דאָך אַ סאָציאַליסטישע, פּראָטער־נאַלע אָרגאַניזאַציע, איז וואָס קען זי אונדז לאָזן הערן אויפן געביט פון פּסח? איז דער ענטפער: פרייהייט. פּסח איז דער יום־טוב פון פרייהייט און דאָס שלאָגוואָרט פון אַרבעטער־רינג איז געווען און איז פרייהייט; קאַמף פאַר דער מענטשלעכער ווערדע און מענטשלעכער פרייהייט. האָט זיך טאַקע דער דאָזיקער פרייהייט־מאָטיוו געצויגן ווי אַ רויטער פאָדעם דורך דער גאַנצער פּראָגראַם, וועלכע איז געווען גוט קאָאָרדינירט און האַרמאָניש און האָט געווירקט קינסטלעריש און עסטעטיש. סידאָר בעלאַרסקי איז דאָך נישט שייך צו רעקאָמענדירן. אויך מאַשאַ בעניאַ איז אַ סאָפּראַנאָ מיט אַ נישט־הויכער אָבער אָנגענעמער שטימע. דער נאַראַטאָר, ישראל וועליטשאַנ־סקי, וואָס האָט אויך אָנגעפירט און רעזשיסירט די פּראָגראַם, האָט געפירט דעם אָוונט ווי אַ גוטער קאַפּיטאַן די שיף. אין סך־הכל איז דאָס געווען אַן אָוונט פון זייער אַ הויכן קינסטלערישן ניוואָ און ער האָט דערגאַנצט דעם טיפן איינדרוק, וואָס מען באַקומט פון דעם אימפּאָזאַנטן אַרום און פון דעם פּובליקום, וואָס האָט איבערגעפולט דעם גרויסאַרטיקן סאַלאָן פונעם וואַל־דאָרף אַסטאָריאַ. עס איז באמת געווען אַן אָוונט וואָס האָט געלאָזט אַ טיפן רושם און די רעקאָמענדאַציע פון די וואָס האָבן מיר פון פאָרויס פאָרגע־שטעלט די סדרים פונעם אַרבעטער־רינג ווי וויכטיקע קולטור־געשעענישן, איז נישט געווען איבערגעטריבן אויף קיין האָר.

דער דריטער סדר פונעם הסתדרות־קאַמפּיין איז פאָרגעקומען אויפן צווייטן טאָג אין דעם זעלביקן האָטעל און אַרומגערינגלט פון דער זעלבער אימפּאָזאַנטקייט און פייערלעכקייט.

דאָ אָבער האָט שוין דאָמינירט דער אויסגעשפּראָכן ישראלישער מאָ־מענט. דער לאָקאַלער טאָן איז דאָ געווען אויף אַזוי פיל, אויף וויפל מען האָט די נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדן געגעבן אָנצוהערן וועגן דער וויכטיקייט פון מדינת ישראל און נאָך גרעסערער וויכטיקייט פון זייער הילף און שטיצע פאַר דער מדינה. דער דריטער סדר פון דעם הסתדרות־קאַמפּיין איז דאָס מאָל געווען געווידמעט דעם גאָלדענעם יובל פון דגניה און די „הגדה" איז באַשטאַנען פון אַ פּרעכטיקער אָראַטאָריע, צוזאַמענגעשטעלט פון דער באַ־

רימטער דיכטערן קאַדיע קאָלאָדאָווסקי, סצעניזירט און רעזשיסירט פון צבי סקולער. די טענץ זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פון בעל דידזשאַ און די מוזיק האָט צוגעפּאַסט שמואל פערשקאָ. סידאָר בעלאַרסקי האָט געמאַכט קידוש און געזונגען עטלעכע פּרעכטיקע נומערן. די רעדנערישע טייל איז געווען אַ ביסל אַ צו לאַנגע וועדליק פאַר אַזאַ אָוונט, אָבער מען דאַרף געדענקען, אַז צווישן די רעדנער זיינען געווען צביה לובעטקין און... דער גובערנאַטאָר פונעם שטאַט ניו־יאָרק, נעלסאָן ראָקעפעלער.

צביה לובעטקין האָט דערציילט וועגן דער גבורה פון די קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ און דער גובערנאַטאָר האָט געלויבט ייִדן און... מסתמא אין זינען געהאַט די נאָענטע פּרעזידענץ־וואַלן. עס מאַכט פון דעסטוועגן אַן איינדרוק ווען מען הערט רעדן פון איין זייט צביה לובעטקין און פון דער צווייטער זייט דעם גובערנאַטאָר ראָקעפעלער אויף אַ דריטן סדר אין האָטעל וואַלדאָרף אַסטאָריאַ, ווו עלעגאַנט־געקליידטע קעלנערס סערווירן אייך יויך מיט קניידלעך, כריין צו די געריכטן און ווו דער אָרקעסטער שפּילט די זעלבע פּאָפּורי, וואָס מען הערט ביי אונדז אין בוענאָס איירעס מיט „הבה נגילה" און אַנדערע ישראלישע און ייִדישע פּאָלקס־מאָטיוון. איר טראַכט זיך: ייִדן זיינען געשטיגן הויך, אָבער — זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך דאָס זיי־עריקע... עס שמעקן גוט די ייִדישע מאכלים אין וואַלדאָרף אַסטאָריאַ און עס קלינגען גוט די ייִדישע מאָטיוון. און וואָס שייך דעם קינסטלערישן ניוואָ פונעם ספּעקטאַקל, איז באמת נישט געווען מיט וואָס זיך צו שעמען. דער מאָטיוו פון חלוציות, פון קיבוץ, פונעם ישראל־אויפבוי האָט שטאָלץ אַ קלונג געטאָן אין סאַמע האַרץ פון דער רוישיקער און פאַרשלינגענדיקער נאָרד־אַמעריקאַנער מעטראָפּאָליע.

**
*

צוויי סדרים, צוויי ריכטונגען; אָבער ביידע דער אויסדרוק פון דעם מאָדערנעם ייִדן, וואָס זוכט אַן אינהאַלט אין זיין עבר, מיטן ציל ווייטער פאַר־צוזעצן זיין ייִדישן וועג אַרומגערינגלט פון אַזוי פיל לאָקנדיקע, נישט־ייִדי־שע פּייערלעך וואָס ווינקען צו אים, רופן אים, און ווילן אים אַוועקפירן אין אַ

זייט. ביי ביידע סדרים האָט אויך נישט געפעלט דער מאָמענט פון טרויער, ווען מען האָט דערמאָנט די זעקס מיליאָן קדושים. ווו האָט איר געזען אַ ייִדישע שמחה אָן טרויער? אָט אַזוי, צווישן אַ סך פרייד, גלאַנץ, רייכטום און אַ ביסעלע טרויער, האָבן עטלעכע טויזנט ייִדן זיך באַהעפט מיט אונדזער אַלטער טראַדיציע צו דערציילן וועגן יציאת מצרים...

# ייִדיש לעבן „נוסח אַמעריקע“

ייִדיש לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז נישט אַזאַ פּשוטער ענין ווי עס קען זיך איינעם אויסווייזן פון דער ווייטנס. אָפט מאָל דאַכט זיך אונדז, אַז פון דעם וואָס מיר לייענען אָדער הערן דערציילן, ווייסן מיר שוין וואָס דאָס ייִדישע לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן שטעלט מיט זיך פאָר. בדרך כלל איז אונדז דאָס ייִדישע לעבן פון דאָרט באַקאַנט בלויז דורך די נעמען פון די הויפּט־אָרגאַניזאַציעס וואָס שטייען בראש און פירן אָן מיט וויכטיקע סעקטאָרן פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדנטום. עס זיינען אונדז באַקאַנט די נעמען פון ייִדישע פירער, פון ייִדישע אינטעלעקטואַלן, געלערנטע און פּאָ־ליטיקער וואָס האָבן זיך אַרויסגערוקט אין פראָנט פון דעם דאָרטיקן ישוב. די נעמען פון אַ סך ייִדישע אָרגאַניזאַציעס פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדנ־טום קלינגען פאַר אונדז פרעמד אין זייער ענגלישן נוסח און מיר הייבן אַפילו נישט אָן צו וויסן זייער באַדייטונג, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער זיי טראָגן, וועלכע איז זייער אידעאָלאָגיע און אין וואָס באַשטייען זייערע צילן. צוליב געוויסע געשאַפענע אינטערעסן און טענדענצן רעדט מען אויס כל דבר אסור אויף ייִדישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס וואָס פאַרדינען אונדזער רעספּעקט און באַוווּנדערונג, און מען וויל אונדז איינרעדן וועגן אַנדערע אינסטיטו־ציעס, אַז זיי זיינען עס די אמתע פאָרשטייער פונעם ייִדישן ישוב און זיי שפּילן עס דאָרטן די גרענדע. אין דעם ליכט פון ענלעכע געשאַפענע אינטע־רעסן און טענדענצן איז אַנטשטאַנען אַ גאַנצע „ליטעראַטור“ פון פּעסימיזם און אָפּטימיזם בנוגע די אויסזיכטן פונעם ייִדישן לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. איניקע דערגייען אין זייער פּעסימיזם ביז צו אַזעלכע אַבסורדן אַז

מען קען מיינען, אַז דאָס ייִדישע לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן האַלט שוין ביים אויסהויכן דעם לעצטן אָטעם, רחמנא ליצלן. מען שטייט מיטן פּעדערל ביי דער נאָז און מען פּרוּווט צו דערגיין צי דער חולה „דעכעט נאָך". עס קומט אויס, אַז פונעם שטאַנדפּונקט פון „נצח ישראל" איז נעבעך אַ גאָטס רחמנות אויף די פינף מיט אַ האַלבן מיליאָן ייִדן וואָס לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, ווייל עס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג אַז זיי „גייען אונטער" אַלס ייִדן. ווער שמועסט אַז מען לייענט נאָך, אַז עפּעס אַ מטורפדיקער געוועזענער פּלאָט־אָפיציר מיט נאַצישע אידייען, האָט דורכגעפירט אַ דעמאָנסטראַציע מיט אַ פּאָר צענדליק פון זיינע נאָכלויפער קעגן דעם ווייסן הויז אין וואַשינגטאָן, איז דאָס אַוודאי דער אמתער סימן אַז דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדנטום איז באַדראָט סיי פון אינעווייניק און סיי פון דרויסן.

איך וועל פּרוּוון געבן אַ געוויסע אָפּשאַצונג פון דעם ייִדישן לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אַזוי ווי איך האָב עס געזען און באַנומען אין דער קורצער צייט וואָס איך האָב דאָרט פאַרבראַכט. איך האָב פאַרבראַכט אין ניו־יאָרק, דער צענטראַלער ברענפּונקט פונעם ייִדישן לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, פינף וואָכן און האָב געפּרוּווט דערגיין עפּעס וועגן דעם כאַראַקטער און וועגן מצב פון דעם דאָרטיקן ייִדישן לעבן. פינף וואָכן איז נישט קיין סך צייט אויף צו קענען שטודירן גרינטלעך דאָס פּילזייטיקע און פאַרבנרייכע ייִדישע לעבן פון דעם דאָזיקן גרויסן ישוב. אָבער איך מיין אַז כ'האָב געזען גוט די „ראשי פּרקים" פון דעם דאָזיקן לעבן, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, און האָב מער־ווייניקער באַנומען דעם סובסטאַנציעלן כאַראַקטער דערפון. איך בין מיך מודה, אַז ווען איך האָב באַזוכט איניקע אינסטיטוציעס פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישן ישוב און זיך באַקענט מיט זייער פּאַרנעם, מיט זייער טיפן ייִדישן אינהאַלט און מיט זייער אַרבעט וואָס איז אויסגערעכנט אין טערמינען ממש פון געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו, האָב איך מיך דערמאָנט אין דער מעשה וואָס מען דערציילט פון יענער ייִדענע פון אַ קליין שטעטל ערגעץ אין דער געוועזענער צאַרישער רוסלאַנד.

די דאָזיקע מעשה פאַרמאָגט אין זיך אַ היפּש ביסל קאָמיזם, אָבער זי איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם ווי מען האָט אין ייִדישן לעבן געמאָסטן זאַכן און דערשיינונגען. מען דערציילט אַז אין אַ קליין שטעטל זיי

נען עטלעכע ייִדענעס געזעסן און געשמועסט צווישן זיך. דאָס איז געווען אין די צייטן, ווען משה מאָנטעפיאָרע האָט זיך משתדל געווען פאַר זיינע געפּלאָגטע ברידער פונעם צאַרישן תחום המושב. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט גערעדט איבערהויפּט פון משה מאָנטעפיאָרע, פון זיין עשירות פון דער גרויסער ראָלע, וואָס ער שפּילט און פון דעם כבוד וואָס מען האָט אים אָפּגעגעבן, ווען ער איז געקומען קיין רוסלאַנד, אין דעם סאַמע צאַרישן הויף. פאַרשטענדלעך אַז ייִדישע הערצער האָבן אָנגעקוואָלן, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט אַזעלכע גרויסע און באַרימטע מענטשן ווי אַ משה מאָנטעפיאָרע. אויסגעהערט די אַלע גליקן פון משה מאָנטעפיאָרע, גיט איין ייִדינע אַ זיפץ און רופט זיך אָן:

— וואָס קומט אים אָבער אַרויס פון דעם אַלעמען, אַז ער איז נעבעך פאַרוואָגלט „ערגעץ" אין אַ לאָנדאָן...

דער מוסר־השכל פון דער דאָזיקער מעשה איז אַ קלאָרער. ביי דער דאָזיקער ייִדענע איז אויסגעקומען אַז איר שטעטל אינעם רוסישן תחום המושב איז דער צענטער פון דער וועלט און אַז לאָנדאָן איז „ערגעץ" פאַרוואָרפן הינטער די הרי חושך. אָט די דאָזיקע פסיכאָלאָגיע פון דעם קליינעם ייִדישן שטעטל און פון דער ייִדענע פון יענעם שטעטל הויערט נאָך היפּש אין אונדזער אונטערבאַוווסטזיין ווען מיר קוקן אויף דעם ייִדישן ישוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אמת טאַקע, אַ גרויסער ישוב, אַ רייכער, מיט אַזוי פיל גרויסע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, מיט געלערנטע, אינטעלעקטואַלן און פּאָליטישע פירנדיקע פיגורן. וואָס אָבער קומט אים דערפון אַרויס אַז ער איז נעבעך „פאַרוואָגלט" ערגעץ אין די פאַראייניקטע שטאַטן און עס דראָט אים די סכנה פון אונטערגאַנג. איבערהויפּט האָט זיך אָנגענומען די דאָזיקע איינרעדעניש ביי די וואָס מיינען, אַז דער אַרגענטינער ייִדישער ישוב איז דאָס בעסטע וואָס דאָס ייִדישע פאָלק פאַרמאָגט איצט אין די תפוצות און אַז אין דער צייט וואָס ביי אונדז בליט אַלץ, איז דאָרט אַלץ דער סינאָנים פון ירידה און פון אונטערגאַנג.

אַזוי דענקען קענען נאָר די וואָס קוקן נישט אויפן ייִדישן ישוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון יענעם קוקווינקל, פון וועלכן מען דאַרף אויף אים קוקן. אויב מען וועט קוקן אויפן ייִדישן ישוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן

פונעם שטאַנדפונקט פון טיראַזש פון דער יידישער פּרעסע, מאַכט ער דורך אַ ירידה; אויב אָבער מען וועט אים באַטראַכטן פונעם קוקווינקל פון יידישן באַוווסטזיין בכלל, מאַכט ער דורך איין עליה נאָך דער אַנדערער. ביידע מאָסן זיינען אָבער נישט קיין ריכטיקע און אין בעסטן פאַל — רעלאַטיווע. צו דעם יידישן לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן דאַרף מען צוגיין מיט גאָר אַן אַנדער מאָס. אויב די געשיכטע בכלל און די יידישע געשיכטע בפרט באַשטייען פון תקופות, וואָס זיינען געקומען שטופנווייז און זיך אַריינגעוואָקסן איינע אין דער צווייטער דורך געוויסע אויסווירקונגען און השפעות, דאַרף דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער יידישע לעבן באַטראַכט ווערן ווי די אַמעריקאַנער תקופה אין דער יידישער געשיכטע. און תקופות, דאַרף מען געדענקען, ווערן נישט געבוירן איבער נאַכט און באַקומען נישט זייער ריכטיקן, דעפיניטיוון כאַראַקטער און זייער צורה אין געציילטע יאָרן. תקופות בילדן זיך אויס אונטער געוויסע אומשטענדן און באַדינגונגען און דאָס געדויערט אָפט מאָל גאַנצע יאָרהונדערטער. נאָר פון אַזאַ שטאַנדפּונקט קען מען באַנעמען און אָפּשאַצן די באַדייטונג פון דעם דאָזיקן ישוב און די ראָלע וואָס ער שפּילט און דאַרף שפּילן אין דער יידישער געשיכטע, מדינת ישראל אַריינגערעכנט.

ליידער פּאַסירט ביי אונדז אַז דעם יידישן ישוב אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, זעט מען ווי יענע צוויי יידן פון אַ קליין שטעטל האָבן געזען אָדעס. ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט אין שטעטל אַריין און מען האָט זיי געפרעגט ווי אָדעס זעט אויס? האָט איינער געוווסט צו דערציילן פון הוילע זינד, פּוסטקייט און אויסגעלאַסנקייט; און דער צווייטער האָט דערציילט פון הוילע פרומקייט, לומדות און הייליקייט. עס האָט דאָ פּאַסירט אַ פּשוטע זאַך: איינער איז געגאַנגען זוכן זינד און אויסגעלאַסנקייט און דער צווייטער האָט געזוכט פרומקייט און הייליקייט. די שטאָט אָבער, איר שיינקייט און פּראַכט האָבן זיי ביידע נישט געזען, זיי האָבן בלויז געזען דאָס וואָס זיי האָט אינטערעסירט. צוגיין מיט אַזאַ מאָס צום יידישן לעבן איר די פּאַראייניקטע שטאַטן, דאָס הייסט וועלן זען בלויז געוויסע דעטאַלן און לויט זיי משפּטן, איז דורכויס פאַלש און קליינשטעטלדיק. אַוודאי זיינען דעטאַלן וויכטיק, אָבער דאָס לייגן דעם טראָפּ צו פיל אויף פּרטים, שטערט אָפט מאָל צו זען דאָס

בילד פון אַ געהעריקער פּערספּעקטיוו. און דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדי־שע לעבן דאַרף מען באַטראַכטן פון אַ געוויסער פּערספּעקטיוו, בכדי צו באַ־קומען אַ ריכטיקן באַגריף וועגן דעם פּאַרנעם דערפון.

קודם־כל דאַרף מען געדענקען, אַז דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישע לעבן איז אַ פּלוראַליסטישע, פּילקאָלירקע דערשיינונג. עס איז פּונקט ווי דאָס אַלגעמיינע לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן: אַ מאָזאַיִק פון אַ סך קאָלירן און דערפאַר איז די געזעלשאַפטלעכע סטרוקטור דערפון אין גאַנצן אַנדערש ווי ביי אונדז. אָט, צום ביישפּיל, איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַראַן אַ באַוועגונג צו שאַפן אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל פאַר־טרעטן דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדנטום כלפּי חוץ, און גוט באַהאַוונטע מענטשן, וואָס שטייען אין שפּיץ פון גרויסע אָרגאַניזאַציעס, האָבן מיר גע־זאָגט, אַז דאָס וועט קיין מאָל נישט דערגרייכט ווערן פשוט ווייל מען דאַרף דאָס נישט. נאָך מער, האָבן זיי באַטאָנט, עס איז קעגן דעם אַמעריקאַנער גייסט בכלל. אין אַמעריקע איז מען קעגן צענטראַליזם און די סטרוקטור פונעם אַמעריקאַנער לעבן איז געבויט אויף פּלוראַליזם. ייִדן אין אַמעריקע, האָבן זיי מיר געזאָגט, דאַרף מען פאַר קיינעם נישט פאַרטרעטן, ווייל זיי זיינען אַ טייל פונעם אַמעריקאַנער לעבן. דערפאַר טאַקע איז אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן נישטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ קהילה. עס זיינען פאַראַן צענדליקער אָרגאַניזאַציעס, וואָס דערפילן די אויפגאַבן פון אַ קהילה, אָבער קיין קהילות זיינען דאָס נישט. זיי זיינען פּראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, קאָנגרעגאַציעס, אָדער געזעלשאַפטלעכע קלובן און וואָס נאָר איר ווילט, אָבער, נאָר נישט קיין קהילות. מען האָט צוריק מיט יאָרן געפּרווט שאַפן אַ קהילה און דער פּרווו האָט זיך נישט איינגעגעבן, ווייל עס איז קעגן דער איינשטעלונג פון דעם לעבן אין אַלגעמיין אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען פאַראַן צענדליקער ישיבות, אָבער זיי זיינען ייִדישע אַמע־ריקאַנער לערן־אַנשטאַלטן, דאָס הייסט, אַ טייל פון דעם גאַנצן אַמעריקאַ־נער דערציִונגס־געביט. אין ניו־יאָרק איז פאַראַן אַן אוניווערסיטעט, וואָס הייסט „ישיבה־אוניווערסיטעט", אויפן נאָמען פון ר' יצחק אלחנן ז"ל. אין טעאָלאָגישן סעמינאַר פאַר רבנים און לערערס נעמט מען נישט אַריין קיין אַספּיראַנט, אויב ער האָט נישט קיין אַלגעמיינע אוניווערסיטעט־בילדונג.

דער גרעסטער טייל פון די ישיבה־בחורים אין די ישיבות, זיינען יונגע לייט מיט הויכער אַלגעמיינער בילדונג. דאָס איז אַ נייער נוסח יידיש לעבן, עס איז — נוסח אַמעריקע. די דאָזיקע יונגעלייט אָדער דער גרעסטער טייל פון זיי, רעדן פונקט אַזוי גוט יידיש אָדער העברעיש ווי ענגליש. צי וועט דער צוקונפטיקער גייסטיקער פירער זיין אַן אָרטאָדאָקסישער, אַ קאָנסער־וואַטיווער אָדער אַ רעפאָרם־ראַבינער, מוז ער אויך זיין אַ מענטש מיט אַל־געמיינער בילדונג און מיט פאַרשטענדעניש פאַר דעם אָרטיקן לעבנס־שטייגער. ער מוז אין אַ געוויסן זין אַפילו זיין בקי אין דער פסיכאָלאָגיע פון זיין עדה, אין איר לעבנס־שטייגער און אין איר געשמאַק. עס איז אין אָנ־קלאַנג מיט דעם אַלגעמיינעם נוסח פון אַמעריקע.

יידן „פילן זיך היימיש" אין אַמעריקע. און איר וועט עס באַמערקן אויף טריט און שריט דורך הונדערטער מאַניפעסטאַציעס. אויב מען קען דעם יידישן נוסח אַמעריקע אויך צורעכענען צו דער טעאָריע פון דעם אַזוי גע־רופענעם „שמעלצטאָפּ" איז דאָס אָבער נישט קיין צעשמעלצונג אויף פאַר־שווינדן צו ווערן אַלס יידן... נאָר אַן איינשמעלצן זיך אין דעם אַלגעמיינעם אַמעריקאַנער לעבן — אַלס יידן. אין דעם זין, פאַסירט אייגנטלעך נישט קיין שום אויסטערלישע זאַך, ווייל יידן האָבן אין אַלע תקופות פון זייער גע־שיכטע געלעבט לויטן נוסח פון די לענדער אין וועלכע זיי האָבן געוווינט. דער בעסטערביישפיל דערפון זיינען פון דער גאָר לעצטער צייט די דייטשע יידן, די פוילישע, אונגאַרישע אָדער רומענישע יידן. ווען מיר רעדן בכלל וועגן דעם יידישן לעבן ווי וועגן דעם אויסדרוק פון דער אַמעריקאַנער תקופה אין דער יידישער געשיכטע פון די תפוצות, טרייבן מיר נישט איבער אויף קיין האָר. ווען מיר זאָגן, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן ליגט היינט צו טאָג אין אַ גרויסער מאָס דער גראַוויטאַציע־צענטער פונעם יידישן וועלט־לעבן.

דאָס יידישע לעבן איז די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אין פיל אַספּעקטן אָנגענומען דעם אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער פון אַ טייל פון דעם אַלגע־מיינעם לעבן פון יענעם לאַנד און דערפאַר דערשיינט עס אַ ביסל פרעמדלעך פאַר איינעם וואָס לעבט נישט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. לאָמיר, אַלס ביי־שפּיל, נעמען אַזאַ ריין־יידישן ענין ווי כשרות, און מיר וועלן זען אַז אויך

אויף אָט דעם געביט איז אַנטשטאַנען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אַ מין „נוסח אַמעריקע״. כשרות איז אין דעם יידישן לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אַ גרויסע און אַ ברייט־פּאַרצווייגטע אינסטיטוציע. עס זיינען, פאַר־שטייט זיך, פאַראַן פאַרשידענע מדרגות פון פּראַקטיצירן כשרות, אָבער אין אַלגעמיין איז כשרות אַ גרויסע און עפנטלעכע אינסטיטוציע, וועלכע האָט זיך איינגעגלידערט אין דעם לעבנס־שטייגער פון די נאָרד־אַמעריקאַנער יידן. אין די אַלטע יידישע ישובים, איז כשרות געווען אַן ענין פון די יידישע דלד אמות און דער עפנטלעכער אויסדרוק פון דעם איז העכסטנס געווען די קהילה (אָדער די „קאָראָבקע״), דער שוחט און דער רב, צו וועמען מען איז געגאַנגען פרעגן אַ שאלה. אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז כשרות אַן ענין פון גרויסע געשעפטלעכע אינטערעסן און האָט אַפילו אַ שייכות מיט די געזעצן פונעם לאַנד. דאָס פעלשן די כשרות ווערט דאָרט באַשטראָפט דורכן געזעץ, פּונקט ווי יעדער אַנדער פאַרברעכן. אויב אַ קצב וועט אייך פאַרקויפן פלייש פאַר כשר און עס וועט זיך אַרויסווייזן אַז עס איז נישט כשר, קענט איר אים אָנקלאָגן און ער וועט באַשטראָפט ווערן לויטן געזעץ. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אַפילו אַזאַ ריין־יידישער ענין ווי כשרות איז אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יידישקייט „נוסח אַמעריקע״, ווו פרייהייט פון געוויסן איז נישט נאָר דערלויבט לויט דער קאָנסטיטוציע און די געזעצן, נאָר זי ווערט אויך פאַרטיידיקט פאַר אַלע בירגער, אָן אונטערשייד פון גלויבן.

וואָס, אַ שטייגער, מיינט דאָס פאַרזאָרגן די יידישע סאָלדאַטן פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער אַרמיי מיט גייסטיקע פירער אָדער מיט מצות און סדרים אויף פּסח, אויב נישט נוסח אַמעריקע? איך וואָלט נישט געזאָגט, אַז דאָס ווערט געטאָן מצד די נאָרד־אַמעריקאַנער יידן אויס שטרענגער פרומקייט, אָבער איך וועל יאָ וואַגן צו זאָגן אַז דאָס ווערט געטאָן קודם־כל, בכדי אונ־טערצושטרייכן די אייגענע חשיבות אַלס יידן און טאַקע בכדי אָנצוהאַלטן דעם פּרינציפּ אַז יידיש לעבן איז אַ טייל, אַן אָרגאַנישער טייל פונעם אַמע־ריקאַנער לעבן. אַ פּרינציפּ, אַז דאָס לעבן אין אַ רעזשים פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע, דאַרף נישט זיין קיין מאָטיוו אויף צו פאַרלאָזן די אייגענע קולטור אָדער דעם אייגענעם גלויבן, נאָר פּונקט פאַרקערט — די דאָזיקע פרייהייט און דעמאָקראַטיע דאַרפן ווי ווייט מעגלעך אויסגענוצט ווערן אויף

צו וואַלאָריזירן די אייגענע ווערטן אַלס אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם לעבן און דאָס ווערט אין אַ גרויסער מאָס געטאָן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן.

יידיש לעבן „נוסח אַמעריקע" מיינט אייגנטלעך אַן ענדערונג אין דעם קאָנצעפּט פון די אַזוי גערופענע מינדערהייטס־רעכט, פאַר וועלכע מען האָט אַזוי פיל געקעמפט אין לעצטן האַלבן יאָרהונדערט אין מזרח־אייראָפּע. אין פּוילן, אין רומעניע, צווישןביידע וועלט־מלחמות, האָבן יידן געקעמפט פאַר זייערע רעכט דורך שיקן זייערע אייגענע פאָרשטייער אין די פּאַרלאַמענטן, ווייל מען האָט זיי נישט געוואָלט אָנערקענען אַלס גלייכבאַרעכטיקטע מיט־גלידער פון דער לאַנד־קולטור, הגם זיי האָבן אין די דאָזיקע לענדער גע־לעבט זינט יאָרהונדערטער. אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז נישט נייטיק אַזאַ קאַמף, ווייל די דאָזיקע גלייכע רעכט זיינען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכ־קייט אין דעם לעבן בכלל. אַוודאי פעלן נישט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן קיין אַנאַכראָנישע דערשיינונגען, ווי צום ביישפּיל, די פראַגע פון די נעגערס, אָבער דאָס זיינען נישט קיין רעזולטאַטן פון אַ פעלערהאַפטער אָרדענונג, נאָר פון אַנדערע אומשטענדן, וואָס נישט דאָ איז דאָס פּלאַץ זיך אויף זיי אָפּ־צושטעלן. עס פעלן אַפילו נישט קיין אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען, אָפט מאָל פון מיאוסן כאַראַקטער, אָבער אויך דאָס געהער צום „פּלוראַליזם" פון די פּאַראייניקטע שטאַטן און האָט נישט צו טאָן מיט קיין פאָלקס־געפילן פון אומטאָלעראַנץ אָדער שנאה, ווי עס איז געווען אין די אַלטע לענדער פון אייראָפּע ווו אַנטיסעמיטיזם איז געווען, און איז נאָך, אַ טייל פון דער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע.

„ווי גלייכט איר אַמעריקע"? — ווען איך יידן אַ פרעג טאָן, ווען זיי וועלן זיך מיט אייך צערעדן. אין דעם דאָזיקן פרעגן קענט איר געפינען אַ סך פון זייער שטאָלץ צו זיין אַמעריקאַנער יידן און פון זייער ליבע צו דעם לאַנד, ווו זיי זיינען פריי און גלייכבאַרעכטיקט אַלס יידן.

# רעליגיעזע עקסטרעמען אין דער יידישער אמעריקע

ווען מען קומט אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט דעם יידישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, דערפילט מען באַלד אַז דער רעליגיעזער מאָמענט שפּילט אַ זייער גרויסע און וויכטיקע ראָלע אין די באַמיִונגען צו געבן דעם יידישן לעבנסשטייגער „נוסח אַמעריקע" זיין אייגענעם אויסזען, אין הסכם מיט די נייע באַדינגונגען און אומשטענדן. מעגן זיך געפינען אַזעלכע וואָס מאַכן חוזק און שפּעטן־אָפּ פון געוויסע פאָרמען פון דעם רעליגיעזן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און שטעלן עס פאָר ווי אַ קאַריקאַטור פון רע־ליגיע; דער אמת איז, אַז דאָס זיינען נישט מער ווי עקספּערימענטן, זוכענישן אויף צו געפינען די דעפיניטיווע פאָרעם פון איינגלידערן די יידישע רע־ליגיע אין דעם יידישן לעבנסשטייגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אייגנט־לעך האָבן זיך די דאָזיקע „עקספּערימענטן" און זוכענישן נישט אָנגעהויבן ערשט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר זיי האָבן זייער אורשפּרונג אין די אַלטע יידישע ישובים פון אייראָפּע. דאָ האָבן זיי בלויז אָנגענומען אַן עכט־אַמעריקאַנישן כאַראַקטער, וואָס דריקט זיך אויס אין מאַכן די זאַכן מיט מער גערויש אָדער „פּובליסיטי", ווי מען רופט עס היינט, אָבער אין גרונט־גע־נומען זיינען דאָס פאָרמען פון אַ פּראָצעס אין ווערן.

איך האָב ערגעץ געלייענט אַ מיינונג פון אַ נאָרד־אַמעריקאַנער פּראָ־טעסטאַנטישן גייסטלעכן, וועלכע מען קען אין אַ גרויסער מאָס אָנמעסטן אויף דעם וואָס עס קומט פאָר אין דעם יידישן רעליגיעזן לעבן פון די פאַר־

איינציקטע שטאַטן. דער דערמאָנטער גייסטלעכער — אַן אָפּשטאַמיקער פון דורות פּוריטאַנער — האָט זיך באַקלאָגט אַז דאָס רעליגיעזע לעבן (ער האָט גערעדט פון קריסטלעכן רעליגיעזן לעבן), האָט זיך פאַרוואַנדלט מער אין געזעלשאַפטלעכן שטייגער ווי אין פרומקייט אָדער פאַרטיפטער אמונה. ער האָט אין דעם געזען אַ ירידה, אַ צוריקגאַנג פונעם רעליגיעזן לעבן. אין דעם ייִדישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז רעליגיע געוואָרן מער געזעלשאַפטלעכער לעבנסשטייגער און איך האָב אין דעם געזען דווקא אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג, ווייל דאָרט ווו דאָס רעליגיעזע לעבן קען זיך נישט איינגלידערן אַלס אַ לעבעדיקער פאַקטאָר אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן, אין דער פאַמיליע און אין דער געזעלשאַפט, בלייבט עס סוף־כל־סוף אַ סטאַטישער, פאַרגליווערטער ענין פון גייסטיקער אַבסטראַקציע. דער דערפאָלג פון דעם ייִדישן רעליגיעזן לעבן אין די אַלטע ייִדישע ישובים אַלס לעבעדיקער פאַקטאָר, האָט זיך גענומען דערפון, וואָס רעליגיע האָט אויפגעהערט צו זיין סתם אַבסטראַקציע און איז געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן. די ייִדישע שיל איז נישט געווען סתם אַ מקום־תפילה, ווו מען איז געקומען „אָפּפּרעפּלען" אין דער שטיל אַ געבעט צום הימל און אַוועקגיין; זי איז געוואָרן דער צענטער פון דעם ייִדישן לעבן אין ברייטסטן זינען פון וואָרט; דאָס פּלאַץ ווו דער ייִד האָט זיך אויסגעלעבט געזעלשאַפטלעך און ווו עס איז געקומען צום אויסדרוק נישט נאָר דער קאָנטאַקט פונעם ייִדן מיט גאָט, נאָר אויך דער קאָנטאַקט צווישן ייִדן אַלס לעבעדיקע מענטשן, מיט זייערע ליידן און פריידן און אַפילו זייערע טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען. רעליגיע האָט אין די אַלטע ייִדישע ישובים זיך פשוט פאַרוואַנדלט אין ייִדישן לעבנסשטייגער, איבערהויפּט זינט עס איז אויפגעקומען די חסידישע באַוועגונג, וועלכע האָט דורך איר אופן פון דינען גאָט מיט שמחה פאַרוואַנדלט די רעליגיע אין אַן אָרגאַנישן באַשטאַנד־טייל פונעם ייִדישן לעבן אויף אַזוי פיל, אַז היינט צו טאָג, ווען פולשטענדיק סעקולערע, וועלטלעכע באַוועגונגען ווילן אָנהאַלטן אין די נייע ישובים דעם עכטן לעבנסשטייגער פון אַמאָל, מוזן זיי אָנקומען צו חסידישע מאָטיוון און אַפילו צו חסידישן עקסטאַז, וואָס זיינען אין עצם געווען און זיינען פאַרבליבן רעליגיעזע אויסדרוקן.

ווי אַלץ אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן און אין דעם יִדישן לעבן פון דעם דאָזיקן לאַנד, איז אויך דאָס רעליגיעזע לעבן אַ פּלוראַליסטישע דער־שיינונג. אין דער יִדישער נאָרד־אַמעריקע זיינען פאַראַן דריי הויפּט־ריכ־טונגען אויפן רעליגיעזן געביט, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר צוויי עקסטרע־מען און איין מיטלפּונקט, אַ מין צד השווה. די דאָזיקע דריי ריכטונגען זיינען: די אָרטאָדאָקסישע, וואָס באַשטייט פון רעליגיעזע יִדן ווי גאָט האָט געבאָטן; די קאָנסערוואַטיווע וואָס פירן זיך רעליגיעז, אין פּריוואַטן ווי אין דעם קאָלעקטיוון לעבן, אויף אַ מער־מאָדערנערן אופן; און די רעפאָרמערס, וואָס זיינען דער סאַמע צווייטער עקסטרעם און האָבן זיך זייערע אייגענע פאָרמען ווי צו דינען גאָט. און ווען איך זאָג „דינען גאָט“ דאַרף מען עס נישט אָננעמען ווי סתּם אַ מעטאַפאָרע. איידער איך האָב באַזוכט די פאַר־אייניקטע שטאַטן, וואָלט איך מסתּמא אויך אַזוי געווען געגלייבט. איצט אָבער האָב איך מיר געשאַפן אַ מיינונג אויפן סמך פון פּערזענלעכע באָאָ־באַכטונגען און אויך פון געשפּרעכן פון גוט־אינפאָרמירטע מענטשן וואָס זיינען גרינטלעך באַקאַנט אין דעם יִדישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. באַזונדערס האָט מיך וועגן דעם ענין געגעבן אינפאָרמירט מיין חשובער פריינט ד״ר שלמה סיימאָן מיט וועמען איך האָב געפירט לאַנגע געשפּרעכן וועגן דעם יִדישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און זיינע מיינונגען האָבן מיך געגעבן דעם שליסל צו אַ סך זאַכן וועגן וועלכע איך האָב פריִער נישט געהאַט קיין אַנונג, אָדער אַ שוואַכע פאָרשטעלונג. אויף די מיינונגען פון שלמה סיימאָן מעג מען זיך פאַרלאָזן, ווייל אויסער דעם וואָס ער איז אַן אַלטער תּושב און איז גוט באַקאַנט מיט אַלע פאַזן פון דעם דאָרטיקן יִדישן לעבן, איז ער אַ שרייבער און אַ דענקער מיט אַ טיפן און ערנסטן צוגאַנג צו פּראָבלעמען און זאַכן. ער איז פּאַקטיש אַן עקסטרעמער אויסדרוק פון דער דראַמע וואָס עס מאַכט דורך דער מער־ערנסטער און פאַרטיפטער קרייז יִדישע אינטעלעקטואַלן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס זוכן אַן ענטפער אויף די ערנסטע און דרינגענדיקע פראַגעס וואָס די צייט האָט אַרויס־גערוקט אין דעם יִדישן לעבן.

אַז די נאָרד־אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסן זיינען רעליגיעזע יִדן אין פולן זינען פון וואָרט, דאַרף מען קיינעם נישט דערציילן. זיי באַגנוגענען זיך

נישט מיט שיין דרשנען, נאָר זיי זיינען אויך טיכטיק אין זייער דראַנג צו פאַרזיכערן יידישן קיום און המשך, ווי עס זאָגט דאָס באַרימטע העברעיִשע שפּריכוואָרט: זיי זיינען נאה דורשים ונאה מקיימים אין זיכערן יידישן קיום און המשך אויף זייער שטייגער. אין די פאַראייניקטע שטאַטן — שאַצט מען — זיינען פאַראַן איבער זיבעציק ישיבות, גרעסערע און קלענערע, אין וועלכע עס לערנען איבער דריי טויזנט תלמידים. די דאָזיקע ישיבות וואָס ווערן, נאַטירלעך קאָנטראָלירט פון די אָרטאָדאָקסן, ווערן געשטיצט און אַפילו אויסגעהאַלטן פון אָרטאָדאָקסישע מעצענאַטן און זיי זיינען פעסטונגען נישט נאָר פון רעליגיעזן און שטרענג טראַדיציאָנעלן חינוך, נאָר זיי זיינען אויך נעסטן פון יידישער שפּראַך. די דאָזיקע ישיבות זיינען דערציִונגס־אַנשטאַלטן אין דעם פולן זינען פון וואָרט, ווערן אָנגעפירט פון גוט־איינגעשטעלטע און אָרגאַניזירטע אַפּאַראַטן און האָבן אַרום זיך אַ מאַסע אָנהענגערס, סימפּאַטיזירער און עסקנים, וואָס שטיצן זיי אויף אַ ממשותדיקן אופן. מיט וואָס פאַר אַן עסקן פון די וועלטלעכע דערציונגס־אַנשטאַלטן איר זאָלט נישט רעדן, וועט ער אייך מודה זיין אַז אין דעם זין פון ממשותדיקער שטיצע און מיט־אַרבעט, שטייען די רעליגיעזע מוסדות, אין גרעסטן טייל ישיבות, אויף אַ פעסטערן באָדן.

אויף איסט־בראָדוועי, איין בלאָק פון דער „פאָרווערטס"־געבידע, געפינט זיך אַ גרויסע ישיבה די „מתיבתאָ תפארת ירושלים". איך בין אַהין אַריינגעגאַנגען „אינקאָגניטאָ", אַזוי צו זאָגן, בכדי צו באַקומען דעם איינדרוק אוממיטלבאַר, אָן צוגרייטונגען. און איך מוז זאָגן אַז איך בין איבעראַשט געוואָרן. די דאָזיקע ישיבה איז אַן אַלטע אינסטיטוציע, זי עקסיסטירט שוין דריי און פופציק יאָר און זי האָט אַרויסגעגעבן תלמידים, וואָס זיינען היינט צו טאָג פירנדיקע פיגורן פונעם אָרטאָדאָקסישן יידנטום אין די פאַראייניקטע שטאַטן. איך בין אַהין אַריין אין דער פרי, אַרום צען אַזייגער, און האָב געטראָפן אַ באַוועגונג, וואָס האָט מיט גאָרנישט דערמאָנט דעם אַלטן טיפּ ישיבות וואָס זיינען אונדז געווען באַקאַנט, נאָר אין אַ גרויסן לערן־אַנשטאַלט. אין דער דאָזיקער ישיבה לערנען אַרום פינף הונדערט תלמידים פון דעם קינדער־גאָרטן אָן ביז דער מיטלשול און דערנאָך, אויב זיי ווילן, קענען זיי אָנקומען אין דעם לערער־סעמינאַר פאַר רבנים. אין

דער פרי לערנט מען דאָרט אויסשליסלעך ייִדישע לימודים און נאָכמיטיק — אַלגעמיינע. מען האָט מיר פאָרגעשטעלט דעם מנהל, אַ מענטש אין די פערציקער מיט אַ ייִדישן הדרת פּנים, אַ געניג לאַנגע באָרד און פאות און דער דאָזיקער מאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ נאָרד־אַמעריקאַנער געבוירענער. ער איז אַ מענטש נישט נאָר אַ בן־תורה, נאָר אויך מיט הויכער אַלגעמיינער בילדונג און, ווי עס ווייזט אויס פון זיין אַמט, מיט אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן.

אַזעלכע ישיבות זיינען פאַראַן אַ סך אין ניו־יאָרק. איר וועט זיי געפינען אין די גאַסן וואָס אויף איסט־בראָדוויי, ווי אָטשאַרד, דעלינסי, הענרי, ריווינגטאָן און אַנדערע גאַסן פון יענער געגנט וואָס ווימלט מיט אַלטער רעליגיעזער ייִדישקייט זייט ביי זייט מיט דער וועלטלעכער ייִדישקייט. דער שרייבער מנשה אונגער, וואָס האָט מיך אין אַ טאָג אומגעפירט אין דער געגנט, האָט מיר געוויזן אַלטע געביידעס פון ישיבות און שילן וואָס וועלן היינט מאָרגן אַראָפּגעוואָרפן ווערן אויף צו בויען אַפּאַרטאַמענטן־הייזער און אין אַנדערע געגנטן פון ברוקלין און בראָנקס, האָב איך געזען נייע געביידעס פון אַזעלכע לערן־אַנשטאַלטן. דאָס אָרטאָדאָקסישע ייִדנטום אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז נישט נאָר רעליגיעז־גלויביק, נאָר אויך טעטיק אויף צו פאַרזיכערן דעם המשך ווי זיי באַנעמען אים.

דער צווייטער עקסטרעם פונעם אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום, זיינען די רעפאָרמערס און אין דער מיט געפינט זיך דאָס קאָנסערוואַטיווע ייִדנטום. ד״ר שלמה סיימאָן האָט מיר אין די געשפּרעכן וואָס מיר האָבן געפירט אויף דער דאָזיקער טעמע, אויסגעדריקט זיין איבערצייגונג, אַז אמת רעליגיעז זיינען די אָרטאָדאָקסן און די רעפאָרמערס. וועגן די אָרטאָדאָקסן האָט ער מיך נישט געדאַרפט איבערצייגן, אָבער וואָס שייך די רעפאָרמערס, האָט ער מיר געמוזט אויפקלערן. די פאָרעם פון זייער פראַוועז ייִדישקייט, האָט ער מיר געזאָגט, שפּילט דאָ נישט קיין שום ראָלע. דער עיקר איז אַז זיי טוען דאָס וואָס זיי טוען אויס רעליגיעזער איבערצייגונג. נעמט אין אַכט אַז די ייִדן וואָס געהערן צו דער רעפאָרמירטער סינאַגאָגע, זיינען אין גרעסטן טייל שיכטן וואָס זיינען אין סאָציאַל־עקאָנאָמישן זין מענטשן פאַר וועמען עס איז אין דעם אַלגעמיינעם אַמעריקאַנער לעבן אָפן טיר און טויער. קיין

שום זאַך צווינגט זיי נישט צו דאַרפן דעמאָנסטרירן זייער רעליגיעז־ייִדישע אָנגעהעריקייט און דאָך האָבן זיי אָנגעצייכנט אַ געוויסע גרענעץ צווישן זיך און אַנדערע נישט־ייִדישע אַמעריקאַנישע ענלעכע שיכטן דורך פּראַק־טיצירן אַקטיוו די ייִדישע רעליגיע, זאָל זיין אויף זייער אייגענעם אופן. וואָס־זשע קען צווינגען די דאָזיקע מענטשן צו געהערן דווקא צו דער ייִדי־שער רעליגיע, אויב נישט אַ פּאַרוואָרצלט און עכט רעליגיעז געפיל? זיי גיבן אויס מיליאָנען אויף צו בויען טעמפּלען און אויסצוהאַלטן זיי; זיי האָבן זייערע גייסטיקע פירערס און דערציִערס. זיי גייען אין די טעמפּלען נישט אַליין, נאָר נעמען מיט זייערע קינדער און זיי דערציִען זיי אין דעם ייִדישן גייסט אויף זייער שטייגער. צו וואָס, פרעגט זיך, טוען זיי עס, אויב נישט ווייל זיי האָבן אַ געוויסע רעליגיעזע היצטרכות דערצו? האָט סיימאָן מיך געפרעגט — און מיר דערביי פאַרזיכערט אַז ער האָט אַ גאַנצע ריי פריינט און באַקאַנטע וואָס געהערן צו דער רעפאָרם־סינאַגאָגע און וואָס זיינען אמתע רעליגיעזע מענטשן, אין עכטן זינען פון וואָרט. און, איר דאַרפט געדענקען, אַז שלמה סיימאָן איז אַ ייִד אַ מחמיר, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ייִדישע ענינים.

וואָס שייך ווידער די קאָנסערוואַטיווע, האָט דער זעלבער ד״ר סיימאָן מיר אויסגעדריקט זיין צווייפל אין זייער רעליגיעזער עכטקייט. די קאָנ־סערוואַטיווע זיינען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אַ גרויסע קראַפט, אָבער זיי זיינען אין רעליגיעזן זין די גרעסטע קאָמפּראָמיסטן, די נאָכגיביקע. אין רעליגיעזן זין, וועלכע עס זאָל נישט זיין די פאָרעם, מוזן זיין פעסטע פּרינ־ציפּן, האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין, און ביי די קאָנסערוואַטיווע זיינען אַזעלכע פּרינציפּן נישטאָ. עס איז מער רעליגיעזע פאָרעם ווי רעליגיעזע התלהבות אָדער רעליגיעזער פּרינציפּ. עקשנות און צילבאַוווסטקייט, האָט ער מיר פאַרזיכערט, זיינען פאַראַן פון איין זייט ביי די אָרטאָדאָקסן און פון דער צווייטער זייט ביי די רעפאָרמערס, אָבער ביי די קאָנסערוואַטיווע נישט. סיימאָן אַליין איז פון דער נאַטור אַ טיף־רעליגיעזער מענטש, אָבער זיין רעליגיאָזיטעט איז פון גאָר אַן אַנדערן, העכערן און טיפערן מין, וואָס געהער זיך נישט אָן מיט אונדזער טעמע. יעדנפאַלס, איז ער מסתמא איינער

פון די געצײלטע מענטשן אין ניו־יאָרק אויף וועמענס מיינונג און וואָרט מען קען זיך פאַרלאָזן.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אויך פאַראַן רעליגיעזע באַוועגונגען פון עקספּערימענטאַלן מין. אַזעלכע איז די רעקאָנסטרוקשאָן־סינאַגאָגע פון ראַבינער קאַפּלאַן, ווו איך בין אין די ערשטע טעג פּסח בייגעוועזן ביי אַ גאָטדינסט. דאָס באַווייזט איבעריקנס, אַז אין דעם רעליגיעזן לעבן פון די נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדן קומען פאָר זוכענישן, ווייל נישט קיין איינע פון די דריי גרויסע זרמים שטעלן נישט אַלעמען צופרידן. וועגן דער רעלי־גיאָזיטעט פון וויליאַמסבורג איז נישט שייך צו רעדן ווי וועגן אַ נאָרד־אַמעריקאַנער באַוועגונג, ווייל דאָס איז אייגנטלעך מער סאַטמאַר אָדער קלויזנבורג אין ניו־יאָרק. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָט דאָס ייִדישע רעליגיעזע לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ פעסטע צוקונפט. קיין איינ־הייטלעכע פירונג אָדער אַלצאיינער נוסח ווי מיר האָבן אים געקענט פון די אַלטע ייִדישע מאַסן־ישובים אין מזרח־אייראָפּע, וועט שוין דאָ נישט זיין, ווייל, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, ווערט אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַלץ געמאַכט אַל פּי נוסח אַמעריקע און נוסח אַמעריקע מיינט אויך אין רעליגיעזן זין פּלוראַל, פּילאַרטיק.

דאָ יאָ, מען מוז אָנערקענען אַז דער רעליגיעזער קאָלאָריט זעט זיך אָן אין דעם ייִדישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן גאַנץ היפש. דער רעליגיעזער מאָמענט הייבט אָן אַריינצודרינגען אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדן און פאַרוואַנדלט זיך דורך פאַרשידענע מנהגים און פירעכצן אין לעבנסשטייגער און דאָס איז לויט אונדזער מיי־נונג — להיפּוך צו דער מיינונג פון דעם אויבנדערמאָנטן פּוריטאַנישן גייסט־לעכן — דווקא אַ געזונטע דערשיינונג, אַפילו ווען דאָס איז נישט קיין אויסדרוק פון פרומקייט אָדער טיפער אמונה. אויב אַ נאָרד־אַמעריקאַנער ייִד פון צווייטן דור האַלט דאָס פראַוועז אַ בר־מצווה ביי זיין זון פאַר אַ ייִדישן „באַן־טאָן“ אָדער דאָס גיין צו אַ סדר אַלס אַ ייִדישע מצווה, איז דאָס שוין אַ סימן פון ייִדישער צוגעבונדנקייט און — דאָס איז דאָך דער עיקר אין אונדזערע אומשטענדן. און ווען איינער האַלט אום ראש־השנה און יום־כּיפּור פאַרמאַכט די קלייט נישט אויס רעליגיעזער איבערצייגונג, נאָר דער־

פאַר ווייל עס איז פון יידישן שטאַנדפּונקט נישט אָנשטענדיק, איז דאָס אויך אַ סימן פון יידישן באַוווסטזיין. און אין ניו־יאָרק האָב איך געזען אַ סך יידישע געשעפטן פאַרמאַכט די ערשטע טעג פּסח אויף סאַמע בראָדוועי און אויף דער 42סטער גאַס.

איך פּרעטענדיר נישט מיט די אויבנגעשריבענע שורות צו זאָגן אַפילו אַ קליינעם ברוכטייל פון דעם וואָס מען קען זאָגן וועגן דעם יידישן רעליגיעזן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז אַ טעמע פאַר ברייטע און טיפע אָפּהאַנדלונגען, וואָס זיינען שוין געמאַכט געוואָרן און וועלן נאָך אָן שום ספק געמאַכט ווערן אויף להבא, ווייל רעליגיעז־יידיש לעבן איז אַ גרויסער פאַקטאָר אין דעם דאָזיקן גרויסן און פילקאָליריקן ישוב.

# אַספּעקטן פֿון דער וועלטלעכער ייִדישקייט

דאָס ייִדישע לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איינשליסלעך דאָס רעליגיעזע, מיטן אויסנאַם פון די עקסטרעם־אָרטאָדאָקסישע, איז אַ וועלט־לעך לעבן. פון וויליאַמסבורג רעדט מען דאָ נישט און עס גייען אויך נישט אַריין אין חשבון אַזעלכע שטרעמונגען ווי די „אַגודת ישראל“ און די עלע־מענטן וואָס עס קאָנצענטרירט זיך אַרום „מזרחי“. מיטן אויסנאַם פון אָט די עלעמענטן, וואָס זיינען אין זייער איינשטעלונג באַוווסטזיניק קעגן וועלט־לעכקייט אָדער סתם פרום, איז אַפילו דאָס ייִדישע לעבן וואָס האָט אַ שייכות מיט רעליגיע לויט פאַרשידענע פאָרמען, אַ וועלטלעכס. אָבער נישט פון אָט דער וועלטלעכקייט איז דאָ די רייד. עס האַנדלט זיך וועגן דער וועלטלעכקייט וואָס האָט אַ שייכות מיט דער מאָדערנער ייִדישער קולטור, ליטעראַטור; וועגן דער וועלטלעכער ייִדישקייט אין ייִדיש, אָדער יענע וואָס שטרעבט אויפצוהאַלטן די השפעה פון דער ייִדישער שפראַך און אַלץ וואָס דאָס נעמט אַרום אין קולטור, דערציִונג, קונסט און לעבנסשטייגער אין דעם גרויסן ישוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

אויף צו געבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע ווי עס זעט אויס די וועלט־לעכע ייִדישקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז קודם־כל נייטיק צו דער־קלערן אַז זי האָט צוויי אַספעקטן, וואָס שייך די כוחות אויף וועלכע זי שטיצט זיך, און צווישן וועלכע עס איז פאַראַן אַ גרינטלעכער אונטערשייד. איין אַספעקט איז דער, ווו די מאַסע וואָס רעדט ייִדיש, לייענט ייִדיש און האָט אַ נאַטירלעכע נייגונג און אַפילו אַ נויטווענדיקייט זיך אויסצולעבן אין ייִדיש, באַזיצט דאָס געפיל פון אָנגעהעריקייט צו די אָרגאַניזאַציעס, וואָס

אַרבעטן פּערמאַנענט און פּלאַנמעסיק פאַר דעם קיום פון דער ייִדישער שפּראַך, אַלס דער אינסטרומענט פון ייִדישער וועלטלעכער אויסלעבונג. די דאָזיקע מאַסע געהער צו די גרעסטע צוויי ייִדיש־וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע: דער ייִדישער אַרבעטער־רינג און דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד. די דאָזיקע צוויי ייִדיש־וועלט־לעכע אָרגאַניזאַציעס זיינען היינט צו טאָג די גרעסטע פון דעם מין, נישט נאָר אין נאָרד־־אַמעריקע, נאָר אפשר אויף דער גאַנצער וועלט, מיטן אויס־נאָם פון ישראל, וווּ עס עקסיסטירט אַזאַ ריזיקע וועלטלעכע אָרגאַניזאַציע ווי די „הסתדרות העובדים", מיט אירע קרובישע קערפּערשאַפטן פון סאָ־ציאַל־עקאָנאָמישן, קולטורעלן און פראַטערנאַלן כאַראַקטער. ביידע דער־מאָנטע אָרגאַניזאַציעס זיינען לויט דער ריכטונג סאָציאַליסטיש, כאָטש מיט געוויסע אונטערשיידן, און ביידע דערפילן זיי די זעלבע סאָציאַל־עקאָ־נאָמישע, קולטורעלע און דערציִערישע פונקציעס פאַר זייערע צענדליקער טויזנטער מיטגלידער. לויט דער צאָל מיטגלידער וואָס זיי נעמען אַרום און לויט דער פאַרצווייגטער טעטיקייט וואָס זיי פירן אָן, געהערן די דאָזיקע צוויי ייִדיש־וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס צו די שענסטע דערגרייכונגען פון דעם גרויסן נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישן ישוב, וווּ עס פעלן נישט קיין גרויסע אינסטיטוציעס פון פאַרשידנאַרטיקן כאַראַקטער.

דער צווייטער אַספּעקט פון דער וועלטלעכער ייִדישקייט אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן איז יענער, וווּ די ברייטע מאַסע האָט נישט קיין דירעקטע אָנגעהעריקייט צו די אָרגאַניזאַציעס אָדער אינסטיטוציעס. עס איז יאָ פאַראַן אַן אָנגעהעריקייט, אָבער אַן אומדירעקטע אָדער אַ „פּלאַטאָנישע", ווי מיר וועלן זי אָנרופן. דער דאָזיקער אַספּעקט האָט אַ שייכות מיט אַזעלכע אינס־טיטוציעס ווי דער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס, דער „ייִוואָ", „ציקאָ" און אַפילו דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט. די אַלע אויסגערעכנטע אָרגאַני־זאַציעס זיינען זייער וויכטיקע און געניסן פון אָנזען אויף דער ייִדישער גאַס, אָבער זיי פאַרפליכטן מיט גאָרנישט צו זיך די גרויסע ייִדישע מאַסע פון די פאַראייניקטע שטאַטן. יעדע פון זיי דערפילט אַ וויכטיקע פונקציע פאַר דער וועלטלעכער ייִדישקייט אין ייִדיש, אָבער זיי פאַרמאָגן נישט קיין שום ממשותדיקן סטאַטוס אויף צו אַפּעלירן צו די טויזנטער סימפּאַטיזירער און

זיי פֿאַרוואַנדלען אין מיטגלידער מיט קאָנקרעטע פֿאַרפֿליכטונגען לגבי זיי, ווי עס איז דער פֿאַל פֿון די צוויי גרויסע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס וואָס מיר האָבן פֿריִער דערמאָנט: דער אַרבעטער־רינג און דער נאַציאָנאַלער אַרבע־טער־פֿאַרבאַנד. און אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז דער מאָמענט פֿון אָנגעהעריקייט לגבי דער אָדער יענער אינסטי־טוציע זייער אַ וויכטיקער ענין. דער בעסטער ביישפּיל אין דעם זין, זיינען די אַזוי גערופֿענע קאָנגרעגאַציעס.

די קאָנגרעגאַציעס (אָדער קאָנגרעגיישאָנס, ווי מען רופֿט זיי אין ענג־ליש), זיינען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן אַ זייער פּאָפּולערער ענין. אָבער וואָס אַזוינס מיינט אַ קאָנגרעגאַציע און וואָס פֿאַר אַ כאַראַקטער טראָגט זי? אויפֿן ערשטן בליק דערמאָנט עס אונדז אין אַ טעמפּל, דאָס הייסט אַ רעליגיעזע אינסטיטוציע. עס איז אָבער אַ טעות צו מיינען אַז אַ קאָנגרע־גאַציע איז בלויז אַ טעמפּל אָדער זי האָט בלויז צו טאָן מיט די רעליגיעזע היצטרכותן פֿון דעם וואָס געהער צו איר. אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז אַ קאָנגרעגאַציע אַ פֿיל־ברייטערער באַגריף ווי בלויז טעמפּל־אָנגעהעריקייט. די קאָנגרעגאַציע איז דער צענטער פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער, דערציִערי־שער און קולטורעלער אויסלעבונג, איבערהויפּט אין די קלענערע ישובֿים פֿונעם לאַנד. אין דעם זין, איז די קאָנגרעגאַציע אַ טייל פֿון דעם „נוסח אַמעריקע״, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט אויף אַ צווייטן פּלאַץ. ייִדן טוען דאָ נאָך דאָס זעלבע וואָס מען טוט אין דער נישט־ייִדישער סבֿיבֿה. ייִדן בויען לעצטנס אַ סך טעמפּלען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן ביי זייערע באַטרעפֿנדיקע קאָנגרעגאַציעס און עס הייסט אַז עס איז פֿאַראַן אַן אויפֿ־שוווּנג אויפֿן רעליגיעזן געביט. דער אמת איז אָבער אַ פּונקט פֿאַרקערטער: מען בויט בנינים פֿאַר טעמפּלען, בכדי עס זאָל זיין קאָנגרעגאַציעס. פּאַק־טיש האַנדלט זיך דאָ בלויז פֿון באַפֿרידיקן די היצטרכות פֿון אָנגעהעריקייט צו אַ געוויסער אָרגאַניזאַציע פֿון געזעלשאַפֿטלעכן כאַראַקטער און נישט וועגן רעליגיעזע איבערצייגונגען אָדער פֿרומקייט. עס איז די נוויטווענדי־קייט פֿון נישט צו בלייבן אַ פּורש מין הציבור, וואָס איז שטאַרק אויפּפּאָפּו־לער אין יענעם לאַנד. איך האָב דעם איינדרוק אַז אין דעם וועלטלעכן ייִדישן לעבן, איבערהויפּט די גרויסע קולטור־אינסטיטוציעס, פֿון די פֿאַר־

אייניקטע שטאַטן האָט מען נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט אויף אַט דעם איינגעוואָרצלטן געפיל פון אָנגעהעריקייט און מען האָט נישט געשאַפן די געהעריקע באַדינגונגען פאַר אַן ענגערן, פאַרפליכטנדיקן קשר צווישן דער מאַסע און די באַטרעפנדיקע אָרגאַניזאַציעס.

וואָס שייך דעם ייִדישן אַרבעטער־רינג און דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־קאָמיטעט, זיינען זיי אין דעם זין אַן אויסנאַם צוליב זייער ספּעציפישן פּראָטערנאַלן כאַראַקטער. די דאָזיקע צוויי ייִדיש־וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן אַ מאַסן־מיטגלידערשאַפט, וואָס איז מיט זיי פאַרבונדן דורך אַ דירעקטער און ממשותדיקער אָנגעהעריקייט. דאָס איז אַ גרויסע ייִדיש־וועלטלעכע מאַסע וואָס איז פאַרבונדן מיט אירע אָרגאַניזאַציעס נישט סתם דורך „סימפּאַטיעס" אָדער דורך פּלאַטאָנישער אָנהענגערשאַפט, נאָר דורך קעגנזייטיקע פאַרפליכטונגען פון קאָנקרעטן כאַראַקטער. די אָרגאַניזאַציע באַזאָרגט דעם מיטגליד מיט לעבנס־פאַרזיכערונג, מיט דערציִונג פאַר זיינע קינדער, מיט מעדיצינישער הילף, מיט פאַרוויילונג און מיט הילף אין פאַל פון אַ נויט. דער מיטגליד האָט אויך אויסזיכטן צו זיין פאַרזאָרגט מיט אַ היים אויף דער עלטער, אויב ער וועט זיך נייטיקן אין דעם און ער איז אַפילו פאַרזאָרגט אויף איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר מיט קבר־ישראל אויפן בית־עולם פון זיין אָרגאַניזאַציע, אַן ענין וואָס איז אין ייִדישן לעבן נישט פון די מינדערוויכטיקע זאַכן. צום גליק פונעם ייִדיש־וועלטלעכן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קאָנטראָלירן די דאָזיקע צוויי גרויסע אָרגאַניזאַציעס אַ גרויסן — אפשר דעם גרעסטן — טייל פון די ייִדישע וועלטלעכע שולן און דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס אַ לעבנס־פאַרזיכערונג פאַר דער ייִדיש־וועלטלעכער דערציִונג. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זיינען היינט פּאַקטיש די וואָס פאַרזיכערן אויף אַן אָרגאַניזירטן און סיסטעמאַטישן אופן דעם קיום פון דער ייִדישער קולטור, דורכן פּאַטראָניזירן טורן פון קאָנפערענצן און לעקציעס אין די פאַראייניקטן שטאַטן און קאַנאַדע, אויסניצנדיק די גרויסע אינטעלעקטועלע כוחות וואָס זיינען פאַראַן אין דעם ישוב פון יענעם לאַנד. אַפילו דאָס ייִדישע טעאַטער, וואָס מאַכט דורך אַ ירידה אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט געפונען אַ טרייען פּראָטעקטאָר אין דעם אַרבעטער־רינג מיט זיין „פאָלקסבינע", וואָס איז היינט צו טאָג

פאַקטיש דאָס איינציקע טעאַטער וואָס שפּילט בעסערע פּיעסן. אויסער דעם וואָס די „פאָלקסבינע" ווערט געשטיצט פון די קולטור־פאָנדן פונעם אַרבעטער־רינג, האָט די אָרגאַניזאַציע געשאַפן אַ פּערמאַנענטע היים פאַר איר אין דער געבײדע פונעם „פאָרווערטס", מיט אַלע איינריכטונגען און באַקוועמלעכקייטן וואָס אַזאַ טעאַטער האָט נייטיק.

די דאָזיקע צוויי אָרגאַניזאַציעס זיינען אַ גאַראַנטיע פאַר דעם ייִדיש־וועלטלעכן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נישט נאָר ווייל זיי זיינען גרויסע און מעכטיקע אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטן, נאָר איבערהויפּט דער־פאַר, ווייל זייער מיטגלידערשאַפט איז באַהערשט פון דעם געפיל פון אָנ־געהעריקייט צו זיי. וואָס שייך דעם אַרבעטער־רינג, האָט ער אין דער געגנט פון איסט־בראָדוויי, קעגנאיבער דער געבײדע פונעם „פאָרווערטס", אויפ־געבויט ריזיקע דעפּאַרטאַמענטן־הייזער, אין וועלכע עס וווינען הונדערטער ייִדישע פאַמיליעס, טאַקע פון זיינע אייגענע מיטגלידער. די דאָזיקע הייזער זיינען אויפגעבויט געוואָרן און זיי ווערן פאַרוואַלטעט אויף אַ קאָאָפּעראַטיוון אופן און לויט מען האָט מיר געזאָגט, זיינען זיי דער לעבעדיקער אויסדרוק פון אַ ייִדישן צוריקקער אין דער דאָזיקער געגנט, ווו עס האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבן אַ גרויסער טייל פון דעם ייִדישן מאַסן־לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און וואָס האָט די לעצטע צייטן אָנגעהויבן אויסגעליידיקט צו ווערן פון ייִדן. דער אַרבעטער־רינג האָט אַ גאַנצע ריי אינסטיטוציעס פון סאָ־ציאַלן כאַראַקטער, וואָס קענען פאַררעכנט ווערן צו מוסטער־אַנשטאַלטן פון דעם מין. ער האָט אַכט זומער־קאָלאָניעס („קעמפּס"), עטלעכע אַנשטאַלטן אויף צו באַדינען זיינע מיטגלידער מיט מעדיצינישער הילף, צוויי היימען פאַר עלטערע מיטגלידער, אַן אייגענעם ביכער־פאַרלאַג, דראַמאַטישע סעק־ציעס, כאָרן אין צען שטעט פון לאַנד, ער גיט אַרויס אַן אייגענע חודש־אויסגאַבע און דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון דער אָרגאַניזאַציע גיט אַרויס אַ קינדער־זשורנאַל. וועגן דער „פאָלקסבינע" האָבן מיר שוין אויבן דערמאָנט. די דאָזיקע פאַרצווייגטע טעטיקייט נעמט אַרום איבער זיבעציק טויזנט מיטגלידער, וואָס מיט זייערע פאַמיליעס מאַכט עס אויס אַ גרויסע מאַסע וועלטלעכע ייִדן, וואָס קאָנצענטרירן זיך און געהערן צו דער אָרגאַניזאַציע בפועל ממש.

דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן וועגן דעם ייִדיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אָנגעהויבן עקסיסטירן אונטער דעם נאָמען אין 1913, קאָנצענטרירט אַרום זיך דעם ייִדיש סאָציאַליסטיש־נאַציאָנאַלן עלעמענט און שטייט נאָענט צו דער אידעאָלאָגיע פון די רעכטע פועלי ציון. אויך די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז לויט איר טעטיקייט אַ פּראָטערנאַלע און האָט היינט צו טאָג פינף און דרייסיק טויזנט מיטגלידער, וואָס געניסן פון די זעלבע פאַרזיכערונגס־פּריווילעגיעס ווי די פונעם ייִדישן אַרבעטער־רינג. דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד פירט אַ גרויסע טעטיקייט אויפן געביט פון פאַרזיכערונג און קעגנזייטיקער הילף, באַזאָרגט זיינע מיטגלידער מיט מעדיצינישע הילף, הלוואות דורך קרעדיט־קאַסעס און היימען פאַר אַלטע מיטגלידער ווען זיי ביטיקן זיך אין דעם. וואָס שייך דערציִונג, קאָנטראָלירט דער פאַרבאַנד זעכציק ייִדיש־העברעיִשע שולן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, צווישן זיי אַכט מיטלשולן, זעקס קינדער־גאָרטנס און אַ לערער־סעמינאַר. ער פירט אַ ברייטע קולטור־אַרבעט דורך פינאַנצירן קאָנפערענצן און לעקציעס און גיט אויך סטיפּענדיעס פאַר סטודענטן. זיין אידעאָלאָגישע איינשטעלונג איז געווען פונעם אָנהייב אָן און איז ביז היינט אַ ייִדיש־נאַציאָנאַלע און אַ סאָציאַליסטישע. ער איז געווען דער איניציאַטאָר פון דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין און ער באַטייליקט זיך אַקטיוו און מיט ממשותדיקע מעשים אין אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט ישראל.

ביז איצט האָבן מיר גערעדט וועגן דעם ערשטן אַספּעקט פון דער וועלטלעכער ייִדישקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. און ווי זעט עס אויס מיטן צווייטן אַספּעקט? דער צווייטער אַספּעקט איז, לויט מיין איינדרוק, נישט קיין גאָר אָפּטימיסטישער. איינער פון די בולטע ביישפּילן פון דעם איז דער שלום עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט, וואָס פאַרוואַלטעט מיט פופצן אָדער זעכצן וועלטלעכע שולן. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז זייער טיכטיק אויף איר געביט און דאָך מאַטערט זי זיך אויף צו שאַפן דעם בודזשעט פאַר אירע שולן. איך האָב מיך באַגעגנט מיט אַ סך עסקנים וואָס אַרבעטן אַרום די דאָזיקע שולן און מיט מיטגלידער פון די דאַמען־קאָמיסיעס און האָב געקענט פעסטשטעלן זייער טריַיהייט און איבערגעגעבנקייט צו דער זאַך.

לויט דעם איינדרוק וואָס איך האָב באַקומען, איז דער שלום עליכם־פֿאָלקס־אינסטיטוט די איינציקע יִדיש־וועלטלעכע אָרגאַניזאַציע אין די פּאַראייניקטע שטאַטן וואָס איז ענלעך אויף די יִדישע אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע, לויט דער צאָל פּריוואַטע עסקנים וואָס אַרבעטן אַרום איר. אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז דאָס אַ זעלטנקייט, ווייל די מערהייט אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס ווערן אָנגעפירט פֿון אַפּאַראַטן, אין וועלכע עס אַרבעטן גוט־באַצאָלטע באַאַמטע. און טראָץ דער איבערגעגעבנקייט פֿון די עסקנים און די דאַמען־קאָמיסיעס, מאַטערט זיך די דאָזיקע סימפּאַטישע אָרגאַניזאַציע, ווייל אירע אָנהענגערס און סימפּאַטיזירערס באַזיצן נישט דאָס וואָס מיר האָבן באַצייכנט אַלס געפיל פֿון ממשותדיקער אָנגעהעריקייט צו זייער אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, פֿון אויסשליסלעכן דערציִונג־כאַראַקטער, פֿאַרמאָגט נישט יענע עלעמענטן וואָס עס דאַרף האָבן אַן אָרגאַניזאַציע אין די פּאַראייניקטע שטאַטן (און מסתמא אומעטום) אויף צו קענען צובינדן צו זיך דעם מיטגליד און אים פֿאַרפּליכטן. זי איז מיט אירע הכנסות אויסגעשטעלט בלויז אויף די סימפּאַטיעס פֿון אירע מיטגלידער און אָנהענגער און אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, פּונקט ווי אויף דער גאַנצער וועלט, קען מען מיט בלויז סימפּאַטיעס קיין שבת נישט מאַכן. ווען איך האָב אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון דעם שלום עליכם־פֿאָלקס־אינסטיטוט אין „אַטראַן־הויז" דערציילט וועגן אונדזערע שולן, האָט דער עולם אויפגעשטעלט מויל און אויערן און עס האָט פֿאַר זיי געקלונגען ווי אומגלויבלעך ווען איך האָב זיי דערציילט אַז ביי אונדז האָבן יִדן פֿון דריי קרעדיט־קאַסעס אויפגעבויט אויף אייגענער איניציאַטיווע און מיט אייגענע פֿאָנדן אַ געביידע פֿאַר אַ בית־עם און אַ יִדיש־העברעיִשע שול. אייניקע פֿון די עסקנים וואָס זיינען טעטיק אין דעם שלום עליכם פֿאָלקס־אינסטיטוט שוין אַ סך יאָרן האָבן זיך נישט געשעמט מיר צו זאָגן אַז זיי זיינען אונדז מקנא אויף אונדזערע שולן און אויף דעם פֿאַקט וואָס ביי אונדז איז פֿאַראַן אַזאַ אינסטיטוציע ווי די קהילה וואָס זאָרגט זיך פֿאַר דעם יִדישן דערציִונגס־וועזן און שטיצט עס בפֿועל ממש.

און אין אָט דעם צווייטן אַספּעקט פֿון דער נאָרד־אַמעריקאַנער וועלטלעכער יִדישקייט גייען אַריין נאָך אַ גאַנצע ריי וויכטיקע אינסטיטוציעס, ווי

דער יידישער קולטור־קאָנגרעס, דער „ייוואָ“, דער „ציקאָ“־פאַרלאַג און אַנדערע, אָרגאַניזאַציעס וואָס טוען אויף גרויסע און פונדאַמענטאַלע זאַכן פאַר דער יידיש־וועלטלעכער קולטור, פאַר דער יידישער שפּראַך, פאַר דער יידישער ליטעראַטור. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זיינען זייער פּאָפּולער און גענייסן פון אָנזען און רעספּעקט. זיי קאָנצענטרירן אַרום זיך דאָס בעסטע פון דער יידישער אינטעליגענץ פון די פאַראייניקטע שטאַטן און זיינען דער אַדרעס פון אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט דער מאָדערנער יידישער פאָלקס־קולטור אין יידיש און — דאָך איז זייער מערכה נישט קיין סטאַבילע. זיי האַלטן זיך אויס פון צופעליקע פאָנדן און זייערע אָנהענגערס און סימ־פּאַטיזירערס זיינען אָרגאַניש נישט פאַרבונדן מיט זיי, הגם זיי ציילן זיך אין די טויזנטער. דער צענטער פון די דאָזיקע וועלטלעכע אינסטיטוציעס, אויסער דעם „ייוואָ“ וואָס האָט זיין אייגענע היים, איז דאָס „אַטראַן־הויז“, וווּ זיי געפינען זיך און זיינען טעטיק. דאָס דאָזיקע הויז, וואָס גענייסט פון אַ פאַרדינטער פּאָפּולאַריטעט, איז דער רעזולטאַט פון דער וויזיע פון אַ יידישן גביר מיט גרויסע סימפּאַטיעס פאַר דער יידישער וועלטלעכער קול־טור, וועמען מען דאַרף פאַרדאַנקען דאָס וואָס די יידישע וועלטלעכע אָרגאַ־ניזאַציעס אָן אַ ממשותדיקן, נאָרמאַלן מאַטעריעלן אָנשפּאַר האָבן אַזאַ פּרעכ־טיקע און באַקוועמע היים ווי עס איז דאָס „אַטראַן־הויז“, וווּ אויך דער „בונד“ און זיינע קרובישע אָרגאַניזאַציעס האָט זיין היים. עס וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן אַז ווען נישט דאָס „אַטראַן־הויז“, וואָלט די מערכה פון אַ גרויסן טייל פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור געווען אַ סך ערגער ווי זי איז.

# ייִדיש אין די פּאַראייניקטע שטאַטן

ווען אַן אונדזעריקער באַזוכט די פּאַראייניקטע שטאַטן און קומט אין קאָנטאַקט מיט דעם ייִדישן לעבן, אינטערעסירט ער זיך נאַטירלעך קודם־כּל צו דערגיין ווי עס האַלט מיט דער מערכה פון ייִדיש אַלס לעבעדיקער פאַק־טאָר. ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע איז נישט אַזוי לייכט, ווייל די פּראָבלעם פון ייִדיש אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז נישט אַזוי פּשוט. אויב מען וועט אייך, צום ביישפּיל, זאָגן אַז מיט ייִדיש קען מען זייער גוט אויסקומען אין ניו־יאָרק, הייסט עס נאָך נישט אַז ס'האַלט גוט מיט דער צוקונפט פון אונדזער מאַמע־לשון אין דעם גרעסטן ייִדישן ישוב אויף דער וועלט היינט צו טאָג. אין ישראל, צום ביישפּיל, קען מען אויך זייער גוט אויס־קומען מיט ייִדיש; דאָס אָבער מיינט נישט, אַז ייִדיש איז די שפּראַך פון דער טאָג־טעגלעכקייט אין דער ייִדישער מדינה. עס גייען אַרויס ייִדישע צייט־טונגען, מען שפּילט ייִדיש טעאַטער, עס דערשיינען גוטע ייִדישע זשור־נאַלן און אַ סך, זייער אַ סך, רעדן ייִדיש; אָבער דאָס מיינט נישט, אַז ייִדיש פאַרנעמט אַן עפנטלעך אָרט אין דעם לעבן פון ישראל. מען וואָלט דאָס זעלבע געקענט זאָגן וועגן דעם ייִדישן ישוב אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. צענדליקער טויזנטער ייִדן רעדן ייִדיש, עס גייען אַרויס דריי ייִדישע טאָג־צייטונגען און צענדליקער פּעריאָדישע אויסגאַבן אין ייִדיש. עס זיינען פאַ־ראַן ייִדישע שולן, אין וועלכע צענדליקער טויזנטער קינדער לערנען צווישן אַנדערס די ייִדישע שפּראַך, מען שפּילט טעאַטער אויף ייִדיש און עס זיינען פאַראַן עטלעכע ייִדישע ראַדיאָ־אויסטיעלונגען... 

ווערן רעאַליזירט קאָלאָסאַלע איניציאַטיווס אויפֿן געביט פֿון פֿאָרשן און פֿאַרשענערן די יידישע שפּראַך און דאָך — דאָך רעדן אַלע פּעסימיסטיש וועגן דער מערכה פֿון ייִדיש אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. אַפּילו די וואָס קומען פֿון צייט צו צייט אַרויס מיט אַן אָפּטימיסטישער נאָטע בנוגע ייִדיש אין נאָרד־אַמעריקע, טוען עס אויך ביי אַזעלכע געלעגנהייטן, וואָס רופֿט אַרויס מער פּעסימיזם ווי אָפּטימיזם.

מיט ייִדיש אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן קומט פֿאָר אַ מאָדנע זאַך. ליטע־ראַריש און וויסנשאַפֿטלעך איז די מערכה פֿון ייִדיש נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי הויך ווי זי איז אין דעם דאָזיקן לאַנד. אויפֿן געביט פֿון ייִדיש־לינגוויסטיק, זיינען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן דערשינען די לעצטע יאָרן אַזעלכע מאָנומענטאַלע ווערק, וואָס וואָלטן נישט געקענט פֿאַרשעמט ווערן קעגן ווערק פֿון דעם זעלבן מין אין אַנדערע שפּראַכן. דער „אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" פֿון נחום סטוטשקאָוו אַליין איז איינס פֿון די גרעסטע ווערק אויפֿן געביט פֿון זאַמלען סינאָנימען פֿון אַ שפּראַך. די לעצטע בענדער פֿון דער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע" וואָס זיינען דערשינען אין ניו־יאָרק; דער גרויסער ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך, דער לעקסיקאָן פֿון ייִדישע שרייבער און אַנדערע ווערק וואָס געפֿינען זיך אין צוגרייטונג פֿון פֿאָרשונג און זאַמלונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך, זיינען ווערק פֿון מאָנו־מענטאַלער באַדייטונג. אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן זיינען די לעצטע יאָרן דערשינען און עס דערשיינען ווייטער ווערק פֿון פּראָזע און פּאָעזיע אין דער ייִדישער שפּראַך פֿון דעם העכסטן ניוואָ וואָס מען קען זיך פֿאָרשטעלן אויף דעם געביט. אין אייניקע נאָרד־אַמעריקאַנער הויכשולן ווערט ייִדיש גע־לערנט ווי אַ קעגנשטאַנד און אין די גרויסע ביבליאָטעקן פֿון ניו־יאָרק און וואַשינגטאָן זיינען פֿאַראַן אָפּטיילונגען, וווּ מען קען געפֿינען די סאַמע לעצטע ביכער אין ייִדיש. און דאָך — טראָץ דעם דאָזיקן הויכן ניוואָ פֿון דער ייִדי־שער שפּראַך און די בירגער־רעכט וואָס זי האָט באַקומען אין די הויכע אינטעלעקטועלע ספֿערן — איז די שטימונג אַרום דער צוקונפֿט פֿון ייִדיש אַ פּעסימיסטישע. און פּעסימיסטישע מיינונגען האָב איך דווקא געהערט פֿון מענטשן וואָס גיבן אַוועק זייער צייט און זייער ענערגיע אויף צו קעמפֿן פֿאַר די רעכט און פֿאַר דעם קיום פֿון דער ייִדישער שפּראַך. אייניקע פֿון די

דאָזיקע מענטשן, צווישן זיי שרייבער, האָבן דווקא דערפאָלג אין עפנטלעכן לעבן אויף ענגליש און דאָך לאָזן זיי נישט דורך קיין איין געלעגנהייט צו פאַרטיידיקן די רעכט פון יידיש און צו פאַרזיכערן איר קיום.

פון וואַנען נעמט זיך דער דאָזיקער פענאָמען? אויף צו פאַרשטיין די לאַגע פון יידיש אין די פאַראייניקטע שטאַטן דאַרף מען זיך אומקערן אויף צוריק און זען די אומשטענדן אונטער וועלכע די יידישע שפּראַך האָט דורכגעמאַכט איר אויפשטייג אַלס מאַסאָווע פאָלקשפּראַך. געשיכטלעך גענומען, האָט די יידישע שפּראַך זיך אַנטוויקלט אַלס אַ נויטווענדיקייט פון די יידישע מאַסן, אונטער באַשטימטע באַדינגונגען און אומשטענדן. די דאָזיקע נויטווענדיקייט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט כמעט אויף אַלע געביטן פונעם יידישן לעבן אין די לענדער ווו זיי האָבן געוווינט אין מאַסן, די לעצטע צוויי־דריי הונדערט יאָר. די יידישע שפּראַך איז געוואָרן אַ באַגלייט־דערשיינונג, אַזוי צו זאָגן, אין דער אַלגעמיינער איזאָלאַציע, אין וועלכער יידן זיינען געצוווּנגען געוואָרן צו לעבן. די דאָזיקע אָפּגעזונדערטקייט איז געקומען צום אויסדרוק אַזוי אויפן עקאָנאָמישן ווי אויפן קולטור־געביט און זי האָט זיך אויסגעווירקט צום גונסטן אויף דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך, וועלכע איז שטענדיק געווען אַ פאָלקשפּראַך „פאַר עקסעלאַנס״. ווען יידיש האָט אָנגעהויבן צו ווערן די שפּראַך פון דעם יידישן אינטעליגענט און אַפילו אינטעלעקטואַל אין די אַלטע יידישע ישובים פון מזרח־אייראָפּע, האָט שוין איר פּאָזיציע אָנגעהויבן אָפּגעשוואַכט צו ווערן דורך אַ היפּשער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, אַפילו אין יענע לענדער, ווו עס האָבן געלעבט מיליאָנען יידן, ווי רוסלאַנד, רומעניע, פּוילן און גאַליציע. וואָס ווייניקער עס איז געוואָרן די איזאָלאַציע פונעם יידישן לעבן און וואָס מער יידן האָבן אָנגעהויבן באַקומען רעכט און אַ צוטריט צו די אַלגעמיינע קולטור־קוואַלן פון די באַטרעפנדיקע לענדער, האָט די פּאָזיציע פון יידיש אַלס מאַסן־שפּראַך אָנגעהויבן אָפּגעשוואַכט צו ווערן, הגם איר קאַטעגאָריע און איר ניוואָ איז וואָס אַ טאָג געוואָרן העכער. אין די נייע יידישע ישובים, און באַזונדערס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו דאָס יידישע לעבן איז פונעם ערשטן מאָמענט אָן געווען פולבאַרעכטיקט און דערפאַר אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט דעם אַלגעמיינעם לעבן, איז די יידישע שפּראַך געוואָרן אַ צווייט־

ראַנגיקער פּאַקטאָר כאָטש די ערשטע ייִדישע אימיגראַנטן האָבן זיך אויס־געלעבט אין איר אין זייער געזעלשאַפטלעכן און אינטימען לעבן.

די הויפּט־סיבה פון דער שלעכטער מערכה פון דער ייִדישער שפּראַך (און דאָס לייקענען נישט אַפילו די סאַמע וואַרעמסטע אָנהענגער און חסידים פון ייִדיש) איז דאָס, וואָס זי איז נישט קיין נויטווענדיקייט אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן אַלס אינסטרומענט, ווי זי איז עס געווען אין די אַלטע ייִדישע ישובים. דאָס לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז זייער פּראַקטיש און דאָס וואָס איז נישט אומבאַדינגט נייטיק, ווערט פּשוט איגנאָרירט, מעג דאָס הינטער זיך האָבן אַ סטאַזש פון דורות. פאַר די ייִדישע אימיגראַנטן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן האָט ענגליש געהאַט דעם צויבער פון עפּעס וואָס האָט געשמעקט מיט פרייהייט און מיט רעכט און דער שנעלער איבערגאַנג אויף דער דאָזיקער שפּראַך איז געווען עפּעס ווי אַ סינאָנים פון אידענטיפי־קאַציע מיט דער נייער היים. אין די פּאַראייניקטע שטאַטן זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן אויסגעשטעלט די טויט־שיין פאַר ייִדיש, אין אַ צייט, ווען ייִדיש האָט נאָך דאָרט געבליט ווי אַ מאַסן־שפּראַך, נישט דערפאַר ווייל זיי זיינען געווען קעגנער פון ייִדיש, נאָר ווייל זיי האָבן געפילט די שטאַרקע אַטראַקציע וואָס די לאַנד־שפּראַך איבט אויס אויף די אימיגראַנטן און האָבן געזען דעם שוואַכן ווידערשטאַנד וואָס מען שטעלט איר אַפילו אין יענע קרייזן, וווּ ייִדיש איז נאָך געווען אַ נויטווענדיקייט פּשוט צוליב געשאַפענע אינטערעסן. פאַר דעם נייעם דור איז דער דאָזיקער פּראָצעס פון שפּראַכ־לעכער אַסימילאַציע אַוודאי געווען אַ נאַטירלעכער און ווען מען נעמט אין אַכט, אַז אַכציק פּראָצענט פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדנטום באַשטייט היינט צו טאָג פון געבוירענע אין אַמעריקע, איז נישט צו וווּנדערן זיך וואָס ייִדיש מאַכט דאָרט דורך אַזאַ ירידה אויפן געביט פון אַ טאָג־טעגלעך גע־רעדטער שפּראַך. פאַרקערט, נעמענדיק אין אַכט די דערמאָנטע פאַקטן און אומשטענדן, מוז מען דווקא באַוווּנדערן די היפּשע ראָלע וואָס די ייִדישע שפּראַך שפּילט נאָך אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אויף אַ סך געביטן.

ווען איך בין געווען אין ניו־יאָרק איז דאָרט פאָרגעקומען אַ שטיקל „מלחמה" אַרום ייִדיש. דער קאָנפליקט האָט אויסגעבראָכן אָט אַרום וואָס: דער אַמעריקאַנער ייִדישער קאָנגרעס, אַ ייִדישע אָרגאַניזאַציע מיט אַ היפּ־

שער גראַוויטאַציע אין דעם דאָרטיקן ישוב, האָט אַ ייִדישע סעקציע, דאָס הייסט, אַ סעקציע וואָס ווערט אָנגעפירט אין דער ייִדישער שפּראַך. די דאָזיקע סעקציע גיט אַרויס אַן אויסגאַבע אין ייִדיש „פֿאָלק און וועלט״, וואָס ווערט פֿאַרשפּרייט פֿונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין פֿאַרשידענע לענדער. די אויסגאַבע ווערט רעדאַקטירט פֿון דעם באַרימטן שרייבער יעקב גלאַטשטיין און זי איז פֿון אַ גאַנץ הויכן פּובליציסטישן און אינפֿאָרמאַטיוון ניוואָ. באַזונדערס דינט די אויסגאַבע אַלס אַ בריק פֿון אינפֿאָרמאַציע צווישן די פֿאַרשידענע ייִדישע ישובים און אין דעם זין ברענגט זי באַדייטנדיקע נוצן דעם ייִדישן לעבן אין אַלגעמיין. ווייזט אויס אָבער, אַז די פֿירערס פֿונעם אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס האָבן נישט אַזאַ מיינונג און אין אַ שיינעם טאָג האָבן זיי אָנגענומען אַ באַשלוס אָפּצושאַפֿן די דאָזיקע ייִדישע סעקציע. זייער מיינונג איז געווען, אַז זי איז פֿון פּראַקטישן שטאַנדפּונקט נישט נייטיק און אַז דאָס אָפּשאַפֿן זי וועט אַדיבער אומבאַמערקט. זיי האָבן געמאַכט אַ טעות. די ידיעה אַז דער אַמעריקאַנער ייִדישער קאָנגרעס גייט אָפּשאַפֿן די ייִדישע סעקציע האָט געפּלאַצט ווי אַ באָמבע אויף דער ייִדישער גאַס און די ייִדישע פּרעסע איז אַרויס קעגן דעם באַשלוס מיט העפטיקע פּראָטעסטן און אַטאַקעס. דער סוף איז געווען, אַז די לייטונג פֿונעם אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס האָט פֿאַררופֿן אַ ספּעציעלע פּרעסע־קאָנפֿערענץ, ווו דער פּרעזידענט ד״ר יאָאַכים פּרינץ, האָט, אונטער פֿאַרשידענע אויסריידן, צוריקגערופֿן דעם באַשלוס, אָנווייזנדיק אַז דאָס איז געווען די איניציאַטיוו נישט פֿון אים נאָר פֿון אַנדערע. פֿון זיינע רייד איז נישט געווען שווער צו דערקענען, אַז אויך ער איז נישט אַזאַ פֿייערדיקער אָנהענגער פֿון דער ייִדישער סעקציע, נאָר אַז עס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַזאַ טומל, איז — מילא...

איך האָב געבראַכט דעם דאָזיקן עפּיזאָד, ווייל ער איז בדרך־כּלל כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער מערכה פֿון ייִדיש אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. די גרויסע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואָס פֿירן אַ באַוווסטזיניקן קאַמף פֿאַר ייִדיש און באַניצן ייִדיש אין זייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט, האָבן אַ רעלאַטיוו־קליינע ווירקונג אויף דעם ברייטן ייִדישן לעבן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. דער צענטער פֿון דעם דאָזיקן באַוווסטזיניקן קאַמף פֿאַר ייִדיש איז דאָס „אַטראַן״־הויז, ווו עס געפֿינען זיך דער ייִדישער קולטור־

קאָנגרעס, די „ציקאָ״, דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט, דער „בונד״ מיט זיינע פאַרשידענע סעקציעס. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זיינען עס יענע וואָס באַניצן אין זייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט די יידישע שפּראַך, אָבער ליידער איז זייער ווירקונג, ווי איך וויז אָן אויף אַ צווייטן פּלאַץ, אַ שוואַכע און נישט־פאַרפליכטנדיקע פאַר די ברייטע יידישע מאַסן וואָס רעדן יידיש אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

באַהאַוונטע מענטשן, צווישן זיי איניקע גוט־אינפאָרמירטע זשורנאַ־ליסטן און שרייבער, האָבן מיר געזאָגט, אַז אין אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען נאָך הייַנט צו טאָג פאַראַן אַנדערהאַלבן מיליאָן יידן וואָס רעדן יידיש און אַז אַ פערטל מיליאָן פון זיי זיינען „קאָנסומענטן״ פון יידיש אַלס לייענער פון צייטונגען, זשורנאַלן, ביכער און צוהערער פון לעקציעס און קאָנפערענצן אין יידיש. לויט דער צאָל יידן פון נאָרד־אַמעריקע און קאַנאַדע, מאַכט דאָס אויס אַרום פופצן און פינף פראָצענט רעספּעקטיוו. פופצן פראָצענט די וואָס רעדן יידיש און פינף פראָצענט די, וואָס קאָנסומירן יידיש. דאָס וואָלט נישט געווען אַזוי שלעכט, ווען עס וואָלט אין דעם זין געווען אַ המשך, אַ נאָכוווּקס. ליידער ווערן די יידיש־רעדנדיקע און די געברויכער פון יידיש וואָס אַ טאָג אַלץ ווייניקער און קיין נייע קומען נישט צו. אָט אין דעם ליגט די סיבה פונעם פּעסימיזם. אייגנטלעך לעבן מיר דאָ אויך איבער דעם זעלבן פּראָצעס, אָבער אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז ער אין פולן גאַלאָפּ, אַזוי צו זאָגן.

מערקווירדיק איז, אַז דווקא די רעליגיעזע מוסדות זייגען נעסטן ווו די יידישע שפּראַך האָט נאָך אַ באַדייטנדיקע אַחיזה אַלס אַן אינסטרומענט, ממש. אויב עס זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַראַן ערטער ווו מען באַ־ניצט היפּש די יידישע שפּראַך, זיינען דאָס די ישיבות. ווייזט אויס, אַז די רעליגיעזע לימודים האָבן אין משך פון יאָרהונדערטער צופיל איינגעזאַפּט אין זיך די יידישע שפּראַך אַלס אָרגאַנישן עלעמענט, אַז מען זאָל קענען אויף איר מוותר זיין. פערזאָנען פון וועלטלעכן לאַגער, אַקטיווע מיליטאַנטן אין דעם קאַמף פאַר דעם קיום פון דער יידישער שפּראַך, האָבן מודה געווען, אַז אין די ישיבות האָט די יידישע שפּראַך אַ גאַנץ היפּשע אַחיזה, ווי אַ נייַ־טיקע זאַך, אַזוי צו זאָגן. מען קען אָבער נישט זיכער זיין אַז דאָס וועט לאַנג

געדויערן, ווייל אויך אין אַ סך ישיבות איז מען שוין אַריבער אויף ענגליש און וואָס שייך אַ ייִדישער שפּראַך — אויף העברעיִש. וואָס שייך די ייִדיש־וועלטלעכע שולן, דערפילן זיי זייער ראָלע אַלס טיילווייזע דאַמבעס קעגן דער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, אָבער זיי זיינען צו שוואַך צו קענען ענ־דערן די לאַגע, וואָס איז אַ פּועל־יוצא פון אַ סך סיבות, אייניקע פון זיי ממש פון פאַטאַלן כאַראַקטער פאַר דער עקסיסטענץ פון דער ייִדישער שפּראַך.

די מערכה פון דער ייִדישער שפּראַך אין די פאַראייניקטע שטאַטן קען מען אַמבעסטנס דערקענען אין דער לאַגע פון די צוויי וויכטיקסטע פאַקטאָרן דורך וועלכע זי קומט צום אויסדרוק: דאָס ייִדישע טעאַטער און די ייִדישע פּרעסע. קאָמערציעל, איז דאָס ייִדישע טעאַטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ זאַך וואָס געהער צו דער פאַרגאַנגענהייט. וואָס שייך דער ייִדישער פּרעסע, איז זי נאָך אַ גאַנץ באַדייטנדיקער פאַקטאָר, אָבער זי מאַכט דורך אַ ירידה, אויב טאַקע נישט אַ קריזיס. די ייִדישע פּרעסע אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך שטענדיק אויסגעהאַלטן פונעם טיראַזש און דער טיראַזש אירער פאַלט פון טאָג צו טאָג. דער אַלטער דור לייענער גייט אַוועק און קיין נייע לייענער קומען נישט צו. און נישט נאָר לייענער; קיין יונגע ייִדישע שריי־בערס און זשורנאַליסטן קומען אויך נישט צו און די רעדאַקציעס פון די ייִדישע צייטונגען באַשטייען פון לויטער וועטעראַנען. מיט דער ייִדישער שפּראַך אין די פאַראייניקטע שטאַטן קומט פאָר עפּעס ענלעכס וואָס מיט אַ געזונטן מענטשן וואָס ווערט עלטער און הייבט אָן צו פילן די נאַטירלעכע פאָלגן פון דער עלטער. קראַנק איז ער טאַקע נישט און ער איז אַפילו קליי־גער און דערפאַרענער, אָבער די סימנים פון דער עלטער לאָזן זיך אומעטום דערקענען. די הויט איז געקנייטשטער, די ראיה איז שוואַכער און אויך די בלוט־געפעסן זיינען פאַרהאַרטעוועטער. גוט איז אַזאַ איינעם ווען ער האָט קינדער און אייניקלעך און ער קען זיך פרייען מיט זיין נאָכוווּקס; אָבער ווען אַזאַ איינער האָט נישט קיין קינדער און במילא נישט קיין אייניקלעך, איז אים טרויעריק, זייער טרויעריק. ייִדיש אין די פאַראייניקטע שטאַטן מאַכט דורך עפּעס ענלעכס: אַ שיינע, אַנטוויקלטע שפּראַך וואָס האָט דערגרייכט הויכע מדרגות, אָבער — זי האָט נישט קיין קינדער און אַוודאי נישט קיין „אייניקלעך". אַ טרויעריקער אויספיר, אָבער דער ריינער אמת.

# דער „אַפּאַראַט“ אין דעם ייִדיש געזעלשאַפטלעכן לעבן

אַ באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער־ און קולטור־טוער פון ניו־יאָרק, וועלכער געפינט זיך רעלאַטיוו ווייניק צייט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן און האָט זיך נאָך נישט „אַקלימאַטיזירט“ מיט דער סיסטעם און די מעטאָדן פון דעם דאָרטיקן ייִדישן לעבן, האָט מיר דעפינירט דעם כאַראַקטער פון ייִדישער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע אויף אַ זייער קורצן אופן. „אין דעם היגן ייִדישן לעבן“ — האָט ער באַטאָנט זיינע ווערטער — הערשט דער „באָס“. ער האָט דערמיט געמיינט צו זאָגן, אַז על פּי רוב ווערט דאָס ייִדישע געזעלשאַפטלעכע לעבן קאָנטראָלירט און אַפילו דיקטירט פון דעם וואָס געפינט זיך בראש פון דעם אַפּאַראַט וואָס פירט אָן מיט דער באַטרעפנ־דיקער אָרגאַניזאַציע. דער דאָזיקער מענטש איז אין פּוילן אויך געווען אַן אָנגעזעענע פיגור אַלס געזעלשאַפטלעכער־ און קולטור־טוער און ער איז געוווינט צו דעם פאָלקס־כאַראַקטער וואָס עס האָט דאָרט, ווי אין אַלע מזרח־איראָפּעיִשע ייִדישע ישובים געטראָגן די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזירטע טעטיקייט. איך האָב זיין אויסדרוק „באָס“ פאַרשטאַנען ווי אַ מין פערזענלעכע געמיט־אויסלאָדונג פון איינעם וואָס איז נישט מסכים מיט דער נייער סיס־טעם, הגם ער אַליין מוז מיט איר מיטגיין. געמיינט האָט ער אייגנטלעך צו זאָגן אַז אין דעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן הערשט די סיסטעם פונעם „אַפּאַראַט“ און — דאָס איז דער ריינער אמת.

צי אַזאַ סיסטעם איז גוט אָדער שלעכט, איז דאָ נישט וויכטיק; דער

אמת איז, אַז אין די אומשטענדן פון די פּאַראייניקטע שטאַטן איז אַזאַ סיס־טעם נייטיק. הגם אייניקע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס טראָגן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ מאַסן־כאַראַקטער לויט זייער טעטיקייט און צאָל מיטגלידער, וואָלטן זיי רעדוצירט געוואָרן צו איינגעשרומפּנקייט און בלוט־אָרעמקייט, ווען זיי זאָלן נישט אָנגעפירט ווערן פון גרויסע אַפּאַראַטן, אין וועלכע עס אַרבעטן על פּי רוב עקספּערטן אויפן געביט פון אָרגאַני־זאַציע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. דאָס ייִדישע לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַזאַ מאַסאָווע דערשיינונג, איז אַזוי פילאַרטיק און רייך אין פּראָבלעמען, אַז עס איז פּאַקטיש אויסגעשלאָסן אַז עס זאָל קענען אָנגעפירט ווערן מיט דערפאָלג פון וואָלונטירישע כלל־טוערס, ווי עס פּאַסירט נאָך אין אַ גרויסער מאָס ביי אונדז. דער „סאָשל וואָרקער" איז אין דעם ייִדישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט און ער שפּילט אין געוויסע פאַלן אַ דעצידירנדיקע ראָלע אין דעם דערפאָלג אָדער מיסדערפאָלג פון דער אָרגאַניזאַציע מיט וועלכער ער פירט אָן. דער גורל פון אַן אָרגאַניזאַציע ווערט נישט באַשטימט פון דער באַציִונג וואָס אירע מיט־גלידער האָבן צו איר, נאָר פון דער פעיִקייט פונעם אַפּאַראַט וואָס פירט אָן מיט איר. אַ סך מאָל איז דאָס אָפּהענגיק פונעם טעמפּעראַמענט, כאַראַקטער און פעיִקייטן פון איין מענטשן — פון דעם וואָס דער אויבנדערמאָנטער עסקן האָט אָנגערופן „באָס". מיר וועלן עס אָנרופן „שעף"; און דער אמת איז אַז די טיכטיקייט פון אַן אַפּאַראַט איז על פּי רוב אָפּהענגיק פון דעם „שעף" וואָס פירט אָן מיט אים.

דאָס וואָס די אָרגאַניזאַציע פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן איז אין גאַנצן אָפּהענגיק פונעם „אַפּאַראַט" איז נישט קיין צופאַל, ווען מען באַקענט זיך מיט דער געשיכטע פונעם ייִדישן לעבן אין יענעם לאַנד. להיפּוך צו דעם האָמאָגענישן כאַראַקטער פון דעם ייִדישן ישוב אין אַרגענ־טינע, וואָס באַשטייט אין זיין רוב פון מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן, וואָס האָבן געשפּילט אַן אַנטשיידנדיקע ראָלע אין זיין אַנטוויקלונג און געשטאַלטונג, איז דער ייִדישער ישוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן אַ העטעראָגענישער און האָט אין זיך געשטאַלטונג דורכגעמאַכט אַ סך מעטאַמאָרפאָזעס, וואָס האָבן געלייגט דעם חותם אויף זיין אָרגאַניזאַציאָנעלן כאַראַקטער. די ערשטע

ייִדן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן זיינען געווען ספּרדישע און זייער געזעל־שאַפטלעכע טעטיקייט אין משך פון איבער צוויי הונדערט יאָר, איז נישט געגאַנגען ווייטער פון דער סינאַגאָגע. אין דעם ייִדישן לעבן פון יענעם לאַנד זיינען זיי פאַרבליבן ווי אַ מין „אַריסטאָקראַטישע עליטע" וואָס שפּילט היינט נישט קיין וויכטיקע ראָלע אַלס לעבעדיקער פאַקטאָר. דעם יסוד פון דעם שפּעטערדיקן עטאַפּ אין דעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן, האָבן אין אָנהייב פאָריקן יאָרהונדערט פאַרלייגט די איינגעוואַנדערטע ייִדן פון מערב־אייראָפּע, איבערהויפּט פון דייטשלאַנד, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך נייע באַגריפן און נייע מעטאָדן פון ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס האָט אין אַ געוויסער מאָס געלייגט דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן חותם פון סיסטעמאַ־טישקייט און פון יעראַרכיע אויפן ייִדישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דער דאָזיקער עטאַפּ האָט אָנגעהאַלטן ביז סוף פאָריקן יאָרהונדערט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסן־איינוואַנדערונג פון מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן, וואָס האָבן ביסלעכווייז איבערגענומען די העגעמאָניע און אין אַ גרויסער מאָס געענדערט דעם כאַראַקטער און די צורה פון דעם ישוב. זיי האָבן אָבער נישט געקענט ענדערן די סיסטעם פונעם „אַפּאַראַט" צוליב סיבות וואָס זיינען, לויט מיין איינדרוק, געווען דעצידירנדיק אויף דעם געביט. מיר וועלן פּרווון אָנווייזן אויף די דאָזיקע סיבות, וואָס ווירקן אין דעם נאָרד־אַמערי־קאַנער ייִדישן לעבן ביז היינט צו טאָג און וואָס וועלן מיט די נייע געשע־ענישן אין דעם ייִדישן לעבן — איבערהויפּט מיטן אויפקום פון מדינת ישראל — נאָך מער אַקטועל.

איינע פון די סיבות פאַר וואָס דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישע לעבן האָט געמוזט אָרגאַניזאַציאָנעל זיך שטיצן אויפן „אַפּאַראַט" איז דאָס וואָס די ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט דאָרט פון לכתחילה אָן געטראָגן אַ פּראַטערנאַלן כאַראַקטער, צום ערשט פון צדקה און הילף און שפּעטער פון קעגנזייטיקער הילף. פון 1843 ביז 1953, זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן געגרינדעט געוואָרן דרייסיק ייִדישע אָרגאַניזאַציעס פון פּראַטערנאַלן כאַ־ראַקטער, פון וועלכע עס עקסיסטירן היינט אומגעפער אַרום צען, איניקע פון זיי, ווי דער ייִדישער אַרבעטער־רינג און דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד, פון גאָר גרויסן פאַרנעם. די צווייטע סיבה איז דאָס, וואָס די

געזעלשאַפטלעכע מאַסן־טעטיקייט פון די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס אין די פּאַראייניקטע שטאַטן האָט פון דעם ערשטן מאָמענט אָן געטראָגן אַ כאַראַקטער פון הילף פאַר די ייִדישע ישובים פון יענער זייט ים. אַפילו אַזאַ ייִדישע אָרגאַניזאַציע ווי די „בני ברית“ די עלטסטע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן (זי איז געגרינדעט געוואָרן אין אָקטאָבער פון 1843), וואָס אירע הויפּטצילן און פּרינציפּן זיינען געווען ייִדישע אַחדות און דאָס אַנטוויקלען די הויכע ייִדיש־עטישע פּרינציפּן צווישן אירע מיטגלידער, האָט שפּעטער געמוזט אָננעמען דעם כאַראַקטער פון אַ הילפס־ און פאַרטיידיקונגס־אָרגאַניזאַציע, בכדי צו העלפן ייִדן אין אַנדערע לענדער און באַשיצן די אייגענע רעכט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. שפּעטער, ווען די רדיפות אויף ייִדן אין דער צאַרישער רוסלאַנד האָבן זיך פאַרשטאַרקט, ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אַריינגעוואָרפן כמעט דאָס גאַנצע מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדנטום אין אַ צושטאַנד פון הונגער און נויט, האָט דאָס ייִדישע אָרגאַניזירטע לעבן אין נאָרד־אַמעריקע אָנגענומען אַ ברייטן כאַראַקטער פון נאַציאָנאַלער עמערגענץ־הילף, וואָס האָט אַרויסגערופן צום לעבן אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווי דער „דזשאָינט“, דער „האַיאַס“ און אַנדערע, צו וועלכע עס זיינען אַוודאי נייטיק געווען גוט־אויסגעשולטע אַפּאַראַטן פון עקספּערטן און ספּעציאַליסטן אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע און פאַרוואַלטונג.

אַן אַנדער זייער וויכטיקע סיבה פון דעם „אַפּאַראַטן“־כאַראַקטער פונעם ייִדישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז דער געזעלשאַפטלעכער פּלוראַליזם פון דעם דאָזיקן ייִדישן ישוב. אַלע פּרווון וואָס מען האָט אין די פאַראייניקטע שטאַטן געמאַכט אויף צו שאַפן אַ קהילה־סיסטעם פון צענטראַלן כאַראַקטער, זיינען דורכגעפאַלן. אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען פאַראַן צענדליקער גרויסע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס מיט ברייטע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס, אָבער קיין איינע פון זיי קען זיך נישט באַרימען מיט קיין עקסקלוסיווער רעפּרעזענטאַנץ פון דעם ייִדישן ישוב אויף קיין שום געביט. אין דעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן איז לחלוטין פרעמט דער געדאַנק פון אַ צענטראַליסטישער קהילה־אָרגאַניזאַציע, ווי זי איז געווען באַקאַנט אין די אַלטע ייִדישע ישובים, און דאָס ייִדישע געזעלשאַפטלעכע לעבן

אַנטוויקלט זיך פּאַראַלעל דורך דער טעטיקייט פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַ־
ציעס מיט זייערע רעספעקטיווע אויספירערישע אַפּאַראַטן. די אָנגעהעריקייט
צו דער פאַרוואַלטונג פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע טראָגט מער אַן ערן־כאַראַקטער.
די פּאַקטישע אַרבעט ווערט אויסגעפירט פון אַ גוט־באַצאָלטן עקזעקוטיוו־
דירעקטאָר אָדער אַ „מענעדזשער" בראש פון אַ שטאַב באַצאָלטע באַאַמטע,
וואָס קענען זייער פּאַך. אומעטום, אין וואָס פאַר אַן אינסטיטוציע איר זאָלט
נישט אַריינקומען, צי איז דאָס אַן אָרטאָדאָקסישע ישיבה אָדער אַ סאָציאַ־
ליסטישע אָרגאַניזאַציע, וועט איר טרעפן אַ גוט־אויסגעשטעלטן אַפּאַראַט
וואָס פירט אָן מיט איר. מען רעדט שוין נישט פון די גרויסע אָרגאַניזאַ־
ציעס, ווו די „אַפּאַראַטן" שטעלן מיט זיך פאָר אַ בילד פון אמתע מאַסן־
קערפּערשאַפטן מיט קאָמפּליצירטע רעסאָרטן פון אָרגאַניזאַציע און פאַר־
וואַלטונג. אייניקע פון די דאָזיקע אַפּאַראַטן שטעלן מיט זיך פאָר אמתע
„מיניסטעריומס" מיט פונקציעס וואָס ווערן דורכגעפירט פון פאַרשידענע
„דעפּאַרטאַמענטן" און סעקציעס. די טעטיקייט אין די דאָזיקע „אַפּאַראַטן"
איז אַ שטרענג־פּראָצעדוראַלע און זי מוז דורכגיין די געהעריקע „אינס־
טאַנצן", ממש ווי עס פירט זיך אין אַ רעגירונגס־אינסטיטוציע.

מיט דער אַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה, איז די „אַפּאַראַטן"־
סיסטעם אין דעם יידישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן נאָך מער
אויסגעברייטערט געוואָרן און אייניקע פון די אָרגאַניזאַציעס וואָס אַרבעטן
פאַר ישראל, איבערהויפּט די וואָס זאַמלען פאָנדן, ווערן אָנגעפירט פון
באמת קאָלאָסאַלע אַפּאַראַטן. די אָפּטיילונג פון דער יידישער אַגענץ, די
ביוראָען פונעם „יונייטער דזשויש אַפּיל", די ישראל־באָנעס, פונעם הסתדרות־
קאַמפּיין און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס וואָס אַרבעטן פאַר ישראל אין די
פאַראייניקטע שטאַטן, מאַכן דעם איינדרוק פון מיניסטעריומס. אין יעדער
איינער פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס וועט איר געפינען אַ צענטראַלע
טעלעפאָנען־סיסטעם און אַ שטאַב פון טעכניקערס און עקספּערטן וואָס אַר־
בעטן לויט דעם לעצטן וואָרט פון דער מאָדערנער טעכניק. די אַרבעט פון
די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס איז פאַרבונדן מיט אָן אַ שיעור איינצלהייטן פון
ממשותדיקן כאַראַקטער צו וועלכע עס איז נייטיק נישט נאָר געשולטע
באַאַמטע אין די ביוראָען, נאָר אויך מענטשן וואָס קענען באַהערשן די

„גאַס"; און די „גאַס" אין דעם ייִדישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן מיינט אַ זייער ברייט און פאַרשידנאַרטיק פעלד. אַ היפּשע צאָל ייִדישע שרייבערס, זשורנאַליסטן און סתם אינטעלעגענטן מיט וועלכע איך האָב מיך באַגעגנט, האָבן אָנגעהערט צו איינעם פון די „אַפּאַראַטן" פון די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס. באַקאַנטע ייִדישע שרייבערס און דיכטערס פון ניו־יאָרק זיינען באַאַמטע אין די „אַפּאַראַטן" פון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס און דאָס גיט זיי די מעגלעכקייט צו מאַכן אַ שענער לעבן ווי דאָס וואָס זיי וואָלטן געקענט מאַכן פון זייערע דערציילונגען אָדער לידער. אייניקע פון די ייִדישע פּען־מענטשן פאַרנעמען אין די דאָזיקע „אַפּאַראַטן" גאַנץ הויכע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן.

פאַר אַן אונדזעריקן, וואָס איז נאָך צוגעווינט צום וואָלונטירישן „אַד האָנאָרעם"־כאַראַקטער פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווו דער „כלל־טוער" פאַרנעמט נאָך אַ וויכטיק פּלאַץ, איז די „אַפּאַראַטן"־סיסטעם פונעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ פולשטענדיק נייע דערשיינונג. מען מוז אָבער מודה זיין, אַז אַנדערש וואָלט עס נישט געקענט זיין, ווען מען נעמט אין אַכט דעם טיפּיש־פּלוראַליסטישן און מאַסן־כאַראַקטער פונעם ייִדישן לעבן אין יענער גרויסער מדינה. אַגב, גייען מיר דאָ אויך אויף דעם זעלבן וועג, ווייל וואָס אַ טאָג עס גייט אַוועק, ווערן ביי אונדז ווינציקער די וואָס זיינען גרייט צו אַרבעטן לטובת הכלל פּרייוויליק. אויך אין אונדזערע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס איז שוין גאַנץ גוט קענטיק דער איינפלוס פונעם „אַפּאַראַט" און וואָס אַ מאָל וועט די דאָזיקע השפּעה ווערן גרעסער; אָבער צו דער מדרגה פון די „אַפּאַראַטן" אין דעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן פון נאָרד־אַמעריקע, קומט עס נאָך דערווייל נישט. דער „אַפּאַראַט" אין דעם ייִדישן ציבורדיקן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז שוין נישט נאָר אַ סיסטעם, נאָר איז שוין אַ פעלד פון גרויסע געשאַפענע אינטערעסן פון טויזנטער מענטשן וואָס זיינען מיט איר פאַרבונדן. מען וואָלט געקענט ברענגען ביישפּילן וואָס וואָלטן באַווייזן אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווען עס קומט צום אָפּשאַצן די וויכטיקייט פון דער אָדער יענער אָרגאַניזאַציע, רעדט מען שוין נישט פון איר עלטער אָדער איר סטאַזש אָדער אַפילו וועגן דער צאָל מיטגלידער

וואָס זי נעמט אַרום, נאָר וועגן דעם אַפּאַראַט וואָס פירט אָן מיט איר און אָפּט מאָל וועגן דעם מענטשן וואָס שטייט בראש פון דעם אַפּאַראַט. דאָס איז נישט נאָר דער אויסדרוק פון אַ סיסטעם, נאָר אויך און אפשר איבער־הויפּט פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער פּראַקטישקייט, וואָס מעסט דער ווערט פון מענטשן, זאַכן און אינסטיטוציעס לויט ממשותדיקע נוצן וואָס זיי ברענגען.

איז דאָס גוט? איז דאָס שלעכט? איך נעם זיך נישט אונטער צו פּסקענען. איך האָב בלויז באַצוועקט אַרויסצוברענגען איינעם פון די אַספּעקטן פון דעם ייִדישן ציבורדיקן לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואָס זעט זיך שטאַרק אָן. איך בין אַפילו גענייגט צו גלייבן, אַז אויב אונדזער לעבן גייט אין געוויסע הינזיכטן אויף דעם זעלבן וועג וואָס דאָס ייִדישע לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואָלט נישט געשאַדט אַז מיר זאָלן עפּעס לערנען פון דער דאָזיקער סיסטעם און פון אַנדערע מעטאָדן, לויט וועלכע עס ווערט אָנגעפירט דאָס ייִדישע לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן.

# ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג אין נאָרד־אַמעריקע

וועגן דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָב איך מיך אינפֿאָרמירט פֿון פֿאַרשידענע קוועלן, אָבער די בעסטע דע־פֿיניציע וועגן דעם היינטיקן מצב פֿון דער דאָזיקער באַוועגונג, פֿון רייך־ייִדישן שטאַנדפּונקט־גענומען, האָט מיר געגעבן יעקב פּאַט, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פֿונעם ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט. פּאַט האָט מיר געזאָגט: דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט איז היינט דער אַדרעס פֿון דער ייִדישער אַר־בעטער־באַוועגונג אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, איבערהויפּט פֿאַר דער ניט־ייִדישער, אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג. עס זיינען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿאַראַן הונדערטער טויזנטער ייִדישע אַרבעטער, אָבער קיין רייך־ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייניגן, ווי עס זיינען געווען מיט יאָרן צוריק, איז היינט נישטאָ. אַפֿילו די אַזוי גערופֿענע „ייִדישע פֿאַכן", וווּ ייִדן זיינען אָפֿט מאָל געווען פֿאַרטראָטן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, זיינען היינט מאַיאָריזירט פֿון נישט־ייִדן; אָבער די אָנפֿירערס פֿון די דאָזיקע סינדיקאַטן, זיינען בדרך־כּלל ייִדן. עס איז אויך נישטאָ קיין ייִדישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג ווי עס איז געווען אַמאָל אין אַמעריקע. אַלץ פֿון דעם האָט זיך אַריינגעגאָסן אין דעם ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט, וועלכער רעפּרעזענטירט זיי און רעדט אין זייער נאָמען. די מיטגלידערשאַפֿט פֿונעם ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט נעמט אַרום אַ האַלבן מיליאָן ייִדישע אַרבעטער וואָס זיינען אָנגע־שלאָסן אין פֿאַרשידענע „יוניאָס" (סינדיקאַטן). אויך דער אַרבעטער־רינג,

די גרויסע פראַטערנאַלע יידישע אָרגאַניזאַציע, איז אָנגעשלאָסן אין דעם אַרבעטער־קאָמיטעט.

די אויבנגעבראַכטע ווערטער פון יעקב פּאַט, דעפינירן קלאָר דעם מצב פון דעם וואָס מיר וועלן אָנרופן „יידישע אַרבעטער־באַוועגונג" היינט צו טאָג אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עס מיינט צו זאָגן, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען פאַראַן יידישע אַרבעטער — און אַ סך יידישע אַרבעטער, מער ווי מען שטעלט זיך פאָר — אָבער קיין יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אַלס אַזעלכע איז נישטאָ. ווען מען נעמט אין אַכט אַז מיט יאָרן צוריק זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן געווען גרויסע, ריין־יידישע אַרבעטער־סינדי־קאַטן, מוז מען קומען צום אויספיר אַז פאַר דער דורכגעלאָפענער צייט האָט עפּעס פּאַסירט אַזוינס וואָס האָט געענדערט די סיטואַציע אויך אין דעם יידישן אַרבעטער־לעבן. און פּאַסירט האָבן וואַרשיינלעך צוויי זאַכן וואָס זיינען די הויפּט־סיבות פון דער דאָזיקער ענדערונג וואָס, ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז זי אַ פּועל־יוצא פון דעם איבערשיכטונגס־פּראָצעס וואָס איז פאָרגעקומען ביי יידן אין אַמעריקע. איין סיבה איז דאָס, וואָס די יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך אויף אַזוי פיל „אויסגעגרינט", אַז זיי האָבן אויפגעהערט צו נייטיקן זיך אין אייגענע סינדיקאַטן; און די צווייטע סיבה איז דאָס וואָס געוויסע פאַכן וואָס זיינען אַמאָל געווען ריין „יידישע", האָבן דאָס אויפגעהערט צו זיין, ווייל עס האָבן אין זיי אַריינגע־דרונגען נישט־יידן און ווייל אַ סך יידן זיינען אַוועק צו אַנדערע, „נישט־יידישע" פאַכן.

אויף צו האָבן אַ באַגריף ווי ווייט יידן זיינען געווען פאַרטראָטן אין געוויסע פאַכן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועט זיין גענוג צו זאָגן, אַז פון די אַכט און ניינציק טויזנט אַרבעטער וואָס זיינען אין דער שטאָט ניו־יאָרק געווען באַשעפטיקט אין 1898 אין דער נאָדל־אינדוסטריע, זיינען פינף און זיבעציק פּראָצענט געווען יידישע אימיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע. און דאָס איז נאָך נישט געווען דער אַפּאָגיי, דער הויכפּונקט, פון דעם יידישן פּראָ־צענט־זאַץ אין דעם נאָדל־פאַך אין נאָרד־אַמעריקע. עס זיינען געווען מאָ־מענטן ווען יידן האָבן באַהערשט די דאָזיקע בראַנדזשע כמעט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אין דעם לעדער־פאַך (די

אַזוי גערופענע „פּאַקעטבוק־מאַכער״) און אין דער פּוטערוואַרג־בראַנדזשע. אויך אין דעם פאַך פון היטלען און פּרויען־שליאַפּעס זיינען ייִדן געווען פּראָמינענט פאַרטראָטן. די דאָזיקע ייִדישע אַרבעטערס, די מערהייט פון זיי פון מזרח־אייראפּע, זיינען כמעט אַלע געווען פּרישגעבאַקענע פּראָלע־טאַריער, וואָס האָבן נישט באַהערשט די שפּראַך פונעם נייעם לאַנד און וואָס האָבן איבערהויפּט נישט געהאַט קיין שום אַנונג וועגן סינדיקאַלע פראַגן, האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פּשוט אויף צו באַשיצן זיך קעגן דער שרעקלעכער עקספּלאָטאַציע, צו וועלכער זיי זיינען געווען אויסגע־שטעלט אין יענע ערשטע יאָרן פון די טרויעריק־באַרימטע „שוויצשעפּער״ און אַנדערע באַדינגונגען פון ממש עבודת פּרך אין דעם „גאָלדענעם לאַנד״.

די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט הינטער זיך אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט פון קאַמף און עס איז מסתמא נישט איבערגעטריבן די אָנגענומענע מיינונג אַז זי האָט אַ סך משפּיע געווען אויף דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג אין יענעם לאַנד. ווי שוין אָנגעוויזן, איז דער בראשית פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין נאָרד־אַמעריקע געווען אַ באַוועגונג פון פּשוט באַשיצן זיך קעגן אוממענטשלעכער עקספּלאָ־טאַציע; אָבער מיט דער צייט האָט זי אָנגענומען אַ דעפינירטן קלאַסן־כאַראַקטער און האָט אויסגעאיבט אַ קענטיקן איינפלוס אויף דער אַלגעמיי־נער אַרבעטער־באַוועגונג. די שפּעטערדיקע ייִדישע אימיגראַציע פון אָנהייב הײנטיקן יאָרהונדערט ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געבראַכט מיט זיך אַן עלעמענט פון ייִדישע אינטעליגענטן און באַוווסטזיניקע אַרבע־טער־פירערס, וואָס האָבן אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אַריינגע־בראַכט דעפינירטע אידייישע געשטאַלטונגען וואָס האָבן פון איין זייט דער באַוועגונג געגעבן אַ העכערן ניוואָ און פון דער צווייטער זייט זי היפּש צעריסן און צעשפּליטערט. מיט דעם אָנקומען פונעם נייעם עלעמענט איז אין דער נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אויסגעבראָכן אַ העפטיקער קאַמף אויף צו באַהערשן זי און זי ריכטן לויט די אייגענע אידייישע איינשטעלונגען. דער דאָזיקער קאַמף האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט צווישן די סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן און ער ווערט אָפּגעשפּיגלט אין די זכרונות פון אַ סך פּראָמינענטע ייִדישע אַרבעטער־פירערס פון יענער

צייט. די אַנאַרכיסטן האָבן געפּרוווט אַרויספּצווינגען זייער שטאַנדפּונקט, אַז דער קלאַסן־קאַמף דאַרף געפירט ווערן מיט שאַרפע מעטאָדן און אויף אַן אָפּן־רעוואָלוציאָנערן אופן, דורך קאַמפן און שטרייקן; די סאָציאַליסטן האָבן אויך געפּרעדיקט קאַמף פאַר פאַרבעסערונגען, אָבער אויף אַ מעסיקן, שטופּנווייזן אופן. זייער שטאַנדפּונקט איז געווען אַז צוזאַמען מיטן קאַמף פאַר פערבעסערונגען, ווי העכערע לוינען און אַ קורצערע אַרבעטצייט, דאַרף מען מיט די אייגענע כוחות זיך באַמיִען צו הייבן דעם לעבנסניוואָ פונעם אַרבעטער, דורך שאַפן אָרגאַניזאַציעס פון קעגנזייטיקער הילף, וואָס זאָלן דעם אַרבעטער געבן אַ מעגלעכקייט פאַר אַ בעסער און שענער לעבן, צו פאַרזיכערן זיך אויף אַ מאָמענט פון נויט אָדער פאַר דער עלטער. אַז דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט האָט געזיגט, איז צו זען פון דעם פאַקט וואָס עס זיינען געבוירן געוואָרן אַזעלעכע ריזיקע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס ווי דער ייִדישער אַרבעטער־רינג, דער ייִדישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד און אַנדערע קלענערע אָרגאַניזאַציעס פון קעגנזייטיקער הילף, וואָס שפּילן היינט אַ פונדאַמענטאַלע ראָלע אין דעם לעבן פון צענדליקער טויזנטער ייִדישע אַרבעטער־פאַמיליעס.

עס זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַראַן היינט צו טאָג מעכטיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פון ייִדן און זיינען אין משך פון אַ סך יאָרן געווען מאַיאָריזירט פון ייִדישע אַרבעטער. שוין אין 1888 איז געגרינדעט געוואָרן אַזאַ גרויסע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע ווי די „פאַראייניקטע ייִדישע געווערקשאַפטן" וואָס איז געווען אַ מין פעדעראַציע פון ייִדישע „יוניעס" (סינדיקאַטן) און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט שאַפן אַזעלכע אין די פאַכן וווּ זיי זיינען נישט געווען. אין 1900, איז געגרינדעט געוואָרן די „אינטערנעשאָנעל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן" (אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע פון דעם פרויען קליידער־אינדוסטריע) און שפּעטער די „אַמאַלגאַמייטעד יוניאָן", די אָרגאַניזאַציע פון מענער־קליידער־אינדוסטריע. די דאָזיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זיינען געגרינדעט געוואָרן פון ייִדן און זיינען אין משך פון אַ סך יאָרן געווען דער אויסדרוק פון דער ריין־ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג; היינט זיינען זיי ריזיקע אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציעס. עס געפינען זיך אין זיי צענדליקער טויזנטער ייִדן אַלס מיט־

גלידער, אָבער זייער ריין־ייִדישן כאַראַקטער האָבן זיי אָנגעווירן. דאָס יאָ: אין דער אָנפירערשאַפט פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס פּרעדאָמינירן די ייִדן. דער פּרעזידענט פון דער „אינטערנעשאָנעל" איז דער באַקאַנטער ייִדי־שער אַרבעטער־פירער דוד דובינסקי, וועלכער שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דער הויפּטלייטער פון דער „אַמאַלגאַמייטעד" איז דער באַקאַנטער ייִדישער אַר־בעטער־פירער לויִס האָלענדער און אין דער לייטונג פּרעדאָמינירן די ייִדן, הגם אין דער אָרגאַניזאַציע גופא זיינען די ייִדישע מיטגלידער היינט נישט די מערהייט.

אַן ענלעך בילד ווי די צוויי אויבנדערמאָנטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס שטעלן היינט מיט זיך פאָר אַלע אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן און זיינען אין משך פון אַ סך יאָרן געווען ריין־ייִדישע. וואָס שייך אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווי דער ייִדישער אַרבעטער־רינג און דער ייִדישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן אַלס אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, טראָגן זיי שוין היינט ווייט נישט דעם כאַראַקטער פון אַזעלכע אין דעם בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט. סיי לויט זייער הויפּט־טעטיקייט און סיי לויט דער קלאַסן־אָנגעהעריקייט פון זייערע מיטגלידער, זיינען זיי היינט שוין מער נישט קיין טיפּישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. זיי זיינען מער פּראָטערנאַלע קערפּערשאַפטן מיט פונקציעס פון פאַרזיכערונג, קעגנזייטיקע הילף, דערציִונג און קולטור און טעטיקייט פאַר מדינת ישראל, ווי אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פון סינדיקאַלן אָדער אָרגאַני־זאַציאָנעלן כאַראַקטער. סיי דער אַרבעטער־רינג און סיי דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד פאַרמאָגן שוין היינט צווישן זייערע מיטגלידער אַ סך נישט־אַרבעטער, ווי פּראָפעסיאָנאַלן, באַאַמטע און סתם קליינבירגערלעכע עלעמענטן. די סיבה דערפון איז יעדנפאַלס אַ קלאָרע. דאָס ייִדישע לעבן אַליין אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג פון דעפּראָלעטאַריזאַציע און דאָס ברענגט במילא צו אַ פונדאַמענטאַלער ענדערונג אין דעם כאַראַקטער פון די גרויסע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן לכתחילה געטראָגן אַ פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער.

עס איז פריִער אָנגעוויזן געוואָרן אַז לכתחילה איז די ייִדישע אַרבעטער־

באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן געווען אַ ריינער אויסדרוק פון דער נויטווענדיקייט צו באַשיצן זיך קעגן דער שרעקלעכער עקספּלאָטאַציע. שפּעטער האָט זי באַקומען איר אידייִשע באַאַרבונג דורך דעם קאַמף פון אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן און דאָס האָט באַשטימט איר דעפיניטיוון כאַראַקטער אַלס אַ גרויסע באַוועגונג פון קעגנזייטיקער הילף. שפּעטער אָבער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט זי דורכגעמאַכט גרויסע קריזיסן און קאַמפן צוליב דעם פּאַרזוך פון די קאָמוניסטן צו געבן איר אַ באַשטימטן פּאָליטישן כאַראַקטער. יענער פּעריאָד האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שפּאַלטונגען און איבערגרופּירונגען אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג וואָס האָבן איר קיין געזונט נישט צוגעגעבן. קיין גרויסן פּאָרשריט אויף דעם דאָזיקן געביט האָבן די קאָמוניסטן נישט געקענט מאַכן, פּשוט דערפאַר ווייל עס איז קעגן דער אָנגענומענער ליניע פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס געהער אָפיציעל פּאָליטיש נישט צו קיין שום ריכטונג און זי טראָגט אַ ריין־סינדיקאַלן כאַראַקטער. אויף דער יידישער גאַס אָבער זיינען געמאַכט געוואָרן גרויסע אָנשטרענגונגען צו פּאָליטיזירן די אַרבעטער־באַוועגונג און זי איז דורך דעם היפּש אָפּגעשוואַכט געוואָרן אַלס ריין פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג. סיי ווי סיי אָבער זיינען די דאָזיקע פּאַרזוכן שוין געמאַכט געוואָרן אין אַ פּעריאָד, ווען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט שוין אַרויסגעוויזן טענדענצן פון אָפּשוואַכונג אַלס אַ ריין־יידישע דערשיינונג. היינט זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַראַן הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטער, אָבער נישט קיין יידישע אַרבעטער־באַוועגונג.

וואָס שייך דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, וועלכער איז, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, היינט צו טאָג דער אַדרעס פון דעם וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז ער היינט איינע פון די דריי גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס וואָס רעפּרעזענטירן פּאָליטיש און סאָציאַל־עקאָנאָמיש דעם יידישן ישוב פון יענעם לאַנד. יעקב פּאַט האָט עס מיר אילוסטרירט אויף זיין כאַראַקטעריסטיש־בילדערישן אופן. דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט צייכנט זיך אויס מיט זיין טעטיקייט אויף דריי געביטן: 1) ער איז די בריק פונעם יידישן פאָלק

אין אַמעריקע צו אַמעריקע דורך דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג. אָן דער מיטאַרבעט פון דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג איז פּאַקטיש נישט מעגלעך צו טאָן עפּעס לטובת די ייִדישע אינטערעסן; 2) ער איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג און ער איז פון זיי באַשטימט געוואָרן אַלס זייער אינסטרומענט צו אַרבעטן קעגן דיסקרימינאַציע און אַנדערע טעטיקייטן וואָס קענען האָבן אַ שייכות מיטן ייִדישן לעבן. ער האָט אין אַכצן וויכטיקע שטעט סובקאָמיטעטן וואָס אַרבעטן פאַר די דאָזיקע צילן; דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט פאַרטרעט אין נאַציאָנאַלע ייִדישע פראַגן די גאַנצע ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן און מען רעכנט זיך מיט זיין וואָרט; 3) דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער צענטראַלער קערפּער־שאַפט פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אויפן געביט פון ייִדישע קולטור־פראַגן. ער איז געווען דער וואָס האָט געגרינדעט דעם אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס. די „ציקאָ", ער פאַרזיכערט די עקסיסטענץ פון דעם זשורנאַל „צוקונפט" און שטייט בכלל אויף דער וואַך פאַר אַלע ייִדישע קולטור־פראַגן.

דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט איז געשאַפן געוואָרן אין 1934, אַ יאָר נאָך דעם וואָס דער היטלעריזם איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטש־לאַנד. שוין דעמאָלט האָבן די ייִדישע אַרבעטער־פירערס פון די פאַראייניק־טע שטאַטן געפילט דעם שטורעם וואָס קומט אָן און זיי האָבן געגרינדעט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן דער צענטראַלער נערוו פון אַ גרויסער הילפס־ און רעטונגס־אַרבעט, קודם כל, פאַר דעם פאַרפאָלגטן און פאַראָרעמטן פוילישן ייִדנטום און שפּעטער פאַר טויזנטער פּליטים וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער נאַציסטישער קאַטאַסטראָפע. מיט דער הילף פונעם ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט האָבן זיך געראַטעוועט הונדערטער ייִדישע שרייבערס, אינטעלעקטואַלן, כלל־טוערס און אַנדערע וויכטיקע פיגורן פון די אָקופּירטע לענדער און זיי געפינען זיך היינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו זיי פאַרנעמען אָנגעזעענע פּאָזיציעס אין דעם דאָרטיקן ייִדישן לעבן. אויפן געביט פון הילפס־ און רעהאַביליטאַציע־אַרבעט האָט דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט דורכגעפירט צווישן די

יאָרן 1945 און 1955 אַ ריזיקע טעטיקייט, איבערהויפּט אויפן געביט פון ראַטעווען ייִדישע מלחמה־יתומים און זיי איינאָרדענען אין קינדערהיימען וואָס ער האָט געשאַפן אין פראַנקרייך; סאַנאַטאָריעס און רעהאַביליטאַציע־אינסטיטוציעס וואָס האָבן טויזנטער ייִדישע משפחות זיך געהאָלפן שטעלן אויף די פיס; שולן און זומער־קאָלאָניעס פאַר געראַטעוועטע ייִדישע קינדער אין בעלגיע. אין ישראל האָט ער געהאָלפן אויפבויען דאָס קולטור־הויז אויפן נאָמען פון אַברהם ליעסין און די ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון פראַנץ קורסקי. אין די פאַראייניקטע שטאַטן פירט ער אַ פערמאַנענטע אַקציע קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם און ראַסן־דיסקרימינאַציע, אין ענגער צוזמענאַרבעט מיט די גרויסע נישט־ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

פון דעם ביז איצט געזאָגטן, איז קלאָר איין זאַך: קיין ריין־ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג ווי עס איז געווען מיט יאָרן צוריק, עקסיסטירט היינט נישט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עס איז אָבער פאַראַן אַ גרויסע ייִדישע אַרבעטערשאַפט, וואָס איז אָנגעשלאָסן אין די אַלגעמיינע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און זי איז דורך איר צאָל און געוויכט משפיע לטובת די ייִדישע אינטערעסן, ווען דאָס איז נייטיק. דער ייִדישער אַרבעטער־קאָמיטעט איז אָרגאַניזאַציאָנעל דער אויסדרוק פון אָט דער השפעה פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג און ער איז — ווי עס האָט ריכטיק דעפינירט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע, יעקב פּאַט, דער אַדרעס פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע.

# דער יידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר

דער יידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר פון ניו־יאָרק איז איינער פון די גרעסטע און וויכטיקסטע אַנשטאַלטן פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום אויף צוצוגרייטן גייסטיקע מנהיגים און מדריכים. צווישן די אינסטיטוציעס וואָס האָבן מיך אַממערסטן אינטערעסירט צו באַזוכן איז געווען דער דאָזיקער הויכער לערן־אַנשטאַלט און איך בין מיך מודה אַז ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. די דאָזיקע הויכשול פאַר גייסטיקע פירערס און דערציערס אימפּאָנירט נישט נאָר מיט איר אויסערלעכקייט, נאָר טאַקע מיט איר הויכן אינטעלעקטועלן ניוואָ און מיט איר ערנסטן צוגאַנג צו דער פּראָבלעם פון איינאיבן גייסטיקע מנהיגים וואָס זאָלן זיין עפּעס מער ווי סתם כלי־קודש. אין די פאַראייניקטע שטאַטן באַשטייט די פונקציע פון אַ ראַבינער אין עפּעס מער ווי בלויז „פּסקנען שאלות". אַ ראַבינער מוז זיין אַ מענטש מיט הויכער אַלגעמיינער בילדונג, מיט אַ סאָלידער יידישער בילדונג און מיט אַ פאַרשטענדעניש פאַר סאָציאַלע און אַפילו פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען. אַ ראַבינער מוז דאָרט זיין אַפילו אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר און מוז האָבן אַ חוש פאַר פּראַקטישקייט און טאַקט, אויב ער וויל האָבן דערפאָלג. אין דער מיסיע פון אָנפירן מיט אַן עדה יידן, אָדער ווי מען רופט עס אין די פאַראייניקטע שטאַטן — קאָנגרעגאַציע.

דער יידישער ישוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרמאָגט אַ גאַנצע ריי הויכע אַנשטאַלטן אויף צוצוגרייטן גייסטיקע פירערס און לערערס, אָבער דער טעאָלאָגישער סעמינאַר געהער צו די עלטסטע און גרעסטע פון דעם מין און ער האָט דורכגעמאַכט אַ באַדייטנדיקע עוואָלוציע ביז ער איז

געוואָרן דאָס וואָס ער איז היינט צו טאָג. איידער מיר וועלן איבערגעבן אונדזערע פערזענלעכע איינדרוקן, וועט זיין אינטערעסאַנט צו ברענגען אייניקע דאַטן וועגן דעם וועג וואָס עס האָט דורכגעמאַכט דער פּראָצעס פון אויפשטעלן העכערע יידישע לערן־אַנשטאַלטן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. מען דאַרף וויסן זיין אַז די פּיאָנערן אויף דעם געביט זיינען געווען יידן פון מערב־אייראָפּע און אייניקע אָפּשטאַמיקע פון די ערשטע ספרדישע יידן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן און די דאָזיקע הויכשולן איז לכתחילה געווען פרעמד דעם קאָנצעפּט פון יידישקייט, ווי עס האָבן עס פאַרשטאַנען די מזרח־אייראָפּעיִשע יידן וואָס זיינען געקומען מיט דער מאַסן־איינוואַנדערונג פון סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט. היינט, ווען אַ כציק פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די פּאַראייניקטע שטאַטן באַשטייט פון אַמעריקאַנער געבוירענע, איז דער אונטערשיד שוין נישט אַזוי גרויס; אָבער עס זיינען געווען צייטן ווען דער אונטערשיד איז געווען גאָר אַ גרוי־סער צווישן די אַזוי גערופענע „יאַהודים" און די פּשוטע פאָלקס־יידן פון מזרח־אייראָפּע, וואָס האָבן מיט זיך געבראַכט אַנדערע באַגריפן און אַנדערע פּרינציפּן פון יידישקייט. דער דאָזיקער געראַנגל צווישן די צוויי שיטות יידישקייט האָט זיך געמוזט אָפּשפּיגלען אויף דער עוואָלוציע פון די אַנשטאַלטן וואָס האָבן געדאַרפט צוגרייטן גייסטיקע פירערס פאַר דעם נייעם יידישן ישוב.

שוין אין 1840 האָט עמנואל נת פאָרגעשלאָגן צו גרינדן אין אַמעריקע אַ העכערן יידישן לערן־אַנשטאַלט, אָבער זיין איניציאַטיווע האָט נישט גע־האַט קיין דערפאָלג. ערשט אין 1867 האָט זיך אויף דער איניציאַטיווע פון דעם ראַבינער לעסער געעפנט אין פילאַדעלפיע דעם „מיימאָנידעס־קאָ־לעדזש", וועלכער האָט עקסיסטירט בלויז זעקס יאָר און האָט זיך געשלאָסן. אין 1875, איז אין סינסינעטי געגרינדעט געוואָרן אויף דער איניציאַטיווע פון יצחק מאיר וויז, פירער פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין נאָרד־אַמעריקע, דער „היברו יוניאָן קאָלעדזש" אויפן שטייגער פון די מערב־אייראָפּעיִשע ראַבינער־סעמינאַרן, ווו עס איז נישט צוגעלאָזט געוואָרן קיין שום השפּעה פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער אידייע און ווו די רעפאָרם־יידן האָבן פּרעדאָ־מינירט. די ליניע איז געווען, אַז מען דאַרף דערציִען אַ יידישע אינטעליגענץ

וואָס זאָל דענקען ייִדיש אָבער אין אַמעריקאַנער טערמינען. די דאָזיקע טענדענץ האָט זיך שפּעטער במילא אַנטוויקלט אויפן גאַנצן שטח פונעם אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן, אָבער עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן עס געוואָלט צואיילן.

אָבער די געשעענישן אין ייִדישן לעבן האָבן זיך אַזוי אויסגעוויקלט אַז עס האָט נישט געקענט בלייבן ביים אַלטן. אין 1922, האָט דער ראַביי סטיוון ס. וויַיז, פירער פון דער „פּרייער סינאַגאָגע" אין אַמעריקע געגרינ־דעט דעם „ייִדישן אינסטיטוט פאַר רעליגיע", וואָס האָט שוין געהאַט אַ סך ברייטערע צילן, פון ייִדיש־נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט גענומען. ראַביי וויַיז איז געווען אַ פירנדיקער ציוניסט און צוזאַמען מיט דער אויפגאַבע פון צוגרייטן גייסטיקע פירערס און דערציִערס פאַר דעם אָרטיקן ייִדישן לעבן, האָט ער נישט געקענט אויסמיידן די אַלגעמיינע ייִדישע נאַציאָנאַלע אידייע, מיט ארץ־ישראל אַלס נאַציאָנאַלע היים פאַרן ייִדישן פאָלק. מען דאַרף גע־דענקען אַז עס איז געווען קורץ נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און דער ציוניסטישער געדאַנק איז געוואָרן עפּעס מער ווי סתם אַן אינערלעכער ייִדישער ענין. אין 1950, האָבן ביידע אויבנדערמאָנטע אַנשטאַלטן פונעם רעפאָרם־ייִדנטום זיך צונויפגעגאָסן אונטערן נאָמען „היברו יוניאָן קאָלעדזש — דזשויִש אינסטיטוט אָוו רעלידזשאָן". די דאָזיקע צוויי פּאַראַיניקטע אַנש־טאַלטן זיינען ביז היינט צו טאָג די וואָס גרייטן צו גייסטיקע מנהיגים פאַר די רעפאָרם־ייִדן וואָס זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ באַדייטנדיקע קראַפט מיט אַ גרויסן איינפלוס, אָבער ווי עס איז צו זען מיט אַ טענדענץ וואָס איז אַ סך נעענטער צו דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער אידייע ווי זיי זיינען געווען אַמאָל.

וואָס שייך דעם טעאָלאָגישן סעמינאַר, האָט ער זיין אורשפּרונג אין אַן אַנשטאַלט וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1886 אין פילאַדעלפיע אונטערן נאָמען „טעאָלאָגישער סעמינאַר אַסאָסיאַציע". דער „היברו יוניאָן קאָלעדזש", וואָס איז געווען, ווי שוין געזאָגט, אַ שאַפונג פון די רעפאָרם־ייִדן, האָט נישט געקענט באַפרידיקן די אַספּיראַציעס פון די מער־קאָנסערוואַטאָרישע עלע־מענטן און זיי האָבן אָנגעהויבן טראַכטן פון גרינדן אַ לערן־אַנשטאַלט וואָס זאָל מער אַנטשפּרעכן די קאָנצעפּטן פון דער טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט.

אויף דער איניציאַטיווע פונעם ד״ר שבתי מאָראַיס, ווערט אין דעם אויבנ־דערמאָנטן יאָר געגרינדעט אין פילאַדעלפיע די „טעאָלאָגישע סעמינאַר־אַסאָציאַציע״ און אין 1867 ווערט אין ניו־יאָרק דערעפנט דער ייִדישער טעאָלאָגישער סעמינאַר, מיט אַן אָפּטיילונג אין פילאַדעלפיע. דער דאָזיקער סעמינאַר, וואָס איז לכתחילה געגרינדעט געוואָרן אַלס אַן אָרטאָדאָקסישע אינסטיטוציע, איז שפּעטער רעאָרגאַניזירט און אויסגעברייטערט געוואָרן דורך דעם ד״ר סאַלאָמאָן שעכטער, אַ ייִדישער געלערנטער וועלכן מען האָט ספּעציעל געבראַכט פון ענגלאַנד. אונטער זיין פירערשאַפט איז דער סעמינאַר אויסגעוואָקסן צו אַ הויכן לערן־אַנשטאַלט פון דער קאָנסער־וואַטיווער ייִדישקייט אין אַמעריקע, וועלכע איז דער צד השוה צווישן די אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמערס *).

***

דער צופאַל האָט געוואָלט אַז איך זאָל דעם ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר באַזוכן אין דעם זעלבן טאָג וואָס איך האָב באַזוכט דעם „ייִוואָ״. די דאָזיקע צוויי אינסטיטוציעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען פולשטענדיק אַנדערש איינע פון דער צווייטער לויט זייער פאַרגאַנגענהייט און הייַנטיקער טעטיקייט און דאָך איז פאַראַן צווישן זיי אַ סמיכת הפרשיות, אויף וויפל ביידע זאָרגן זיי זיך פאַר דעם המשך אין דעם ייִדישן לעבן. עס האָט זיך געמאַכט אַזוי אַז איך האָב פּונקט אויף דעם זעלבן טאָג געהאַט מיין „אַפּאָינטמענט״ מיט דעם עקזעקוטיוון סעקרעטאַר פונעם „ייִוואָ״, פּנחס שוואַרץ, און איך האָב ביידע אינסטיטוציעס געזען און „דערפילט״, אַזוי צו זאָגן, בנשימה אחת. איך מוז מודה זיין אַז סיי אין איינער און סיי אין דער צווייטער אינסטיטוציע בין איך איבערראַשט געוואָרן פון דעם וואָס איך האָב געזען און זיך דער־וווּסט. דאָס אָבער וואָס איך האָב ביידע באַזוכט אין איין טאָג איז געווען בלויז אַ צופאַל.

מיר געפינען זיך אין דעם טעאָלאָגישן סעמינאַר.

---

*) זלמן יעפרויקין „ייִדישע דערציונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן״, צענטער באַנד פון דער אַלגעמיינער ייִדישער ענציקלאָפּעדיע.

דער סעמינאַר געפינט זיך אויף בראָדוועי און 122סטע גאַס אין אַ פינף־שטאָקיקער געבײַדע וואָס פאַרנעמט אַ גאַנצן בלאָק (קוואַדרע, בלע״ז). איך האָב געהאַט בדעה צו האָבן אַ שמועס מיטן דירעקטאָר פונעם אַנשטאַלט ד״ר לוי פינקעלשטיין. אַזוי ווי אָבער ער האָט זיך נישט געפונען אין ניו־יאָרק האָב איך געהאַט געשפּרעכן (מיטן ד״ר נחום סרנה, דירעקטאָר פון דער ביבליאָטעק און מיטן ד״ר מאָריס לאַוב, דירעקטאָר פונעם אַלוועלטלעכן ראַט פון סינאַגאָגן, וועלכער האָט אַן ענגע שייכות מיטן סעמינאַר און מיט זיין טעטיקייט.

דער ד״ר סרנה, האָט זיך באַגרענעצט צו רעדן מיט מיר בלויז וועגן דער ביבליאָטעק, אָפּהאַלטנדיק זיך פון געבן מיר דאַטן פון דעם סעמינאַר. עס וועט אָבער זיין כדאי צו וויסן, אַז די ביבליאָטעק איז איינע פון די וויכטיקסטע אָפּטיילונגען פונעם סעמינאַר, וועלכער האָט אויך אַ גראַנדיעזן מוזיי פון ייִדישער קונסט און אַלטערטימלעכקייטן, וועלכן איך האָב באַזוכט באַזונדער. לויט דעם ד״ר נחום סרנה, איז דאָס די גרעסטע ביבליאָטעק אויף דער וועלט פון יודאַיִסטיק. זי פאַרמאָגט צען טויזנט מאַנוסקריפּטן, אַ סך פון זיי פון זייער זעלטענעם כאַראַקטער, ממש יקר המציאותן. עס זיינען צווישן זיי פאַראַן כתב־ידן פונעם נײַנטן יאָרהונדערט אָן און ווייטער. די ביבליאָטעק פאַרמאָגט אויך צוויי הונדערט טויזנט ביכער איבער יודאַיִסטיק, איינציקע פון זיי די איינציקע עקזעמפּלאַרן אויף דער וועלט. אין יענע טעג גראַדע האָט די ביבליאָטעק פונעם סעמינאַר אָפיציעל איבערגענומען דעם אַרכיוו פון דעם באַקאַנטן זאַמלער פון אַלטע ייִדישע ספרים יודאַ יאָפּע, וואָס איז פון אומאָפּשאַצבאַרן ווערט. אין אַ סאַלאָן פונעם סעמינאַר אין געווען אויסגעשטעלט אַ טייל פון דעם דאָזיקן אַרכיוו און די עקזעמפּלאַרן וואָס מען האָט געזען זיינען באמת פון זעלטענעם כאַראַקטער.

וואָס שייך דער אַלגעמיינער טעטיקייט פונעם סעמינאַר, האָב איך באַ־קומען דאַטן און ציפערן ביי דער לייטערן פון דער אינפאָרמאַציע־אָפּטיילונג, מרס׳ מאַריאָרע ווײַלער. דער יערלעכער בודזשעט פונעם סעמינאַר איז פון אַ מיליאָן ניין הונדערט טויזנט דאָלער (זייט אַ בריה און רעכנט עס אויס אין אַרגענטינער פּעזעס...). אין דעם אַנשטאַלט ווערן צוגעגרייט ראַבינערס און לערערס פאַר די ייִדישע געמיינדעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן. היינט

צו טאָג לערנען אין סעמינאַר הונדערט און פופציק יונגעלייט אויף ראַבי־נערס און פיר הונדערט אויף „טיטשערס" (לערערס). דער תלמיד וואָס קומט אָן אין סעמינאַר לערנען אויף ראַבינער מוז פאַרמאָגן אוניווערסיטעט־ביל־דונג. דאָס אויסשולן אַ ראַבינער געדויערט צווישן פינף און זיבן יאָר. דאָס צוגרייטן אַ ראַבינער קאָסט דעם סעמינאַר אומגעפער צען טויזנט דאָלער, לויט עס האָט מיר דערקלערט אַ גוט־באַגלייבטע פּערזאָן פונעם סעמינאַר. אויסשולן אַ לערער געדויערט צווישן פיר און פינף יאָר. די מערהייט פון די תלמידים לערנען אומבאַצאָלט. די תלמידים, אויסער די וואָס זיינען פאַר־הייראַט, וווינען אין סעמינאַר און עסן אין דעם דאָרטיקן רעסטאָראַן. דער סעמינאַר שולט אויך אויס חזנים, האָט אַ ראַדיאָ־פּראָגראַם אַלע וואָך און פּראָגראַמען דורך טעלעוויזיע זעקס מאָל אין יאָר, אונטערן נאָמען „דאָס אייביקע ליכט". זיינע ראַדיאָ און טעלעוויזיע־פּראָגראַמען ווערן באַטראַכט צווישן די בעסטע פונעם לאַנד. ער פירט אויך אָן מיטן אינסטיטוט פון „עטיקס" און האָט פּערמאַנענטע פאַרבינדונגען מיט גייסטלעכע פון אַנדערע רעליגיעס, מיט וועלכע עס ווערן שטודירט פראַגן פון סאָציאַלן כאַראַקטער. דער סעמינאַר גיט אויך אַרויס ביכער און ספרים. צווישן די קעגנשטאַנדן פונעם לימוד זיינען פאַראַן תנ"ך און תלמוד. די אונטעררעכט־שפּראַכן פונעם סעמינאַר זיינען ענגליש און העברעיש. אַ סך שילער האָבן מיט מיר גערעדט אַ נשקשהדיקן יידיש.

ווער האַלט אויס דעם סעמינאַר? ער ווערט אויסגעהאַלטן פון די ביי־טראָגן פון זיבן הונדערט קאָנגרעגאַציעס פונעם גאַנצן לאַנד, וואָס פאַרמאָגן אַ מיליאָן מיטגלידער. ער ווערט אויך געשטיצט פון פּריוואַטע מעצענאַטן און פון פּעריאָדישע געשאַנקען. דער סעמינאַר האָט אויך אַקציעס וואָס ברענגען אים אַריין אַ געוויסע הכנסה און ער פירט דורך פּעריאָדישע קאַמ־פּיינען. ווי עס זעט אויס פון דעם באַאַמטן־אַפּאַראַט און פון דער פאַרנעמ־פולער טעטיקייט, פעלן אים נישט קיין מיטלען. די דערציִונגס־אַרבעט וואָס ער פירט איז אַ סיסטעמאַטישע און זייער ערנסטע און אייניקע פון די וואָס פירן אָן מיטן אַנשטאַלט זיינען אָנערקענטע גרויסע אינטעלעקטועלע פּער־זענלעכקייטן. דער ד"ר יהושע העשעל איז איינער פון די פּראָפעסאָרן פונעם סעמינאַר. דער סעמינאַר האָט ביז איצט צוגעגרייט די מערהייט ראַבינערס

וואָס געפינען זיך בראש פון די קאָנסערוואַטיווע קאָנגרעגאַציעס פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן.

איך האָב אין סעמינאַר געפונען איין אַרגענטינער בחור, וואָס לערנט אויף ראַבינער. ער הייסט מאַנועל קאַמעניעצקי, און ער געפינט זיך אין דעם אַנשטאַלט צוויי יאָר צייט. עס איז דאָרט אויך פאַראַן אַ בחור פון בראַזיל וואָס שטודירט אויף ראַבינער. (אַגב האָב איך אין וויליאַמסבורג אויך געטראָפן אַן אַרגענטינער יינגל — בראַך — וואָס לערנט אין אַ דאָר־טיקער ישיבה און זעט אויס געמוי ווי די וויליאַמסבורגער). ווי עס איז צו זען, איז לאַטיין־אַמעריקע זייער שוואַך פאַרטראָטן אין דעם סעמינאַר און וועגן דעם דאָזיקן ענין האָט מיט מיר גערעדט דער ד״ר מאָריס לאַוב, די־רעקטאָר פונעם וועלט־ראַט פון סינאַגאָגן, וואָס האָט געטאַדלט די דאָזיקע גלייכגילטיקייט פון די לאַטיין־אַמעריקאַנישע ישובים.

דער באַזוך אין דעם דאָזיקן הויכן לערן־אַנשטאַלט, וווּ אַלץ איז איינ־געאָרדנט מיט דער באַקאַנטער נאָרד־אַמעריקאַנער פּראַקטישקייט, סיסטע־מאַטישקייט און מעטאָד, מוז ביי אַן אונדזעריקן אַרויסרופן געדאַנקען וועגן דעם מצב אויף דעם זעלבן געביט אין דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע. מען קען נישט זאָגן אַז מיר זײַ האָבן גאָרנישט געטאָן אויפן געביט פון דערציִונג, אָבער צי איז דאָס אַלץ וואָס מיר האָבן געטאָן אין הסכם מיט דער ווירקלעכקייט און מיט די אומשטענדן און באַדינגונגען אין וועלכע מיר לעבן? עס איז אויבן געזאָגט געוואָרן אַז איך האָב אין דעם טעאָלאָגישן סעמינאַר געטראָפן איין און איינציקן יידישן בחור וואָס מאַכט דאָרט דורך דעם קורס אויף ראַבינער. באַווייזט דאָס נישט אַז אונדזער ישוב באַציט זיך גלייכגילטיק בנוגע לערנען פון דער גרויסער דערפאַרונג פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידישן ישוב אויפן געביט פון צוגרייטן גייסטיקע פירערס און דערציִערס? איך האָב וועגן דעם געטראַכט נאָך איידער איך האָב געהאַט דעם שמועס מיטן ד״ר מאָריס לאַוב און זיינע ווערטער פון טאַדלונג פאַר דער דאָזיקער גלייכגילטיקייט זיינען געווען נישט מער ווי אַ באַשטעטיקונג פאַר מיין ערשטן איינדרוק. אַוודאי איז דער לעבנס־סטיל פון די נאָרד־אַמעריקאַנער יידן, זייערע געוווינהייטן, די שפּראַך און אַנדערע איינצלהייטן אַנדערש ווי די זעלבע ביי אונדז; די פּראָבלעם איז אָבער אין

גרונטגעזונומען די זעלבע. דער טעאָלאָגישער סעמינאַר איז אַן אינסטיטוציע וואָס איז געבוירן געוואָרן און האָט זיך אַנטוויקלט אַלס פּועל־יוצא פון דער הצטרכות פון גייסטיקע פירערס ביי די נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדן און ער איז אויסגעוואַקסן פּאַראַלעל מיט דער גאַנצער עוואָלוציע פון דעם ייִדישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער קען האָבן געוויסע חסרונות פונעם שטאַנדפּונקט פון געוויסע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, אָבער אַלס גאַנצער, איז ער אַ פּראַקטישער אויסדרוק פון די היינטיקע גייסטיקע הצטרכותן פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדישן ישוב אָדער פון דעם גרעסטן טייל פון אים.

עס מוז דערביי באַטאָנט ווערן אַז דער טעאָלאָגישער סעמינאַר איז נישט דער איינציקער אַנשטאַלט פון הויכער ייִדישער בילדונג אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. דער ישיבה אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון ר׳ יצחק אלחנן איז אַ גרויסער ייִדישער לערן־אַנשטאַלט, אָבער מיט אַ פּראָגראַם אין וועלכן עס גייען שוין אַריין אויסער סמיכות אויף רבנות, אַלגעמיינע לימודים פון אַקאַדעמישן כאַראַקטער. ביי דעם ישיבה־אוניווערסיטעט איז אויך פאַראַן אַ שול אויף צוצוגרייטן לערערס און ענלעכע לערן־אַנשטאַלטן זיינען פאַראַן אין פילאַדעלפיע, באַלטימאָר, באָסטאָן, דעטראָיט, שיקאַגאָ, לאָס אַנדזשעלעס און אַנדערע נאָרד־אַמעריקאַנער שטעט ווו עס וווינען אַ סך ייִדן. מען רעדט שוין נישט פון די צענדליקער ישיבות, וואָס זיינען די לערן־אַנשטאַלטן פונעם אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום אויף צוצוגרייטן גייסטיקע מנהיגים און מדריכים. אייניקע פון די דאָזיקע ישיבות האָבן הינטער זיך אַ רייכע געשיכטע אויפן געביט פון דערציִערישער טעטיקייט און זיי זיינען היינט רעליגיעז־טעאָלאָגישע שולן פון הויכן ניוואָ. אומאָפּהענגיק פון דעם פון וואַנען די דאָזיקע פאַרשידענע לערן־אַנשטאַלטן ציִען זייער יניקה, זיינען זיי אָבער אַלע אינסטיטוציעס וואָס אָריענטירן זיך אויף דער צוקונפט פון דעם ייִדישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

ווען מען נעמט אין אַכט אַז דאָס לעבן דאָ ביי אונדז וויקלט זיך אויס אין דער זעלבער ריכטונג ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אַז מיר האָבן כמעט די זעלבע פּראָבלעמען וואָס מען האָט דאָרט געהאַט מיט אַ

האַלבן יאָרהונדערט צוריק, מוז מען קומען צו דער מסקנה אַז מיר האָבן אַ סך וואָס צו לערנען פון אַזעלכע אינסטיטוציעס ווי דער טעאָלאָגישער סעמינאַר פון ניו־יאָרק, וואָס גרייט צו גייסטיקע פירערס און לערערס פאַר די ייִדישע געמיינדעס פון דאָזיקן גרויסן לאַנד, ווו עס לעבט היינט דער רוב מנין פונעם ייִדישן פאָלק.

# וויליאַמסבורג - יידישער מיטלאַלטער אין ניו־יאָרק

ניו־יאָרק, וועלכע איז דער העכסטער אויסדרוק פון דער מאָדערנער מעכאַניזירטער ציוויליזאַציע אין גאַנצן־גענומען, איז סיי געאָפיזיש און סיי דעמאָגראַפיש נישט קיין גאַנצע דערשיינונג, נאָר אַ מין ריזיקע וווּנדער־מאַשין, צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשידענע טיילן, וואָס פונקציאָנירט אויף אַ סופּער־האַרמאָנישן און סינכראָניזירטן אופן. געאָפיזיש איז ניו־יאָרק אַן אינדזל־שטאָט, וואָס איז צעטיילט פון טייכן און קאַנאַלן; דעמאָגראַפיש איז זי דער העכסטער אויסדרוק פון העטעראָגענישקייט, סיי לויטן אויסזען פון אירע איינוווינער און סיי לויט זייערע גייסטיקע, עמאָציאָנעלע און קולטור־מאַניפעסטאַציעס. דער העכסטער אויסדרוק פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, איז זי פול דעסט וועגן דאָס פלאַץ ווו מען קען זיך אָנטרעפן אויף טשיקאַווע, עקזאָטישע דערשיינונגען, וואָס וועלן נישט פאַרשעמט ווערן אַפילו פאַר די וואָס מען קען געפינען אין אינדיע, אַראַביע אָדער אין די פאַרוואָרפנסטע געגנטן פון דרום־אַמעריקע. און מעגלעך אַז טאַקע דערפאַר, וואָס איר טרעפט די דאָזיקע מערקווירדיקע און עקזאָטישע דער־שיינונגען אין דעם סאַמע האַרץ פון דער מערבדיקער ציוויליזאַציע אין אַן עפּאָכע ווען די וויסנשאַפט און די מעכאַניק אַזוי אַנסירן אין אַזאַ שנעלן טעמפּ, אַז טאַקע דערפאַר מאַכן זיי אויף אייך אַזאַ אויסטערלישן און טיפן איינדרוק.

עס זיינען אין ניו־יאָרק פאַראַן פאַרשידענע עקזאָטישע דערשיינונגען, וואָס רייסן ממש אויף די אויגן מיט זייער אַנדערשקייט אין דער מאָזאַיק

פון דער דאָזיקער ריזן־מעטראָפּאָליע. עס איז, צום ביישפּיל, פּאַראַן דאָס כינעזישע פערטל, וואָס איז אַ שטיק אַזיע, אַ שטיק ווייטער מזרח, אין דעם סאַמע האַרץ פון דער מערב־ציוויליזאַציע. עס זיינען פּאַראַן די נעגערס, וואָס זעען זיך שטאַרק אָן אין דעם דאָזיקן ריזן־געמיש פון פעלקער און ראַסן וואָס הייסט ניו־יאָרק. עס זיינען דאָ די פּאָרטאָ־ריקאַנער, וואָס צווינ־גען היפּש אַרויף זייער לאַטייִנישן נוסח אין אַ סך געגנטן פון דער שטאָט. עס זיינען דאָ אחינו בני ישראל, וואָס ווי אַמעריקאַניזירט זיי זאָלן נישט זיין, פילט מען זייער אָנוועזנהייט אומעטום. מען קען אָן שום איבערטרייבונג זאָגן, אַז די עקזאָטישע עלעמענטן דאָמינירן אין ניו־יאָרק נישט ווייניקער ווי די היימיש־אַמעריקאַנישע און זיי הויזן אַלע צוזאַמען בשלום. דאָס איז דער הויפּט קענצייכן פון דעם אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער. די אַמעריי־קאַנער דעמאָקראַטיע איז אַזאַ מעכטיקער מאָגן, אַז זי קען אַלץ אַראָפּ־שלינגען און עס זאָל איר נישט שאַדטן. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט עס צו זען מיט די אייגענע אויגן, און צו באַוווּנדערן דעם דאָזיקן אויס־טערלישן פענאָמען. דאָ אָבער וויל איך איבערגעבן מיין איינדרוק וועגן איינער פון די מערקווירדיקסטע דערשיינונגען, וואָס איז סופּער־עקזאָטיק, אַפילו אין דעם דזשונגל פון עקזאָטיק פון ניו־יאָרק: וועגן וויליאַמסבורג.

אַז מען דערמאָנט אַ ניו־יאָרקער ייִדן וויליאַמסבורג, גיט ער אַ שמייכל, ווי איינער רעדט: האַ! וויליאַמסבורג! דאָס איז אָבער נישט קיין ענין צו שמייכלען, נאָר צום שטודירן, צום פאָרשן. די פּאַראַייניקטע שטאַטן און באַזונדערס ניו־יאָרק, זיינען, ווי באַוווּסט, אַ מעכטיקער שמעלצטאָפּ, וואָס קאָכט איבער און אַסימילירט אין זיך פאַרשידענע פעלקער און ראַסן און פאַרוואַנדלט זיי אין אַמעריקאַנער. וויליאַמסבורג איז אַן אויסנאַם. זי לייקנט אָפּ די דאָזיקע אַקסיאָמע. קיינער קען נישט פאָרויסזאָגן ביז ווי לאַנג זי וועט עס אָפּלייקענען און צי זי וועט נישט פאַלן אונטער דעם מעכטיקן דרוק פון דעם אַרום, היום־יום אָבער, היינט צו טאָג איז זי עפּעס אַזוינס, ווי אַ מין לעצטער רעדוקט, אַ פעסטונג פון דעם אולטראַ־רעליגיעזן ייִדנטום, וואָס קעמפט פאַר דעם אייגענעם שטייגער מיט אַ מערקווירדיקער עקשנות און אָן קאָמפּראָמיסן און דעמאָנסטרירט זיין אַנדערשקייט מיט אַ מאָדנער האָפערדיקייט און — וואָלט איך געזאָגט — מיט שטאָלץ.

איך האָב באַזוכט וויליאַמסבורג אין דער באַגלייטונג פון דעם באַקאַנטן שרייבער מנשה אונגער, דעם מחבר פון עטלעכע וווּנדערבאַרע ביכער אי־בער חסידות. אונגער איז אויסגעבונדן מיט די דאָזיקע זאַכן און איך האָב מיר נישט געקענט ווינטשן קיין בעסערן וועגווייזער ווי ער. כאָטש דער אמת איז, אַז אין וויליאַמסבורג דאַרף מען נישט קיין וועגווייזער אויף צו זען און הערן דאָס, וואָס קומט דאָרט צום אויסדרוק. איר זעט דאָרט נישט נאָר עלטערע און מיטליעריקע ייִדן מיט לאַנגע בערד און פּאות און מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, נאָר קינדער פונעם ייִנגסטן עלטער מיט פּאות, וואָס הענגען זיי נאָך ממש ביז צו די גאָמבעס און נישט זעלטן ביז צו די אַקסלען. אייניקע קינדער טראָגן פּאות, וואָס זעען אויס ווי צעפּ. דאָס וואָס איך זאָג דאָ, איז אויף קיין האָר נישט איבערגעטריבן.. די דאָזיקע קינדער, די מערהייט פון זיי בילד־שיינע, מיט שוואַרצע פינקלדיקע אויגן, זיינען אַ שטיק אויסטערלישע עקזאָטיק, צווישן דער עקזאָטיק פון וויליאַמסבורג גופא. זיי פּערזאָניפיצירן די עקשנות פון וויליאַמסבורג צו פירן אַ טאָטאַלן קריג קעגן דער אַנדערשקייט — ייִדישער און נישט־ייִדישער — מיט וועל־כער זיי זיינען אַרומגערינגלט. די דאָזיקע קינדער זיינען קיין מאָל אין קיין קינאָ נישט געווען, זיי הערן נישט קיין ראַדיאָ, זיי זעען נישט קיין טעלע־וויזיע. אַרום זיי רוישט און עס קאָכט מיט דעם סאַמע העפּטיקסטן ריטם און אימפּעט פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, אָבער מיט זיי געהער זיך דאָס נישט אָן. זיי לעבן אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ וועלט, וואָס מען האָט אויפגעשטעלט פאַר זיי אין סאַמע האַרץ פון דער פאָרגעשריטנסטער פון די ציוויליזאַציעס. פאַר זיי האָט זיך די געשיכטע אָפּגעשטעלט אין דעם וויטסטן מיטלאַלטער, פשוטו כמשמעו, אַרומגערינגלט מיט אַ פעסטער, אומגע־זעענער מויער, וואָס כאָטש איר זעט זי נישט איז זי דאָ, זי עקסיסטירט, בפועל ממש.

ביי די טרעפּ פון איינער פון די צאָלרייכע ישיבות, וואָס געפינען זיך אין יענער געגנט, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט רעדן מיט אַ גרופּע קינדער, וואָס האָבן, — ווי אַלע קינדער, — געטומלט, אָבער אויף זייער אייגענעם שטייגער. אַלע, אָן אויסנאַם, האָבן גערעדט ייִדיש (אַן אונגאַרישן ייִדיש) און זיינען אין זייערע ענטפערס געווען ספּאָנטאַן, שאַרף און אין אייניקע

פאַלן — חריפותדיק. מיין איינדרוק איז געווען: אמתע גמרא־קעפּלעך. איינער פון די יינגלעך פון אַ יאָר דרייצן אָדער פערצן, וועמען איך באַמערק אַז זיינע פאות זיינען נישט קיין געקרייזלטע, האָט מיר אויפן אָרט געענטפערט:

— און ביי אייך איז דער קאָפּ פאַרדרייט... (איך בין געגאַנגען אָן אַ היטל).

אַ צווייט יינגל, מיט געקרייזלטע, לאַנגע פאות, וועמען איך האָב געפרעגט צי ער וויל פאָרן קיין ישראל, האָט מיר אויפן אָרט געענטפערט:

— יאָ, מיט משיחן...

אַז אין וויליאַמסבורג לערנט מען תורה ווי אין די אַלטע גוטע צייטן, איז איבעריק צו זאָגן. אין איין ישיבה האָב איך געזען ווי אַ מלמד האָט געלערנט מיט קינדער, האָט עס מיך דערמאָנט אַ יידיש חדר פון אַ יאָרהונדערט צוריק. דער רבי, אַ ייד מיט אַ שוואַרצער, פּאַטריאַרכאַלער באָרד און די קינדער אַרום אַ גרויסן טיש, אַלע מיט לאַנגע פאות און טיפּישע מלבושים, האָבן געלערנט די סדרה פון דער וואָך. וויליאַמסבורג ווייסט נישט און וויל נישט וויסן פון קיין פשרות. עס איז ווי די הייליקע ספרים זאָגן: יהרג ולא יעבור. קיין איין שטיינדעלע טאָר נישט צוגענומען ווערן פון דער אויפגעשטעלטער פּיראַמידע. עס איז סאַטמאַר און קלויזענבורג אין סאַמע ניו־יאָרק. פאַר די וויליאַמסבורגער האָט גאָר נישט פּאַסירט, נישט אין יידישן און נישט אין אַלגעמיינעם לעבן. מדינת ישראל דערמאָנען זיי מיט ביטול אויף די ליפּן. זיי זיינען די ווערסיע פון די נטורי קרתא ביי די ברעגן פונעם האָדסאָן.

לויט די געזעצן פון דער לאָגיק דאַרף דער שטאַרקער קערפּער פאַרניכטן און פאַרשלינגען דעם שוואַכערן. וויליאַמסבורג אָנערקענט עס נישט. איך האָב דאָרט געזען אַ קירכע, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שיל און אַ צווייטע קירכע, וואָס איז געשטאַנען מיט פאַרקלאַפּטע פענצטער און טירן. וואָס האָט פּאַסירט? אַ פּשוטע זאַך: די יידישע וויליאַמסבורג האָט אַרויסגעשטויסן די גוייִשע און די קירכעס זיינען געבליבן „אַרבעטלאָז". איז איינע פון זיי אָפּגעקויפט געוואָרן און מען האָט זי „מגייר" געווען, זי פאַרוואַנדלט אין אַ שיל. די צווייטע איז געבליבן שטיין אַ פּאַרלאָזטע און די טירן און פענצטער זיינען ממש פאַרקלאַפּט מיט ברעטער. דאָס זעלבע האָט פּאַ־

סירט מיט צוויי קינאָ־זאַלן. אין וויליאַמסבורג, להיפוך צו גאַנץ ניו־יאָרק, איז קינאָ נישט קיין גאַנגבאַר געשעפט, האָבן די קינאָס זיך געמוזט שליסן און זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שילן. אָט האָט איר עטלעכעביישפּילן פון דעם ווי אַ קלענערער קערפּער האָט אַרויסגעשטויסן אַ גרעסערן מיט זיין עקשנות. עס איז אַן ענין צום שטודירן פאַר סאָציאָלאָגן און פּסיכאָלאָגן.

מענטשן וואָס זיינען גוט באַקאַנט אין דעם כאַראַקטער פון ניו־יאָרק, זיינען ביי דער מיינונג, אַז די דערשיינונג וואָס הייסט וויליאַמסבורג, וועט נישט אָנהאַלטן שטענדיק. סימנים זיינען שוין דאָ דערויף. אין וויליאַמס־בורג גופא הערשט נישט קיין איינהייטלעכער גייסט. די סאַטמאַרער חסידים רעדן וועגן די קלויזענבורגער ווי וועגן אַפּיקורסים גמורים, הגם די קלויזענבורגער זיינען אויך פרום ביז גאָר. זייער חטא באַשטייט אין דעם, וואָס זיי האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צו ישראל. וויליאַמסבורג הייבט אויך אָן אָנצוווערן דעם האָמאָגענישן כאַראַקטער צוליב דעם פּשוטן מאָטיוו, וואָס לעצטנס האָבן זיך אַריינגעצויגן אַ סך פּאָרטאָריקאַנער. אויף איין גאַס האָט מיר אונגער געוויזן אַ הויז, וווּ די פּאָרטאָריקאַנער האָבן אויבן איינגע־אָרדנט אַ קאַטויליש קירכעלע און אונטן, האָט ער מיר געזאָגט, וווינט אַ רב. דער נאַטירלעכער פּראָצעס פון ענדערונגען אין דער דעמאָגראַפיע פון ניו־יאָרק טוט דאָס זייניקע אויך אין וויליאַמסבורג.

וואָס מאָרגן וועט זיין, קען קיינער נישט זאָגן אויף זיכער. היינט אָבער, איז וויליאַמסבורג אַ שטיק אויסטערלישע יִדישע עקזאָטיק אין סאַמע האַרץ פון ניו־יאָרק, וואָס איז ממש אומגלייבלעך פאַר דעם וואָס זעט עס.

אָט אַזוי ווי זי איז פריִער געשילדערט געוואָרן, וואָלט וויליאַמסבורג געקענט זיין נישט מער ווי נאָך איין אויסטערלישער קאָליר אין דער פּיל־קאָליריקייט פון דער ניו־יאָרקער עקזאָטיק. אויב ניו־יאָרק ווערט נישט אויס נאָרד־אַמעריקאַנער מעטראָפּאָליע, דורך דעם וואָס עס זיינען פאַראַן טיפּישע ווינקלען פון כינעזער, נעגערס אָדער לאַטיין־אַמעריקאַנער, וואָלט זי עס מסתמא נישט געוואָרן דורך דעם, וואָס עס האָט זיך אַ גרופּע יידן פאַרוואָלט צו פאַרוועגן מיטלאַלטער דווקא אין סאַמע מיטן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. האָט זיך אָבער אַריינגעמישט דער פּאָליטישער מאָמענט, וואָס האָט וויליאַמסבורג פאַרוואַנדלט נישט נאָר אין אַ פעסטונג פון קאָנסער־

וואַציע פון גלויבונגען, אַבערגלויבונגען און מנהגים וואָס געהערן צו אַנדערע צייטן, נאָר אין אַן אַקטיוון צענטער פון פאַנאַטישן קאַמף קעגן איינער פון די ווונדערלעכסטע דערשיינונגען אין דער ייִדישער געשיכטע: קעגן מדינת ישראל. מיר האָבן פריִער געזאָגט, אַז וויליאַמסבורג איז די ווערסיע פון די נטורי קרתא אין ניו־יאָרק און דאָס איז אויף קיין האָר נישט איבערגעטריבן. פונקט פאַרקערט: די ווערסיע פון די דאָזיקע קנאים אין ניו־יאָרק איז אין פיל הינזיכטן אַ סך געפערלעכער און פיינ־לעכער ווי זייער אָריגינאַל פון ירושלים. אין ירושלים, ווי פאַרביסן און אומגעלומפּערט עס זאָל נישט זיין דער קאַמף פון די נטורי קרתא, בלייבט דאָס פאָרט אַ ייִדישער „פאַמיליען־ענין”, וואָס קומט פאָר אין דער אינטי־מיטעט פון דער אייגענער היים. אין ניו־יאָרק, ווערט דער דאָזיקער קאַמף קעגן דער ייִדישער מדינה אַרויסגעטראָגן אין דער נישט־ייִדישער עפנט־לעכקייט און פאַרשאַפט דעם ייִדישן ישוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן און דער ייִדישער מדינה בושות און חרפּות אין די אויגן פון אייגענע און פרעמ־דע. זייער פאַנאַטישע קעגנערשאַפט קעגן דער ייִדישער מדינה איז אַזוי פאַר־ביסן און בלינד, אַז זיי שטעלן זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום עפנטלעכער מאַניפעסטאַציע אויף צו פאַרלוימדן און באַשמוצן דאָס וואָס איז היינט צו טאָג די אויסגעבענקטע האָפענונג פונעם גאַנצן ייִדישן פאָלק: מדינת ישראל. זייערע מאַניפעסטאַציעס און עפנטלעכע דערקלערונגען דווקא אין דער גרוי־סער נישט־ייִדישער פרעסע (דורך גוט־באַצאָלטע אַנאָנסן), זיינען נישט נאָר אַ פאַרשוועכונג פון דעם הייליקסטן פון די דערגרייכונגען פונעם ייִדישן פאָלק, נאָר זיינען אַן אינסטרומענט אין די הענט פון די שונאים פון מדינת ישראל און פונעם ייִדישן פאָלק אויף צו באַווייזן, אַז זיי זיינען „גערעכט” מיט זייער קאַמף קעגן דער עקסיסטענץ פון דער ייִדישער מדינה.

פאַר אַן אונדזעריקן, וואָס דענקט אין נאַציאָנאַל־מאָדערנע ייִדישע טער־מינען, איז וויליאַמסבורג נאַטירלעך, דער קלימאַקס פון אַנאַכראָניזם. דאָך, וואָלט מען מיט דער הילף פון אַ ביסל טאָלעראַנץ, געקענט מוחל זיין די דאָזיקע אולטראַ־פרומע ייִדן זייער קנאות און זייערע מעטאָדן אויף אויפ־צוהאַלטן ייִדישקייט, ווען די דאָזיקע קנאות וואָלט נישט געווען דעגענע־רירט אין אַ באַוועגונג, וואָס פאַרוואַנדלט זיי פּשוט אין שונאים פון דער

ייִדישער מדינה, זייט ביי זייט מיט די ערגסטע נישט־ייִדישע שונאים. מען דאַרף זיין פשוט בלינד־פאַנאַטיש אויף נישט צו געבן זיך רעכענונג, אַז אין נאָמען פון משיחן ווערט געלעסטערט די גרעסטע דערגרייכונג פון דער משיחישער אידייע, וואָס האָט אויפגעהאַלטן דאָס ייִדישע פאָלק אין משך פון צוויי טויזנט יאָר, אונטער די ערגסטע באַדינגונגען, צווישן פרעמדע פעלקער.

גייט מען אַוועק פון וויליאַמסבורג נישט נאָר אַן איבערראַשטער פון אַלץ וואָס מען האָט געזען און געהערט, נאָר מיט אַ היפשער פאַרביטערונג פון דעם, וואָס אין סאַמע האַרץ פון דער גרעסטער שטאָט אויף דער וועלט און פון דעם גרעסטן ייִדישן ישוב היינט צו טאָג, ווערט אונטערן אויסרייד פון גאָטזוכערײַ און פרומקייט געפירט אַ נישט־זויבערער קאַמף קעגן דעם גרעסטן נס אין דער מאָדערנער ייִדישער געשיכטע, ווי עס איז די ייִדישע מדינה.

# דאָס „אַטראַן"־הויז — אַן אַדרעס

דאָס „אַטראַן"־הויז פון ניו־יאָרק איז דערמאָנט געוואָרן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן פון אונדזער שפּאַציר איבער דעם ייִדישן לעבן פון דער גרויסער מעטראָפּאָליע. און דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך; עס איז אוממעגלעך צו רעדן וועגן דעם ייִדישן לעבן אין ניו־יאָרק, איבערהויפּט דאָס ייִדישע וועלטלעכע לעבן, און נישט דערמאָנען דאָס דאָזיקע הויז אויף דער 78סטער גאַס און מעדיסאָן־עוועניו. לויט מיין מיינונג אָבער, איז דאָס דאָזיקע הויז נישט סתם אַן ענין צום „דערמאָנען", נאָר אַן ענין צום אַנאַליזירן. דאָס „אַטראַן"־הויז איז אַ סך מער ווי סתם אַ געביידע אין וועלכער עס געפינען זיך עטלעכע ייִדישע אינסטיטוציעס. אין די ווייטערדיקע שורות וועל איך פּרוּוון דערווייזן פאַר וואָס איך דענק אַזוי.

עס איז פאַראַן אין דעם ייִדישן לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן אַ דראַמע וועלכע יעדער איינער פון אונדזעריקע פילט, אָבער וועגן וועלכער מען רעדט נישט, אָדער מען רעדט זייער שטיל, איך וואָלט געזאָגט — מיט אַ ביסעלע בושה: דאָס איז די קענטיקע ירידה פון דער ייִדישער שפּראַך און פון אַלץ וואָס ווערט אין איר געטאָן. אין אַ צווייטן קאַפּיטל פון דעם דאָזיקן בוך האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף דער מערכה פון ייִדיש אין די פאַראייניקטע שטאַטן און איך וועל דאָ נישט איבערחזרן דאָס וואָס איך האָב שוין געזאָגט. איך וועל נאָר ווידער באַטאָנען אַז אויב עס זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַראַן אַזעלכע וואָס נעמען נישט אויף די ירידה פון ייִדיש פּאַסיוו, נאָר שטעלן אַ ווידערשטאַנד פּערמאַנענט און אַקטיוו, זיינען עס די אינסטיטוציעס וואָס געפינען זיך אין דעם „אַטראַן"־הויז און די מענטשן

וואָס מען באַגעגנט אין דעם דאָזיקן הויז. דאָס „אַטראַן״־הויז איז עפּעס אַזוינס ווי דער „גענעראַל־שטאַב״ פון די וואָס פירן דעם קאַמף פאַר דער ייִדישער שפּראַך, איר חשיבות און איר יעראַרכיע אַלס אינסטרומענט צו פאַרזיכערן דעם קיום פון דעם אָנגעזאַמלטן ייִדישן קולטור־פאַרמעגן. אויב ייִדיש לעבט איבער אַ דראַמע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז דאָס „אַטראַן״־הויז דער בולטער אויסדרוק פון דער דאָזיקער דראַמע. און אַ דראַמע אין יעדער דער־שיינונג פונעם לעבן, דאַרפן מיר געדענקען, איז זייער אַ הויכע מדרגה. דאָרט וווּ עס הערט אויף די דראַמע פונעם לעבן, הייסט עס אַז דאָס לעבן גופא האָט זיך אָפּגעשטעלט.

דאָס „אַטראַן״־הויז איז אַן אימפּאַזאַנטע געביידע וואָס געפינט זיך אין דער סאַמע מיוחסדיקער געגנט פון מאַנהעטן, וווּ עס געפינען זיך נאָך אייני־קע וויכטיקע ייִדישע אינסטיטוציעס, ווי דער „ייִוואָ״, דאָס הויז אויפן נאָמען פון סטיוון וויז, אין וועלכן עס פונקציאָנירן די ביוראָען פונעם אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, דער מוזיי פונעם ייִדישן טעאָלאָגישן אינסטיטוט און אַ גאַנצע ריי גרויסע אינסטיטוציעס פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, ווי דער מעטראָפּאָליטאַנישער קונסט־מוזיי, דער גוגענהיים־מוזיי פון מאָדערנער מאָ־לעריי און אַנדערע וויכטיקע ייִדישע און נישט־ייִדישע מוסדות. דאָס הויז געפינט זיך אויף דער 78סטער גאַס צווישן דער פינפטער עוועניו און מעדי־סאָן עוועניו, וואָס דאָס מיינט אין דער סאַמע אַריסטאָקראַטישסטער געגנט פון ניו־יאָרק. דאָס הויז פאַרמאָגט פיר גאָרן און אַלע זיינען זיי אויסגעפּולט מיט די ביוראָען פון ייִדישע וועלטלעכע אינסטיטוציעס. עס איז עפּעס אַזוינס ווי די צענטראַלע פון גרויסע „אַפּאַראַטן״ פון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, אַפּאַראַטן מיט עקזעקוטיווע סעקרעטאַרן, טעכנישע סעק־רעטאַרן, באַאַמטע און עקספּערטן אין דער אָנפירונג פון ציבורדיקע ענינים. דאָס ייִדישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן מיר אָנגעוויזן אויף אַ צווייטן פלאַץ, ווערט איבערהויפּט אָנגעפירט פון ספּעציאַ־ליזירטע אַפּאַראַטן און דאָ, אין „אַטראַן״־הויז, קומט עס באַזונדערס צום אויסדרוק, ווייל דאָ געפינען זיך ייִדיש־וועלטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס זיי־נען באַזונדערס אָפּהענגיק פון דער טעטיקייט פון זייערע אַפּאַראַטן.

דאָס הויז טראָגט דעם נאָמען פון דעם ייִדישן פילאַנטראָפּ אַטראַן. ער

איז אין דער יוגנט געווען אַ בונדיסט און אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָט ער אָנגעזאַמלט אַ גרויס פֿאַרמעגן און עס אַוועקגעשענקט פֿאַר געזעלשאַפֿט־לעכע און וווילטעטיקע צוועקן. אין דעם „מאָונט־סינאַי"־שפּיטאָל האָב איך געזען אַ פּאַוועליאָן אויף זיין נאָמען. גרויסע פֿילאַנטראָפּישע נתינות און מעצענאַטישע זשעסטן זיינען אין דעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידישן לעבן נישט קיין אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג און מען קען די פֿאַלן אָנציילן אין די טויזנטער. וואָס שייך אָבער געשאַנקען פֿון אַזאַ גרויסן פֿאַרנעם פֿאַר אַ יידיש־וועלטלעכן צוועק, אָדער בעסער געזאָגט, פֿאַר אַ יידישן קולטור־צוועק פֿון וועלטלעכן כאַראַקטער, געהער דאָס „אַטראַן"־הויז צו די געציילטע פֿאַלן. דער דאָזיקער ייד האָט, ווייזט אויס, געהאַט אַ וויטן בליק ווען דער מערכה פֿון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט פֿאַרשטאַנען אַז עס וועט קומען אַ מאָמענט ווען די יידיש־וועלטלעכע קולטור וועט בלייבן אָן אַ פֿאַקטישן אַדרעס, און — ער האָט זי באַזאָרגט באַצייטנס מיט דעם דאָזיקן אַדרעס, קויפֿנדיק דאָס הויז פֿאַר די יידישע וועלטלעכע קולטור־אינסטיטוציעס. און ווען מען זאָגט „פֿאַר די יידיש־וועלט־לעכע אינסטיטוציעס", מיינט עס נישט קיין סימבאָלישער אָדער מעטאַפֿאָ־רישער אויסדרוק, נאָר די ווירקלעכקייט, פּשוטו כמשמעו. דאָס הויז געהער נישט צו דער אָדער יענער אינסטיטוציע וואָס געפֿינען זיך דאָרט, נאָר צו דער יידיש־וועלטלעכער קולטור אין בוכשטעבלעכן זינען פֿון וואָרט. יעדנ־פֿאַלס, האָב איך באַקומען אַזאַ איינדרוק.

אין דעם „אַטראַן"־הויז האָבן זייערע ביוראָען דער אַלוועלטלעכער יידי־שער קולטור־קאָנגרעס, דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט, דער „ציקאָ"־פֿאַרלאַג, די רעדאַקציע פֿונעם זשורנאַל „צוקונפֿט", די אַלגעמיינע יידישע ענציקלאָפּעדיע, דער „בונד", זיין אַרכיוו און אַנדערע אָפּטיילונגען זיינע, אַלץ אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס וואָס פֿילן אויס פֿונדאַמענטאַלע פֿונק־ציעס אויפֿן געביט פֿון יידיש־וועלטלעכער קולטור און ליטעראַטור, און וואָס זייער אָרגאַניזאַציאָנאַלער סטאַטוס איז אַנדערש ווי דער פֿון אַ סך אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן אויף אַ צווייטן פּלאַץ. די דאָזיקע אינסטיטוציעס האָבן זיך צוליב זייער ספּע־ציפֿישן כאַראַקטער געייניקט אין אַ געמיינזאַמען אַדרעס און דער דאָזיקער

אַדרעס איז היינט צו טאָג דאָס „אַטראַן"־הויז. נישט רעכענענדיק דעם „ייִוואָ", וואָס האָט זיין אייגן הויז, וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן אַז אין דעם „אַטראַן"־הויז איז איינגעזאַמלט געוואָרן דאָס וויכטיקסטע פון דעם וואָס עס איז פאַראַן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור און טעטיקייט. דער ייִדישער שרייבער, דער ייִדישער אינטעלעקטואַל און אינטעליגענט האָט אין דעם דאָזיקן הויז זיין גייסטיקע היים. עס איז אין דעם דאָזיקן הויז דעריבער פאַראַן עפּעס אַזוינס וואָס נייטיקט זיך נישט אין קיין ציפערן אָדער דאַטן אויף צו באַגרינדן די עכטקייט פון דער דער־שיינונג. מיר מיינען דאָ די שטימונג וואָס הערשט אין דעם דאָזיקן הויז. דאָ פילט איר בפירוש די שטימונג פון דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור. אויב דער ציל איז געווען אויפצושטעלן אַ היים פאַר דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור, איז דער דאָזיקער ציל פולשטענדיק דערגרייכט געוואָרן. ווי נאָר איר קומט אַהין אַריין, דערפילט איר די שטימונג פון אַ ייִדישער היים, נאָך מער — פון אַ ייִדישער קולטור־היים, פון הויכן ניוואָ. די אינסטיטוציעס וואָס געפינען זיך אין דעם הויז קענען זיך טאַקע נישט באַרימען מיט קיין ממשותדיקער אָנגעהעריקייט פון טויזנטער מיטגלידער, וואָס צאָלן זייער מיטגליד־אָפּצאָל אָדער מאַכן פאַר זיי קאַמפּיינען; זיי קענען זיך אָבער באַרי־מען אַז דאָס הויז וווּ זיי געפינען זיך איז טאַקע בפועל ממש דער אַדרעס פון דער ייִדישער וועלטלעכער קולטור און ווי נאָר אַ ייִדישער קולטור־יום־טוב, אַ צוזאַמענקום פון ייִדישן קולטור־כאַראַקטער, אַן אויפנאַמע פאַר אַ שרייבער, קולטור־טוער אָדער ייִדישער קינסטלער פון אויסלאַנד וואָס באַזוכט די פאַראייניקטע שטאַטן — איז דאָס „אַטראַן"־הויז דער אומבאַ־דינגטער אַדרעס. אין „אַטראַן"־הויז קענט איר צו יעדן מאָמענט טרעפן יענע וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די הייזון פון דער ייִדישער אינטעליגענץ אין די פאַראייניקטע שטאַטן. איר וועט זיי טרעפן אין די פאַרשידענע ביוראָען בעת דער אַרבעט און נאָך מער מיטיק־צייט אין דעם רעסטאָראַן פונעם הויז, וווּ איר וועט געפינען אַ געזעמל פון באַקאַנטע ייִדישע שרייבערס, אינטע־לעקטואַלן, געזעלשאַפטלעכע פירערס, קולטור־בויערס און סתם אינטעלי־גענטן. דאָ, אַרום די טישלעך, וווּ יעדער איינער האָט זיך אַליין געבראַכט זיין טאַץ מיט עסן פון דעם רעסטאָראַן־פּענצטערל, כאַפּט מען איבער אַ

לייכטן „לאַנטש“ און מען רעדט דערוויל פון „דברים העומדים ברומו של עולם“. מען אינפאָרמירט זיך וועגן די סאַמע לעצטע נייעס פון דעם ייִדישן קולטור־וועלטל, מען קאָמענטירט אַן אַרטיקל פון אַ שרייבער, מען זאָגט אַרויס אַ מיינונג וועגן אַ ליד פון אַ דיכטער אָדער אַ נײַ בוך וואָס איז דערשינען. אין דעם רעסטאָראַן פונעם „אַטראַן“־הויז קענט איר זיך דערוויסן דאָס סאַמע לעצטע „נײַעסל“ און זיך צוהערן צו אַ געשפּרעך צווישן מענטשן פון גייסט, באַווירצט מיט זאַלץ און פעפער. אַהער קומען עסן אויך די באַאַמטע פון אַנדערע ייִדישע אינסטיטוציעס וואָס געפינען זיך נאָענט, ווי דער אַמעריקאַנער ייִדישער קאָנגרעס, דער „ייִוואָ“ און אַנדערע. ביי געוויסע געלעגנהייטן קענט איר אין דעם רעסטאָראַן פונעם „אַטראַן“־הויז טרעפן די באַרימטסטע ייִדישע שרייבערס, דיכטערס, זשורנאַליסטן און אינטעלעקטואַלן. ביי אַ פּאָר געלעגנהייטן האָב איך דאָרט געטראָפן צוזאַמען אַזעלכע באַרימטע פּען־מענטשן ווי דער דיכטער גלאַנץ־לעיעלעס, יעקב גלאַטשטיין, ד״ר שלמה ביקל, די דיכטערס יוסף רובינשטיין און אליעזר גרינבערג, די שרייבערס: דלוזשנאָווסקי, ראָזענבערג, פוקס, ד״ר עזריאל נאַקס און אַנדערע באַקאַנטע מענטשן פון דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור. אַזעלכע באַקאַנטע פיגורן ווי יעקב פּאַט, טאַבאַטשינסקי, ד״ר קיסמאַן, דעם מאָלער ליכטענשטיין, דער שרייבער און קולטור־טוער חיים בעז, דעם שרייבער ל. שפּיזמאַן און אַנדערע, וועט איר דאָרט טרעפן אַלע טאָג.

ווען אַן אונדזעריקער קומט קיין ניו־יאָרק און עס ווערט אים אומהיימלעך אין דער פרעמדער סביבה פון דער ריזיקער מעטראָפּאָליע, דאַרף ער נישט מער ווי זיך „אַראָפּכאַפּן“ אין „אַטראַן“־הויז צווישן צוועלף און צוויי אַ זייגער מיטיק־צייט, וועט אים שוין ווערן וואַרעם אויף דער נשמה. דאָ וועט ער געפינען די וואַרעמקייט פון דער ייִדיש־וועלטלעכער קולטור אין דעם סאַמע אַריסטאָקראַטישן צענטער פון ניו־יאָרק. אַטראַן האָט, חוץ אַ געפיל פון אַ מעצענאַט, אויך געהאַט אַ הויכע השגה און ער האָט די ייִדישוועלטלעכע קולטור פאַרזאָרגט מיט אַ היים דווקא דאָרט ווו עס געפינען זיך גרויסע נישט־ייִדישע אינסטיטוציעס פון קולטור און קונסט. אויב, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, די ייִדישע שפּראַך און די ייִדישע קולטור איז אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם אַמעריקאַנער קולטור־וועזן, איז דאָס „אַטראַן“־

הויז דער אַדרעס פון דעם דאָזיקן טייל און וועט עס אויך זיין אויף להבא, פונקט ווי דאָס הויז פונעם אַרבעטער־רינג אויף איסט־בראָדוויי און דאָס הויז פונעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אויף דער 6טער עוועניו, זיינען די צענטערס פון אַן אָרגאַניזירטער יידישער מאַסע, וואָס איז נאָך אַ גוטע אָפּנעמערן פונעם יידישן וואָרט און פון דער יידישער קולטור.

נעמענדיק אין אַכט אַז דאָס „אַטראַן"־הויז איז דער צענטער פון אַ קולטור און פון אַ שפּראַך וואָס קען זיך נישט באַרימען מיט קיין בליענדיקן צושטאַנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָב איך זיך די גאַנצע צייט גע־פרעגט און איך פרעג זיך נאָך אויך איצט: מיט וואָס איז דאָס דאָזיקע הויז אַזוי באַרימט? מילא אַז אַנדערע אַלטע יידישע אָרגאַניזאַציעס מיט אַ סטאַזש פון צענדליקער יאָרן אַרבעט און מיט צענדליקער טויזנטער רעאַלע מיט־גלידער, מיט געשאַפענע אינטערעסן, זיינען באַרימט און פּאָפּולער, פאַר־שטייט מען. מיט וואָס אָבער דערקלערט זיך די פּאָפּולאַריטעט פונעם „אַטראַן"־הויז, וואָס אין דער אונטערשטער שורה איז דאָס נישט מער ווי אַ מין „לעצטע פעסטונג", אַ רעדוקט פון דער יידישער קולטור? דאָס דער־קלערט זיך, לויט מיין מיינונג, דערמיט, וואָס דאָס דאָזיקע הויז איז די היים, דער אַדרעס, נישט נאָר פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן, נאָר אין אַ גרויסער מאָס פון דער דאָזיקער קולטור אויך אין אַנדערע לענדער. די טעטיקייט פון אייניקע אינסטיטוציעס, ווי דער קולטור־קאָנגרעס, דער „ציקאָ"־פאַרלאַג און דער „בונד" מיט זיינע פאַר־שידענע אָפּטיילונגען, נעמען אַרום אַ פיל־ברייטערן שטח ווי נאָר דאָס יידישע לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. געוויסע פלענער אין טעטיקייטס־געביטן פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס, האָבן מער צו טאָן מיט דעם יידיש־וועלטלעכן לעבן אויך אויסער די גרענעצן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און דאָס „אַטראַן"־הויז איז אַזוי אַרום דער אַדרעס פון אַ פיל־ברייטערער פערי־פעריע ווי נאָר דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום. פונעם „אַטראַן"־הויז ציען זיך אומגעזעענע פעדעם צו ענלעכע יידישע אָרגאַניזאַציעס פון קאַנאַדע, אַרגענטינע, מעקסיקע, פראַנקרייך, ישראל און אַפילו אויסטראַליע. די יידיש־וועלטלעכע קולטור איז אַן אוניווערסאַלע דערשיינונג און דער אַדרעס פונעם „אַטראַן"־הויז אַפּעלירט צו טויזנטער יידן וואָס האָבן עס אין זייער לעבן

נישט געזען, אָבער וועלכע ווייסן אַז דאָרט געפינען זיך יידישע אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען, זייערע לויטן כאַראַקטער און לויט דער ראָלע וואָס זיי שפּילן אין דעם אויפהאַלט פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור, פון אַל־וועלטלעכע יידישע דערשיינונגען.

איך פערזענלעך, האָב אין דעם „אַטראַן״־הויז איבערגעלעבט אייניקע זייער אָנגענעמע מאָמענטן אין באַגעגענישן מיט באַרימטע קאָלעגן שרייבערס און דיכטערס און אויף אייניקע מסיבות פון קולטור־כאַראַקטער. איך האָב געהאַט דעם כבוד אויפגענומען צו ווערן עפנטלעך פונעם קולטור־קאָנגרעס אין דעם דאָזיקן הויז, ביי דער אָנוועזנהייט פון קאָלעגן און פריינד, וואָס אייניקע פון זיי זיינען היינט צו טאָג זיילן פון דער יידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק. די דאָזיקע מסיבה איז מיר פאַרבליבן איינגעקריצט אין זכרון ווי דער אויסדרוק פון אויפמערקזאַמקייט און העפלעכקייט פונעם קולטור־קאָנגרעס און די אַנדערע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, ווי דער י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין און דער יידישער פּען־קלוב, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן דורך זייערע פאָרשטייערס. איך האָב מיטגעמאַכט אין דעם „אַטראַן״־הויז אַ פּאָר פאַרזאַמלונגען און מסיבות, וווּ איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַגעגענען זיך מיט די בעסטע פאָרשטייערס פון דער יידישער קולטור, דערציִונג און פונעם יידישן דערהויבענעם וואָרט און געדאַנק. דאָס זיינען געווען באַגעגענישן מיט מענטשן וואָס האָבן בדרך־כלל נישט „געמאַכט אַמעריקע״ אין דעם מאַטעריעלן זין פון וואָרט, אָבער וואָס זיינען אַנטשיידענע פאַקטאָרן אין דעם קיום פון אונדזער מאַמע־לשון און פון דער גרויסער קולטור וואָס איז אין איר געשאַפן געוואָרן. דאָס „אַטראַן״־הויז איז דער צענטער, דער אַדרעס פון דעם אַלעמען און דערפאַר איז דאָס דאָזיקע הויז אַזוי פּאָפּולער און באַליבט פון יעדן איינעם וואָס וויל זען פאַרזיכערט דעם קיום פון דער יידישער קולטור, פונעם יידישן וואָרט.

# ביי דער „חברה תנ״ך״ אין ברוקלין

פאַראַן זאַכן און מענטשן וואָס איר טרעפט אָן אויף אייערע רייזעס, וואָס אין פלוג געגומען זיינען זיי נישט מער ווי דעטאַלן צווישן אַנדערע דערשיי־נונגען און מענטשן מיט וועלכע איר האָט זיך באַגעגנט און גערעדט; און דאָך זיינען זיי נישט דאָס זעלבע. מיטן לויף פון דער צייט, און פון דער דיסטאַנץ, שטעלט איר פעסט אַז זיי זיינען אַנדערש, אַז זיי טיילן זיך אויס פון אַנדערע עפּיזאָדן און מענטשן מיט וועלכע איר זייט געקומען אין באַ־ריר. איך האָב בעת מיין באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן אָנגעטראָפן אַ גאַנצע ריי אַזעלכע מענטשן און דערשיינונגען, וואָס טיילן זיך אויס פון דעם קאָנפאָרמיסטישן שאַבלאָן דורך אַ מין ספּעציפישן ווידערשטאַנד קעגן די אומשטענדן און באַדינגונגען, אַ ווידערשטאַנד וואָס האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי דער פון אַ פעלדז אויפן ברעג ים, וואָס ווערט אָן אויפהער געשמיסן פון די מעכטיקע ים־כוואַליעס, וואָס... אי זיי וואַשן אים און אי זיי שווענקען אים אונטער... אין דעם זין, איז פאַראַן אַ קנאַפּער אונטערשיד צווישן דעם אַטראַן־הויז פון ניו־יאָרק וווּ עס ווערט געפירט אַ פּערמאַנענ־טער קאַמף פאַר דעם קיום פון דער וועלטלעכער יידישער קולטור און לי־טעראַטור אין יידיש און די אולטראַ־אָרטאָדאָקסן פון וויליאַמסבורג, וואָס פירן אַ פּערמאַנענטן, אומדערמידלעכן קאַמף פאַרן קיום פון יידישקייט אויף זייער שטייגער. איןביידע אופנים פון וועלן פאַרזיכערן יידיש לעבן איז פאַראַן אַ היפּשע דאָזע דראַמאַטיזם און קנאות, פשוט ווייל אָן דעם איז אין די אומשטענדן פון די פאַראייניקטע שטאַטן נישט מעגלעך אָנצוהאַלטן דאָס וואָס די און די אַנדערע האַלטן פאַר עיקרדיק פאַרן קיום פון יידישן לעבן.

דאָ אָבער האָב איך נישט בדעה זיך אָפּצושטעלן אויף דעם קאַמף וואָס עס פירן פאַר דעם קיום פון ייִדיש לעבן גאַנצע אָרגאַניזאַציעס און באַוועגונגען. איך האָב דעם דאָזיקן ענין באַרירט אין אַנדערע קאַפּיטלען פון דעם דאָזיקן בוך. דאָ וויל איך דערציילן פון אַ דערשיינונג וואָס איז אפשר די איינציקע פון דעם מין אין דער ייִדישער ניו־יאָרק. די דאָזיקע דערשיינונג איז לויט איר פאַרנעם קליין און באַשיידן, אָבער לויט איר תּוכן און ציל איז זי דער אויסדרוק פון דער אייביקער ייִדישער עקשנות, וואָס איז געווען די טרייבקראַפט פון דעם נצח־ישראל. פון דער דערפאַרונג ווייסן מיר שוין אַז עס וואָלט נישט געווען קיין ייִדישער קיום, קיין ייִדישער המשך, ווען נישט די ייִדישע עקשנות צו שווימען דווקא קעגן דעם שטראָם אין אַ צעברויזטן ים פון קעגנערשע אומשטענדן. ייִדיש לעבן איז קיין מאָל נישט געווען קיין לייכטער ענין און נאָר די וואָס זיינען גרייט געווען אויף קרבנות און אויף מסירת נפש, האָבן זיך געקענט דערהייבן צו דער מדרגה פון ווערן די אמתע פּיאָנערן, די עכטע העלדן אין דעם קאַמף פון פאַרזיכערן ייִדישן קיום. עס פעלן נישט אין דער ייִדישער געשיכטע קיין ביישפּילן ווו יחידים האָבן זיך אַליין ממש פאַראורטיילט צו איינזאַמקייט דורך זייער קאַמף צו דערהייבן דאָס ייִדישע לעבן צו העכערע מדרגות. זיי זיינען געווען איינ־זאַם, ווייל זייערע מיטמענטשן, די סביבה האָט נישט געקענט אָדער נישט געוואָלט פאַרשטיין זייער פּרינציפּ, אַז די ירידה הייבט זיך אָן מיט דעם ערשטן סימפּטאָם פון קאָנפאָרמיזם. „אויסגעפּירט זייערס", האָבן די דאָזיקע יחידים טאַקע נאָר טיילווייז, אָבער אַלס מוסטערן האָבן זיי דערגרייכט אין גאַנצן. ר' מענדל פון קאָצק איז אין דעם זין דער בעסטער ביישפּיל...

דאָס וועגן וועלכן איך וויל דערציילן, געפינט זיך נישט אין דער אַזוי גערופענער „גרויסער ניו־יאָרק", אין דער „סיטי" פון די ריזיקע וואָלקנ־קראַצערס און גרויסע ייִדישע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, וועגן וועל־כע מען הערט נישט אויף צו שרייבן אין די בלעטער און צו „ספּיקן" אין די ראַדיאָס און טעלעוויזיע־קאַנאַלן, נאָר אין דער אַזוי גערופענער „פאָרשטאָ־טישער" ניו־יאָרק, אין ברוקלין.

ברוקלין, דאַרפט איר וויסן, איז „נעבעך" אַזאַ „פאָרשטעטל", ווו, שאַצט מען, עס וווינען איבער אַ מיליאָן ייִדן. נו, קענט איר זיך פאָרשטעלן אַז אין

אַזאַ „פּאָרשטעטל“ זיינען פאַראַן דאָס וואָס מיר רופן יידישע אינסטיטוציעס, ווי „סאָסייטעס“ און שילן און ישיבות און יידישע שולן און מושבי זקנים און אָפּטיילונגען פון די צענטראַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס און אַנדערע מוסדות. איך אָבער וויל דערציילן עפּעס וועגן אַן אינסטיטוציע, פון ברוקלין, וועגן וועלכער מען שרייבט ווייניק און מען רעדט ווייניק און זי איז כמעט ווי אומבאַקאַנט אין דער ברייטער ניו־יאָרק און — דאָך האָט זי אויף מיר געמאַכט אַ טיפן איינדרוק: איך באַצי מיך דאָס צו דער „חברה תנ״ך“, מיט וועלכער עס פירט אָן דער באַקאַנטער שרייבער און דענקער ד״ר שלמה סיימאָן.

און בכדי צו באַקומען אַ באַגריף וואָס אַזוינס עס איז די דאָזיקע „חברה תנ״ך“, מוז מען זיך אויספירלעך אָפּשטעלן אויף דער פערזענלעכקייט פון ד״ר שלמה סיימאָן. דער ד״ר שלמה סיימאָן געהער צו די געציילטע עכטע פערזענלעכקייטן וואָס זיינען פאַראַן אין דער יידישער ניו־יאָרק. אַ מענטש וואָס וווינט אין דער זעלבער געגנט פון ניו־יאָרק שוין פיר צענדליק יאָר, וווּ קינד און קייט קענען אים, האָבן אים ליב און רעספּעקטירן אים, איז ער פון דעסט וועגן איינער פון די איינזאַמסטע מענטשן וואָס איך האָב באַגעגנט. מיט וועמען איך האָב אין ניו־יאָרק גערעדט וועגן דעם ד״ר שלמה סיימאָן האָב איך וועגן אים געהערט די וווּנדערלעכסטע מיינונגען, אַלס מענטש און אַלס שרייבער. דאָך איז ער, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איינער פון די איינזאַמסטע מענטשן וואָס איך האָב ווען עס איז געקענט. פאַר וואָס? ווייל ד״ר סיימאָן איז אַ מענטש וואָס גייט זיך זיין אייגענעם וועג. עס איז פשוט קעגן זיין עטישן, אַנימישן און גייסטיקן כאַראַקטער מיטצולויפן מיט דער טשערעדע אַהין וווּ עס זעט אויס צו זיין אַ בעסער פּאַשע־פעלד. ער איז דער עכטער טיפּ פון דעם „נאָן־קאָנפאָרמיסט“, פון דעם נישט־צופרידענעם מיט דעם איינגעשטעלטן סדר אָדער מיט דער פיליסטישער רוטין, וואָס איז דער גלייך־אויסגעפּלאַסטערטער וועג פאַר אַלערליי קאַריערע־זוכערס, נאָכטאַנצערס און פּסעוודאָרעוואָלוציאָנערן און כלומרשטע אויסבעסערערס פון דעם לעבנס־סדר. אַ מענטש וואָס איז אַ מלא וגדוש אין יידיש און אַלגעמיין וויסן, איז אים זייער שווער זיך צוצופּאַסן צו דעם אָנגענומענעם שאַבלאָן און ער גייט זיין אייגענעם וועג, אַ וועג וואָס איז פול מיט שווערי־

קײטן און פּערזענלעכע אומאָנגענעמלעכקייטן. אַ באַליבטער און רעספּעקטירטער פון אַלעמען, אָן אונטערשיד צי דאָס זיינען וועלטלעכע אָדער רעליגיעזע, האָט ער פון דעסט וועגן פון אייגענעם ווילן גענומען אויף זיך צו לעבן אַן איינזאַם לעבן אין דער שטאָט ווו עס וווינען איבער צוויי מיליאָן ייִדן, פון וועלכע טויזנטער לייענען דאָס וואָס ער שרייבט. און איר דאַרפט וויסן זיין אַז דער ד״ר שלמה סיימאָן איז זייער גוט באַקאַנט אויך אין די ענגליש־ריידנדיקע ייִדישע קרייזן און אויך אין די נישט־ייִדישע אינטעלעקטועלע קרייזן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איך האָב אין די פאַראייניקטע שטאַטן געזען אַ גרויס ווערק אויף ענגליש וואָס הייסט „ווער איז ווער״, ווו עס ווערן אָנגעגעבן די פּערזענלעכע דאַטן אין די ווערק פון הונדערטער באַרימטע פּערזענלעכקייטן, איז דער נאָמען פון ד״ר שלמה סיימאָן געווען צווישן די געציילטע ייִדישע אינטעלעקטואַלן וואָס פיגורירן דאָרט. בנוגע די איבערזעצונגען פון איניקע פון זיינע ווערק אויף ענגליש קען איך באַשטעטיקן, אַז די אָנבאָטן זיינען געקומען צו אים ספּאָנטאַן. ווען איך בין געווען אין ניו־יאָרק, האָט ער מיר געוויזן אַ בריוו פון אַ באַקאַנטן פאַרלאַג וואָס האָט אים אָנגעבאָטן איבערצוזעצן אויף ענגליש איינס פון זיינע לעצטע ביכער.

מעגלעך אַז דער ד״ר שלמה סיימאָן וואָלט אין זיין שרייבן נישט געקענט זיין אַזוי אומאָפּהענגיק, ווען ער וואָלט געדאַרפט ציִען חיונה פונעם שרייבן. דאָס וואָלט פאַר אים געווען די גרעסטע טראַגעדיע. צום גליק דאַרף ער נישט לעבן פון דער פּען און ער קען זיך פאַרגינען צו זיין אומאָפּהענגיק אין זיינע מיינונגען. פון פּראָפעסיע איז ער אַ דענטיסט און ער אַרבעט זייער שווער אויף פּרנסה. איך מיין אַז גאָר ווייניק ייִדישע שרייבעס האָבן אויסגעגעבן אַזוי פיל געלט אויף צו קויפן ביכער און ספרים ווי דער ד״ר שלמה סיימאָן. ער פאַרמאָגט איינע פון די בעסטע ביבליאָטעקן וואָס איך האָב געזען, וואָס שייך זעלטענע ביכער און ספרים. וואָס שייך התמדה ביים לערנען און ביים שרייבן, האָב איך באַגעגנט זייער ווייניק אַזעלכע. אַ מענטש וואָס לעבט שוין אַ האַלבן יאָרהונדערט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז ער בעצם פאַרבליבן דער זעלבער ישיבה־בחור וואָס אַמאָל, וואָס שייך דער התמדה צו לערנען זיך און יענעם.



מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַ ביסל אויספירלעך אויף דער פּערזאָן
פונעם ד״ר שלמה סיימאָן, בכדי עס זאָל זיך באַקומען אַ בעסערע פאַרשטע־
לונג וועגן דעם וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די „חברה תנ״ך״ פון ברוקלין.
די דאָזיקע חברה איז געשאַפן געוואָרן פונעם ד״ר שלמה סיימאָן און זי
טראָגט אויף זיך דעם חותם פון זיין פערזענלעכקייט. זי באַשטייט פון אַ
רעלאַטיוו־קליינעם קרייז מענטשן, אָבער אויסשליסלעך אַזעלכע וואָס ווייסן
וואָס זיי ווילן. ווען מען נעמט אין אַכט אַז איך האָב אין ניו־יאָרק זיך גע־
הערט „באַרימען״ אַז צום דערמאָנונגס־מיטינג פון דעם אויפשטאַנד פון
וואַרשעווער געטאָ, אָרגאַניזירט פון עטלעכע יידיש־וועלטלעכע אינסטיטו־
ציעס, זיינען געקומען צוויי טויזנט פערזאָן, וועט נישט זיין איבערגעטריבן
צו זאָגן אַז די מסיבות פון דער „חברה תנ״ך״ מיט וועלכע עס פירט אָן
דער ד״ר שלמה סיימאָן, זיינען אַ גרייסער דערפאָלג, לויט דער צאָל מענטשן
וואָס באַטייליקן זיך אין זיי. די מסיבות קומען פאָר אין דעם באַשיידענעם
הויז פון דער יידישער שול פון דעם שלום עליכם פאָלקס־אינסטיטוט אין
ברוקלין אין דער פאָרעם פון אַן עונג־שבת און זיי צייכענען זיך אויס מיט
זייער היימישער פייערלעכקייט. אייגנטלעך זיינען דאָס גרעסערע פאַמיליען־
צוזאַמענקונפטן, וואָס ווערן אויסגעפילט מיט אַן עכט־יידישן גייסטיקן אינ־
האַלט. דער סדר פון די מסיבות איז דער פאָלגנדיקער, סיידן עס איז פאַראַן
אַ ספּעציעלער רעפערענט אָדער אַ פּראָגראַם: עס ווערט געלייענט די סדרה
פון דער וואָך אויף יידיש פון יהואָש׳ס תנ״ך און דערנאָך קאָמענטירט דער
ד״ר שלמה סיימאָן דעם אינהאַלט פון דער סדרה, אויסטייטשנדיק זי סיי
על פי די מפרשים און סיי אין דעם מאָדערנעם קאָנצעפּט פון וואָרט. די
פרשה ווערט געלייענט פונעם גאַנצן עולם, פסוקים־ווייז. יעדער איינער
פון די אָנוועזנדיקע האָט פאַר זיך אַ תנ״ך און ער זעצט פאָר מיטן לייענען
דאָרט וווּ דער וואָס האָט געלייענט פאַר אים האָט פאַרענדיקט. די מיטבאַ־
טייליקונג איז אַזוי אַרום אַ קאָלעקטיווע. הגם די פרשה ווערט געלייענט
אויף יידיש, ווערט יעדער שווערער שטעל אויפגעקלערט און אויסגעטייטשט
פונעם ד״ר שלמה סיימאָן, וועלכער איז אַ טיפער קענער פון אונדזער ספר־

הספרים און אַ גריילעכער מלומד אין תורה שבעל פה. די מסיבות קומען פאָר אין אַ פייערלעך־שבתדיקער שטימונג און אין אַן אַמביענט פון טיפן ערנסט. כיבוד ווערט צוגעגרייט פון די פרויען פון דער „חברה" און ער באַשטייט פון פרוכט און טיי מיט צובייסן.

איך בין בייגעווען ביי צוויי פון די דאָזיקע מסיבות און איך האָב ביידע מאָל געהאַט אַ טיפן נחת־רוח. ביי איינער פון די מסיבות האָט מען מיך מכבד געווען, נאָך דעם תנ"ך־שיעור, מיט אַ פאָרטראַג וועגן דעם אַרגענטינער יידישן לעבן און דער עולם האָט אויסגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט וואָס איך האָב זיי דערציילט וועגן אונדזער היגן ישוב. אַ סך זאַכן וואָס איך האָב זיי דערציילט, זיינען פאַר זיי געווען ממש איבעראַשונגען. אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווייסט מען וועגן אונדזער היגן לעבן זייער אויבערפלעכלעך און געוויינלעכע זאַכן וואָס איך האָב זיי דערציילט פון דעם יידישן לעבן אין אַרגענטינע זיינען פאַר זיי געווען ממש „אַנטפלעקונגען". דאָס האָט מיר אַן איבעריק מאָל באַשטעטיקט דעם פאַקט אַז עס ווערט זייער ווייניק געטאָן אויפן געביט פון דער קעגנזייטיקער דערקענטעניש פון די ישובים פון צפון־ און דרום־אַמעריקע. דאָס וואָס ווערט געטאָן דערגרייכט ליידער צו זייער אַ דינעם שיכט. לאָמיר אָנערקענען אַז אויך אויפן געביט פון קענען גרינטלעך דאָס יידישע לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז מען אויך ביי אונדז דאָ זייער הינטערשטעליק און דאָס וואָס מען ווייזט ווערט אָפטמאָל געוויזן דורך אַ געוויסער פּריזמע.

איך וויל דאָ אונטערשטרייכן אַז די „חברה תנ"ך" פון ברוקלין איז פון די זאַכן וואָס האָבן זיך מיר אַממערסטן איינגעקריצט אין זכרון, הגם איך האָב דאָרט געזען אַ סך גרעסערע און וויכטיקערע אינסטיטוציעס און דערשיינונגען, פון יידישן שטאַנדפּונקט גערעדט. דער איינדרוק נעמט זיך, לויט מיר שיינט, פון דער איבערצייגונג אַז ווען מען וואָלט אויפן גאַנצן שטח פון יידיש־וועלטלעכן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל גלויבן, אויסדויער און עקשנות, ווי עס ווייזט אַרויס די קליינע גרופּע בראש מיט ד"ר שלמה סיימאָן אויפן געביט פון ממשיך זיין יידיש לעבן אין דעם בעסטן זינען פון וואָרט, וואָלט די מערכה פון דער יידישער קולטור אויסגעזען אַנדערש אין דעם דאָזיקן גרויסן ישוב, ווו טויזנטער און טויזנ־

טער ייִדן פילן נאָך אַ נויטווענדיקייט אין דעם ייִדישן וואָרט. אויב כשרות האָט זיך געקענט איינוואָרצלען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אַלס אַן אינס־טיטוציע מיט גוואַלדיקע עקאָנאָמישע אינטערעסן, טאָ פאַר וואָס זאָל די ייִדישע קולטור נישט האָבן געקענט דערגרייכן אַזאַ פּאָזיציע? דער ענטפער איז, אַז בנוגע כשרות זיינען געווען עקשנים און בנוגע דער ייִדישער קולטור — נישט. אַזלעכע ווי דער ד״ר שלמה סיימאָן זיינען דאָ ווייניק אין ניו־יאָרק און די ווייניקע ווערן בטל אין דעם גרויסן און רוישיקן יאַריד וואָס הייסט ייִדיש לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. ווו אַלץ ווערט געמאַכט מיט פאַר־נעם, מיט עפנטלעכן רעש און מיט פּובליסיטי. די דאָזיקע דערשיינונגען וועלכע מיר האָבן געזען איז דער פאָרעם פון גרויסע ימים־טובים און מי־טינגען, האָבן אויף אונדז געמאַכט דעם געהעריקן איינדרוק, אָבער סוף כל סוף געהער דאָס צו דער קאַטעגאָריע פון געוויינלעכע זאַכן פונעם ייִדישן לעבן פון אומעטום אין די נייע ישובים. זאָגן אַז די „תנ״ך חברה״, וועלכע מיר האָבן אויבן דערמאָנט, געהער אויך צו דער קאַטעגאָריע פון געוויינ־לעכע דערשיינונגען, וואָלט געהייסן זיך אָװעקשטעלן אין דער לאַגע פון יענעם ייִדן וואָס האָט זיך אומגעקערט פון ארץ־ישראל און ווען מען האָט אים געפרעגט צי ער האָט געזען דעם כותל מערבי און ווי ער זעט אויס, האָט ער געענטפערט: אַ „כותל מערבי ווי אַלע כותל מערבים“... די „חברה תנ״ך“ פון ברוקלין און איר הויפּט־אַנימאַטאָר, ד״ר שלמה סיימאָן, איז נישט „ווי אַלע כותל מערבים“. ווען ניו־יאָרק וואָלט געהאַט אַ האַלבע מאה אַזעלכע חברות, וואָלט דאָס פנים פון דער ייִדישער קולטור אויסגעזען אַנדערש. לײדער איז דאָס אַ זעלטנקייט, אָבער אַזאַ וואָס קריצט זיך איין אין זכרון פון דעם וואָס זוכט אין דער גרויסער מעטראָפּאָליע פון די פּאַראייניקטע שטאַטן עפּעס וואָס איז עכט און קערנדיק ייִדיש.

איך ווייס נישט צו וואָס פאַר אַ קאַטעגאָריע פון ייִדישער טעטיקייט מען קען צורעכענען די „חברה תנ״ך“ פון ברוקלין. צו דער רעליגיעזער שיטה אין דעם פאָרמאַליסטישן זינען פון וואָרט. קען מען זי נישט צורעכענען. זי טראָגט אָבער אין אַ געוויסן זין אַ רעליגיעזן כאַראַקטער, אָבער אַ רעליגיאָ־זיטעט פון אַן אַנדער מין. עס איז עפּעס אַזאַ אמונה אין דעם נצח ישראל דורך דער פאַרערונג פונעם ספר־הספרים. עס איז אַ טראַדיציאָנעל־וועלט־

לעכער ייִדישער אופן פון באַהעפטן זיך מיט דעם סאַמע ריינסטן קוואַל פון דער ייִדישער עטיק און מאָראַל. צווישן די מענטשן וואָס איך האָב באַגעגנט אויף די מסיבות פון דער „חברה תנ״ך״ אין ברוקלין, זיינען געווען פון פשוטע פאָלקס־מענטשן ביז מענטשן מיט הויכער בילדונג, אָבער אַלע אינ־טעליגענטע, באַוווסטזיניקע וועגן דעם ציל וואָס זיי האָבן זיך פאָרגענומען און אַרום וועלכן זיי גרופּירן זיך: זיך מצטרף זיין און פאָרזעצן ייִדיש לעבן דורך דעם לאָגישסטן וועג — דורך דעם ספר־הספרים. אַוודאי איז אַזאַ עכטער אופן פון פאָרזעצן ייִדיש לעבן אַ טראָפּן ממש אין דעם גרויסן ים פון קאָנווענציאָנאַליזם און אינטערעסן־ייִדישקייט, ווי מיר וואָלטן אָנגערופן דעם גרויסן יאַריד פון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס און באַווע־גונגען, וואָס פאַרמעסטן זיך אין דעם געיעג פון פאַרזיכערן ייִדישן קיום. אַלס ביישפּיל אָבער וואָס מען וואָלט געקענט אויפטאָן מיט ייִדישער עקשנות, איז דאָס אַ מוסטער. אייניקע „פּראַקטישע״ מענטשן וועלן אייך זאָגן אַז אַזאַ אופן פון וועלן אויפהאַלטן ייִדישקייט אָדער כאָטש געבן דעם די געהע־ריקע חשיבות איז אַ ברכה לבטלה. וועלן מיר זיי ענטפערן, אַז ווען עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן נאָר פּראַקטישקייט און „תכלית״ אין אונדזער ייִדיש לעבן, וואָלט זיך קיין שום דערציִערישע טעטיקייט וואָס מיר פירן אָן נישט געלוינט, לויט די רעזולטאַטן וואָס מיר באַקומען פון איר. מיר ווייסן דאָך יאָ דעם אמת וועגן דער ווירקונג וואָס די ייִדישע שול האָט אויף דער ייִדישער יוגנט, דאָ און אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אומעטום, אויסער אין מדינת ישראל, און דאָך — דאָך וועט קיינער נישט זאָגן אַז מען דאַרף נישט קיין ייִדישע שולן, אָדער קיין ייִדישע ביבליאָטעקן און קולטור־מוסדות. אויב מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער „חברה תנ״ך״ פון ברוקלין איז דאָס נישט דערפאַר ווייל מיר זיינען זיכער אַז פון דאָרט קומט די גאַראַנטיע פון דעם ייִדישן קיום אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר ווייל דאָס איז אַ גוטער ביישפּיל פון ייִדישער עקשנות און פון ייִדישער טרייקייט צו זיך אַליין. הלוואי וואָלטן מיר אַזאַ עקשנות און אַזאַ טרייקייט צו זיך אַליין געקענט דערגרייכן אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב, ווי די מערכה פון דעם ייִדישן לעבן וואָלט אויסגעזען אַנדערש אַפילו אין דעם גרויסן „שמעלצטאָפּ״ פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

# די ייִדישע שרייבער־משפּחה אין ניו־יאָרק

פאַראַן אַ מיינונג אַז ניו־יאָרק איז היינט צו טאָג דער גרעסטער ייִדישער צענטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור. ווען מען זאָל וועגן דעם ענין פרעגן ביי אַ ייִדישן שרייבער פון ניו־יאָרק מיט אַ ריין געוויסן, וואָלט ער עס זיכער געלייקנט. דערמיט וויל איך נישט זאָגן אַז ניו־יאָרק איז נישט קיין גרויסער צענטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור; זי איז דאָס אָבער נישט, ווייל די שעפערישע קוואַלן זיינען דאָרט היינט צו טאָג שטאַרק שטראָמיק, נאָר ווייל עס איז פשוט היינט נישטאָ קיין אַנדער ייִדישער ליטעראַרישער צענטער, אויסער ישראל, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען. ווען וואַרשע איז נאָך געווען וואַרשע, איז געווען אַן ענין פון מאַכן פאַרגלייכן. היינט איז נישט שייך צו וועלן קאָנפראָנטירן ניו־יאָרק מיט ערגעץ אַנדערש. וואָס שייך ווידער ישראל וואָס, ווי מיר האָבן געזאָגט, איז היינט צו טאָג איינער פון די וויכטיקסטע פונקטן אויף דער ייִדישער וועלט־מאַפּע פון ליטעראַרישער שעפערישקייט, דאַרף מען זיין אויפריכטיק און זאָגן אַז דאָס איז מער אַ שעפערישקייט פון „ראַטעווען זיך" איידער פון אַ נאַטיר־לעכן שטראָם וואָס קומט פון די מאַסן צום שרייבער און פונעם שרייבער צוריק צו די מאַסן. אין ישראל זיינען פאַראַן איניקע זייער טאַלאַנטירטע ייִדישע שרייבערס און בכלל ייִדישע פען־מענטשן, וואָס שאַפן אין ייִדיש און ברענגען צום אויסדרוק זייער שעפערישן אומרו אין דער ייִדישער שפּראַך. אָבער פון דעם ביז פאָרשטעלן מיט זיך אַ גראַוויטאַציע־קראַפט אין דעם עפנטלעכן לעבן פון דער ייִדישער מדינה, איז אַ גרויסער חילוק. מיר דאָ, ריידן אָבער נישט פון ישראל, נאָר פון די פאַראייניקטע שטאַטן, בעסער געזאָגט, פון ניו־יאָרק.

אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן, מערסטנס אין ניו־יאָרק, לעבן איצט אַ גרויסע צאָל באַגאַבטע און אַפילו הויך־טאַלאַנטירטע ייִדישע שרייבערס, אָבער וועגן אַ באַשטימטער שרייבערישער שיטה, וועגן אַ ליטעראַרישער באַוועגונג אין דעם זינען ווי עס איז געווען אַמאָל, קען היינט קיין רייד נישט זיין. אַזעלכע באַוועגונגען אין דער ליטעראַטור ווי אין דער קונסט, זיינען בדרך־כלל פאַרבונדן מיט אינערלעכן אומרו, מיט אידעאָלאָגישע און עסטעטישע שיטות און — דאָס געפינט מען היינט נישט אין דער ייִדישער שרייבערישער וועלט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. פּונקט ווי אויפן געביט פון אַרבעטער־באַוועגונג איז היינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן נישטאָ קיין טיפּיש ייִדישע סינדיקאַלע באַוועגונג, הגם עס זיינען פאַראַן אָן גוזמא הונדערטער טויזנטער ייִדישע אַרבעטער, אַזוי איז נישטאָ קיין באַשטימטע ליטעראַרישע באַוועגונג אויף דער ייִדישער גאַס, הגם עס זיינען פאַראַן צענדליקער באַרימטע ייִדישע שרייבערס און דיכטערס, וואָס זייערע נעמען זיינען באַקאַנט ווייט איבער די גרענעצן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס וואָס איז היינט געבליבן פון דעם רוישיקן ייִדיש־שרייבערישן לעבן אין ניו־יאָרק, זיינען צופעליקע באַגעגענישן צווישן ייִדישע שרייבער אין איי־ניקע קאַפעטעריעס, אויף אַ באַערונג לכבוד אַ חבר אָדער ווען מען נעמט אויף אַ קאָלעגע פון אויסלאַנד וואָס געפינט זיך אין ניו־יאָרק. הגם עס עקסיסטירט דער ייִדישער פען־קלוב, וואָס גרופּירט אין זיך די ייִדישע שרייבערס און דיכטערס אַלס זיינע מיטגלידער, האָב איך אין ניו־יאָרק נישט געפילט אַז עס זאָל הערשן צווישן ייִדישע שרייבערס עפּעס וואָס געמיינזאַמס בנוגע ליטעראַרישע פּראָבלעמען אָדער ליטעראַרישע שיטות. דער פּראָצעס פון שרייבן ייִדישע ליטעראַטור און זי אַרויסגעבן איז היינט אין דעם גרעסטן ייִדישן ישוב פון דער וועלט אַן אינדיווידועלער ענין, אָדער אַן ענין פון ליטעראַרישע מעצענאַטן און אַמאַטאָרן. די איינציקע געזעלשאַפטלעכע פאַר־לאַגן אין ניו־יאָרק וואָס גיבן היינט אַרויס ייִדישע ביכער זיינען „מתנות" און דער „ציקאָ"־פאַרלאַג. די אנדערע געזעלשאַפטלעכע פאַרלאַגן ווי דער פונעם „ייִוואָ", למשל, גיבן זיך אָפּ מיינסטנס מיט וויסנשאַפטלעכע ווערק און מיט קיין ליטעראַטור פּשוטו כמשמעו, האָבן זיי קיין שייכות נישט. די אַנדערע, ווי „דער קוואַל" און שטיין־פאַרלאַג זיינען „אַמאַטאָרישע", אַזוי

צו זאָגן. איז דאָך אַ פאַקט, אַז אַ סך ייִדישע שרייבערס פון ניו־יאָרק האָבן אַרויסגעגעבן זייערע ווערק דורך ייִדישע פאַרלאַגן אין אַרגענטינע. וועלכע עס זאָל נישט זיין די סיבה דערפון, איז אַ פאַקט אַז דאָס פאַך פון ייִדישער שרייבעריי איז היינט צו טאָג אַ פערזענלעכער, אינדיווידועלער ענין, נישט ווייניקער ווי ביי אונדז אין אַרגענטינע.

און דער דאָזיקער שטילשטאַנד, די דאָזיקע סטאַגנאַציע אין דער ייִדי־שער שרייבערישער וועלט פון די פאַראייניקטע שטאַטן מאַכט אויף אַן אונדזעריקן אַ זייער דערדריקנדיקן איינדרוק, ווען מען ווייסט אַז מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק האָט עס נאָך אין ניו־יאָרק געברויזט מיט לעבן אין דעם זין. נאָך היינט קענט איר אין ניו־יאָרק באַגעגענען בכבודיקע ייִדישע שרייבער פון די אַזוי גערופענע „יונגע“, אַ ליטעראַרישע שיטה וואָס האָט געמאַכט עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַ־טור און האָט געגעבן דער ייִדישער ליטעראַטור אַזעלכע נעמען ווי ה. לייוויק, מאַני לייב, משה לייב האַלפּערן, יוסף אָפּאַטאָשו, גלאַנץ־לעיעלעס, יעקב גלאַטשטיין און אַנדערע, וואָס זיינען געוואָרן די קאָריפייען פון דער ייִדישער פּראָזע און פּאָעזיע. אַ סך פון די דערמאָנטע זיינען שוין אויפן עולם האמת; אָבער אויך די וואָס לעבן נאָך (ביז הונדערט מיט צוואָנציק יאָר), זיינען היינט נישט מער ווי וועטעראַנען וואָס לעבן מיט דער ראָמאַנטיק פון שטור־מישן ליטעראַרישן נעכטן, פון אַ נעכטן מיט אידייען, מיט חלומות, מיט שעפערישע אַמביציעס און שטרעבונגען. היינט זיינען זיי די לעצטע „מאָ־היקאַנער“ פון אַ געוועזענער גלאָריע. די „יונגע“ זיינען אַלט געוואָרן און קיין נייע יונגע זיינען נישט צוגעקומען און דאָרט ווו עס זיינען נישטאָ קיין יונגע, זיינען נישטאָ קיין אַמביציעס, זיינען נישטאָ קיין חלומות. גלאַנץ־לעיעלעס, וואָס האָט שוין איבערגעציילט זיינע ערשטע זיבעציק יאָר (ביז מאה ועשרים) באַמיט זיך נאָך אָנצוהאַלטן דעם שטעל פון אַ „יונגן“, אָבער די ווירקלעכקייט קען מען נישט פאַרדעקן. לייוויק, וואָס ליגט אַן אומבאַ־וועגלעכער צו בעט, איז גלאַט אַ טראַגעדיע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע און אויסער אַמעריקע. כל זמן ער איז אומגעגאַנגען, איז ער געווען דער אויף וועלכן עס האָט זיך אָנגעשפּאַרט דער פּרעסטיזש פון דער ייִדישער ליטעראַטור און די וואָס גרופּירן זיך אַרום איר. די צייטן פון

אַ אַברהם רייזען, פון אַ מאַני לייב, משה לייב האַלפּערן, משה נאַדיר, מנחם באָריישאָ אָדער יוסף אָפּאַטאָשו, געהערן שוין צו דער געשיכטע.

זוכט מען אין ניו־יאָרק אַ מין צענטראַלע אינסטאַנץ פון דער ייִדישער שרייבערישער וועלט און מען געפינט זי נישט. יעדער ייִדישער שרייבער איז אַן אינסטיטוציע פאַר זיך און ליטעראַרישע שאַפונג איז אַן ענין פון פּערזענלעכן טאַלאַנט, טעמפּערעמאַנט און עסטעטישן ניוואָ און געשמאַק. דערשיינען ביכער, און אַ סך פון זיי גוטע, וואָגיקע ווערק, אָבער מיט קיין ליטעראַרישער שיטה אָדער ליניע האָט עס קיין שייכות נישט. און וויל מען באַגעגענען אַ ייִדישן שרייבער אָדער אַ גרופּע ייִדישע שרייבער צוזאַמען, מוזט איר זיי גיין זוכן אין די רעדאַקציעס פון די ייִדישע צייטונגען, ווו די מיינסטע פון זיי זיינען אינערלעכע רעדאַקציע־מיטגלידער, אָדער אין אַ קאַפעטעריע, ווו זיי קומען אָפּעסן. די פּאָפּולערסטע קאַפעטעריע איז היינט צו טאָג די, וואָס געפינט זיך אויפן ראָג פון איסט בראָדוועי, אַ שפּאַן פון דעם „פאָרווערטס" און פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", וואָס איז עפּעס אַזוינס ווי די ליטעראַרישע קיבעצאַרניע. אין די מיטאָג־שעהן, ווען דער עולם קומט עסן „לאַנטש" (דער לייכטער מיטאָג פון די נאָרד־אַמעריקאַנער), וועט איר אין דער דאָזיקער קאַפעטעריע זען די באַרימטסטע ייִדישע שרייבער און פּובליציסטן שטיין מיט דער טאַץ אין דער רייע און וואַרטן אַז מען זאָל זיי סערווירן דעם מיטאָג. איר וועט דאָרט אויך זען שטיין אַזעלכע גדולים ווי אַ הלל ראָגאָף, דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", אַ נחום כאַנין, גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג, אַ ברוך שעפנער אָדער ד"ר אברהם מענעס, פון „פאָרווערטס", אָדער ד"ר שמואל מאַרגאָשעס, ד"ר סווערדלין, שמואל איזבאַן, א. אַלפּערין און אַנדערע מיטאַרבעטער פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל". אין דער דאָזיקער שעה קומען אַהין אויך אַנדערע ייִדישע שרייבער וואָס אַרבעטן נישט אין די רעדאַקציעס, אָבער וואָס ווילן כאַפּן אַ שמועס, אַ קיבעץ מיט אַנדערע קאָלעגן. איך האָב דאָרט אַ פּאָר מאָל גע־טראָפן איציק מאַנגער און יוסף רובינשטיין, וואָס זיינען זיך געקומען אַ ביסל „אָפּפרישן" אין אַ שמועס מיט קאָלעגן שרייבער. מען קען אָפט טרעפן מענטשן פון אַנדערע קינסטלערישע „בראַנזשעס", ווי שוישפּילערס, מאָלערס, מוזיקערס און אויך לערערס און סתם ייִדישע אינטעליגענטן, וואָס כאַפּן

זיך אַריין אין דער דאָזיקער קאַפּעטעריע, וואָס איז דער בית־ועד פון די ייִדישע פען־מענטשן.

אַ צווייט פּלאַץ ווו ייִדישע שרייבער טרעפן זיך און דיסקוטירן וועגן זייערע ענינים, איז דער רעסטאָראַן פון אַטראַן־הויז. אויך דאָ קענט איר אין די מיטאָג־שעהן געפינען באַקאַנטע ייִדישע שרייבער, זשורנאַליסטן, קולטור־עסקנים און סתם מענטשן פון גייסטיקע פּראָפעסיעס וואָס קומען אָפּעסן „לאַנטש“ און כאַפּן דערווייל אַ שמועס „מעניני דיומא“. דאָס זיינען מענטשן וואָס האָבן זייערע „דזשאַבן“ (שטעלעס, אַמטן) אין ייִדישע אינסטי־טוציעס, וואָס געפינען זיך אין יענער געגנט. פאַרזאַמלען זיי זיך צום מיטאָג אין דעם רעסטאָראַן פונעם אַטראַן־הויז, ווו מען שמועסט וועגן אייגענע ענינים. דאָ וועט איר טרעפן יעקב פּאַט, יעקב גלאַטשטיין, דעם דיכטער אליעזר גרינבערג, די שרייבער דלוזשנאָווסקי און ראָזענבערג און זייער אָפט דעם דיכטער יוסף רובינשטיין. אין אַטראַן־הויז טרעפט מען אָפט ייִדי־שע שרייבער פון ניו־יאָרק „און אומגעגנט“ ביי פאַרשידענע מסיבות און פאַרזאַמלונגען. דאָס אַטראַן־הויז, וואָס איז עפּעס אַזוינס ווי דער אַדרעס פון דער ייִדישער וועלטלעכער קולטור אין ייִדיש, איז נאַטירלעך אויך דער אַדרעס פון דעם ייִדישן שרייבער אין ייִדיש און אַהער קומען אָפט מאָל ייִדישע שרייבער נישט נאָר באַהאַנדלען זייערע פּראָבלעמען און די פּראָ־בלעמען פון דער ייִדישער קולטור — נאָר אויך זיך אַ ביסל אויסלאָדן, זיך „אַראָפּרעדן פון האַרץ“ אין געזעלשאַפט פון אַנדערע קאָלעגן.

די דאָזיקע צוויי דערמאָנטע ערטער קענען היינט צו טאָג פאַררעכנט ווערן אַלס די זאַמל־פּונקטן פון דער ייִדישער שרייבער־משפּחה אין ניו־יאָרק. קיין ליטעראַרישע צענטערס אין דעם אייגנטלעכן זינען פון וואָרט זיינען זיי אָבער ביידע נישט. די ייִדישע ליטעראַטור פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט היינט נישט קיין צענטראַלע אידייע, עס איז נישטאָ קיין שום ליטעראַרישע שיטה אָדער באַוועגונג און במילא קען קיין רייד נישט זיין פון קיין ליטעראַרישן צענטער, ווייל דער טערמין ליטעראַרישער צענטער פאַרפליכטעט צו עפּעס מער ווי סתם אַן אָרט ווו שרייבער קומען זיך צונויף און שמועסן וועגן ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט זייער פאַך. אַמאָל האָט

ניו־יאָרק יאָ געהאַט אַזאַ ליטעראַרישן צענטער און מעג דאָס אַפילו האָבן געווען „שלומס קאַפע", ווו מען האָט געקראָפן די ליטעראַרישע און קינסטלע־רישע קיבעצאַרניע, איז נישט דאָס פּלאַץ געווען דער עיקר, נאָר דער תוכן פון דעם וואָס מען האָט אין דעם דאָזיקן פּלאַץ גערעדט. דאָרט זיינען גע־וועבט געוואָרן חלומות, עס זיינען געמאַכט געוואָרן ליטעראַרישע פּלענער, עס זיינען אויסגעוואָרעמט געוואָרן אינטימע אַמביציעס פון ליטעראַרישער איבערשטייגונג און פּערפּעקציאָנירונג, מען האָט זיך געפרייט מיט אַ גוט ליד און מיט אַ געלונגענער דערציילונג און מען האָט — געבויט די יידישע ליטעראַטור. היינט געהערט דאָס צו דער פאַרגאַנגענהייט. יידישע שרייבער־משפּחה אין ניו־יאָרק מיינט היינט גיכער סכום ווי אידייע. עס זיינען פאַראַן כך וכך יידישע שרייבערס, דיכטערס, פּובליציסטן, זשורנאַליסטן, אייניקע פון זיי הויך־טאַלאַנטירטע, אַנדערע ווייניקער באַגאַבטע אָבער פּעיקע מענטשן, אָבער קיין שרייבערישע באַוועגונג, דאָס הייסט קאָלעקטיווע שרייבערישע אידייע איז היינט אין ניו־יאָרק, פּונקט ווי אין בוענאָס איירעס, נישט בנמצא.

אויב איך האָב בעת מיין באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן ערגעץ־ווו געפונען אָפּהענטיקייט און פּעסימיזם, איז דאָס דווקא צווישן דער יידי־שער שרייבער־משפּחה. עס זיינען נאָך אין ניו־יאָרק פאַראַן אַ סך יידישע שרייבער, וואָס געדענקען די אַלטע גוטע צייטן, ווען עס האָט זיך אויפן לי־טעראַרישן יאַריד פון יענעם גרויסן יידישן צענטער געטומלט. זיי געדענקען נאָך גוט די חלומות וואָס מען האָט געוועבט, די אַמביציעס וואָס מען האָט געוואָרעמט און די פּלענער וואָס מען האָט געמאַכט. די דאָזיקע וועטעראַנען געפינען זיך אין דער בחינה פון יענע זקנים, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון בבל קיין ירושלים און האָבן ביטער געוויינט, ווען מען האָט באַנייט דאָס צווייטע בית המקדש. עס איז געווען גאַנץ פאַרשטענדלעך פאַר וואָס זיי האָבן געוויינט: זיי האָבן נאָך געדענקט די פּראַכט פונעם ערשטן בית המקדש, האָט דער אויסזען פונעם צווייטן אויף זיי נישט געקאָנט מאַכן קיין גרויסן איינ־דרוק... אין ניו־יאָרק זיינען היינט פאַראַן אַ באַדייטנדיקע צאָל יידישע שריי־בער וואָס געדענקען נאָך דעם יידישן ליטעראַרישן און קולטור־צענטער פון וואַרשע, און זיי האָבן דאָך אַוודאי נישט וואָס נתפּעל צו ווערן פון דעם וואָס זיי זעען היינט אין ניו־יאָרק אויף אָט די געביטן אין דעם יידישן לעבן. איז

נאַטירלעך אַז עס זאָל הערשן פּעסימיזם, געדריקטע שטימונג. ייִדיש לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, ווי איך ווייז אָן אויף אַנדערע ערטער, איז אויף אַ סך געביטן אויסגעוואָקסן און הייבט אָן אָנצונעמען גרויסע פאָרמען פון אָרגאַניזירטקייט און מאַסן־כאַראַקטער, פאָרמען וואָס, צי זיי געפעלן אונדז אָדער נישט, זיינען זיי נייע פאָרמען פון ייִדיש לעבן. די ייִדישע ליטעראַטור געהער אין די פּאַראייניקטע שטאַטן צו די געציילטע געביטן וואָס האָבן פון אַ רייכער פאַרגאַנגענהייט, פון אַן עפּאָכע פון גרויסע חלומות און ברייטע פּלענער, אַראָפּגענידערט צו דער מדרגה פון איינגעשרומפּנקייט און פאַרלוירנקייט. יאָ, דאָס איז די ריכטיקע דעפיניציע: די ייִדישע ליטעראַטור געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון פאַרלוירנקייט, הגם זי פאַרמאָגט אייניקע טאַלאַנטן, וואָס קענען אַפילו ביי גויים באַטראַכט ווערן אַלס גרויסע קינסט־לערס און דיכטערס.

# ניו־יאָרק בכלל

אויב די שטאָט איז דער ווייטגייענדיקסטער אויסדרוק אין דער אַנט־וויקלונג פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, איז ניו־יאָרק אָן שום ספק דער העכסטער שטאַפּל פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג. עס זיינען פאַראַן אַ סך עלטערע שטעט ווי ניו־יאָרק, מיט מער טראַדיציע און היסטאָרישן סטאַזש אַלס די „מיילשטיינער" אין דעם אויפשטייג פון דער מענטשלעכער קולטור, וויסן און ציוויליזאַציע, אָבער קיין איינע פון זיי שטייגט היינט צו טאָג נישט איבער ניו־יאָרק אין דעם זין פון דעם וואָס מען באַצייכנט מיטן נאָמען — מעטראָפּאָליע. אַפילו אין די פאַראייניקטע שטאַטן גופא זיינען פאַראַן שטעט וואָס זיינען אין דער הינזיכט פון טראַדיציע און נאַ־ציאָנאַלער געשיכטע אַ סך באַרימטער ווי ניו־יאָרק; אָבער קיין איינע פון זיי קען זיך נישט פאַרגלייכן מיט ניו־יאָרק אויפן געביט פון מעטראָפּאָליטאַ־נישער גראַנדיעזקייט, דינאַמיזם, שעפערישן שווונג און באַוועגונג, פּשוטע גאַסן־באַוועגונג. אין דעם זין איז ניו־יאָרק היינט צו טאָג די „קעניגן" פון די שטעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און פון דער גאַנצער וועלט, אָן שום גוזמא.

פאַר דעם ניי־צוגעקומענעם זיינען פאַראַן צווייערליי ניו־יאָרקס: אַ ניו־יאָרק בכלל און אַ ניו־יאָרק בפרט. די ניו־יאָרק בפרט איז אַזוי גרויס און פילאַרטיק, אַז מען דאַרף האָבן יאָרן אויף צו קענען זען און זיך באַקענען מיט אַלץ וואָס זי פאַרמאָגט. עס גייט נישט בלויז אין באַקענען זיך מיט אירע מיילן־לאַנגע גאַסן, מיט אירע וואָלקנקראַצערס, מוזייען, קונסט־גאַ־לעריעס, טעאַטערס, בריקן, טונעלן, אונטערערדישע באַנען און אַנדערע

טעכנישע ווערק, מיט וועלכע עס צייכנט זיך אויס די דאָזיקע ריזן־שטאָט. עס האַנדלט זיך אין אַבסאָרבירן אין זיך און דערפילן דעם אָטעם פון דער דאָזיקער שטאָט, וואָס איז דער העכסטער אויסדרוק פון מענטשלעכער שאַ־פונג און דראַנג צו אויפשטייג. די איינציקע נאַטור־ווונדער וואָס מען קען זען און באַוווּנדערן אין ניו־יאָרק, זיינען אירע טייכן און קאַנאַלן, וואָס צע־שניידן זי אין עטלעכע טיילן, און דער גרויסער צענטראַל־פּאַרק, וואָס איז אין זיין גרעסטן טייל געלאָזט געוואָרן אין אַ האַלב־פּרימיטיוון צושטאַנד, אין דעם סאַמע האַרץ פון מאַנהעטן. דאָס איבעריקע וואָס פאַרכאַפּט און באַ־צויבערט אין ניו־יאָרק, איז דער רעזולטאַט פון מענטשלעכער חכמה, שאַ־פונג און אַרבעט. אין אייניקע פאַלן זיינען די דאָזיקע חכמה, שאַפונג און אַרבעט דער אויסדרוק פון דער העכסטער געניאַליטעט וואָס מען קען טרעפן ביי מענטשן. עס איז דער מענטשלעכער זשעני, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן דער נאַטור אַליין, האָט געענדערט די געאָגראַפיע, זיך קעגנגעשטעלט די געזעצן פון קלימאַט און גראַוויטאַציע, זיך אויסגעלאַכט פון דעם וואַסער וואָס האָט זיך אים געשטעלט אין וועג און דורכגעשניטן וועגן איבער די טייכן און אונטער זיי.

עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווערן באַלד פאַרכאַפּט פון די „טשיקאַ־ווע" זאַכן, וואָס זיי טרעפן אין ניו־יאָרק און שענקען זיי זייער גאַנצע אויפ־מערקזאַמקייט. דאָס איז, לויט מיין מיינונג, דער גרעסטער טעות וואָס מען קען באַגיין, ווען מען וויל האָבן דעם ריכטיקן געשמאַק פון דעם איינדרוק, וואָס מען האָט פון דער דאָזיקער שטאָט. אַוודאי זיינען אין ניו־יאָרק פאַראַן אַ סך טשיקאַווע זאַכן, וואָס זיינען ווערט געזען צו ווערן; נישט דאָס אָבער אַנטשפּרעכט דעם אמתן כאַראַקטער פון דער דערשיינונג, וואָס הייסט ניו־יאָרק. אָפּשטעלן זיך אויף עטלעכע טשיקאַווע זאַכן, וואָס מען זעט אין ניו־יאָרק און דורך זיי וועלן געבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון איר אַלס גאַנצע דער־שיינונג, איז פּונקט דאָס זעלבע, וואָס וועלן געבן אַ פאָרשטעלונג פון אַ געניאַלער מוזיק־סימפאָניע פון בעטהאָווען דורך אַרויסכאַפּן אייניקע אָפּגעַ־זונדערטע טענער. די דאָזיקע טשיקאַווע זאַכן זיינען אין דער אונטערשטער שורה נישט מער ווי אייניקע אומבאַדייטנדיקע „זומער־שפּרענקעלעך" אויף דעם פּנים פון אַ גרויסער שיינהייט, וואָס גיבן איר נאָר צו מער עקזאָטישן

חן. און אַ שיינהייט שאַצט מען נישט לויט די קליינע דעטאַלן פון איר קער־פּער אָדער פּנים, נאָר לויט דער פּערזענלעכקייט, וואָס זי שטראַלט פון זיך אויס.

די „פּערזענלעכקייט" פון ניו־יאָרק באַשטייט קודם־כל אין איר פיזישער פּלוראַליטעט און גייסטיקער קאָסמאָפּאָליטישקייט. אויב קאָסמאָפּאָליטיזם איז אַ נעגאַטיווע דערשיינונג, ווי עס ווילן האָבן די מאָדערנע קאָמוניסטי־שע פּאָליטישע טעאָרעטיקער, איז די פּערזענלעכקייט פון ניו־יאָרק אַ נע־גאַטיווע, אַ שעדלעכע, הייסט עס; אויב אָבער קאָסמאָפּאָליטיזם איז, ווי עס דענקט יעדער ליבעראַל־דעמאָקראַטישער מענטש, אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג, איז ניו־יאָרק דער העכסטער אויסדרוק פון האַרמאָנישער קאָעקסיסטענץ (נישט די קאָמוניסטישע „קאָעקסיסטענץ"...) פון דער מענטשלעכער געזעל־שאַפט. אין ניו־יאָרק זעט מען צענדליקער מינים פון מענטשלעכע פיזיאָ־נאָמיעס, פון פּעך־שוואַרצע ביז העל־בלאָנדע, די מענטשן גייען דאָרט אָנ־געטאָן אין די פאַרשידנסטע קאָלירן און מאָדעלן קליידער, וואָס די מאָדע שאַפט; מען באַגעגנט די אויסטערלישסטע מענטשן־טיפּן, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן, מיט זייערע טעמפּעראַמענטן, כאַראַקטערן, געוווינהייטן, שפּראַכן, מנהגים און אידעאָלאָגיעס. און דאָך פילט מען אין דער דאָזיקער שטאָט דעם אָטעם פון אַ מערקווירדיקער האַרמאָניע, ווי מען פילט עס אין אַ גוט־געשפּילטער סימפאָניע פון הונדערטער פאַרשידענע טענער און קאָ־דענצן, געשפּילט פון אַ פּערפעקטן פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער. אין דעם זין פון באַפעלקערונג, איז ניו־יאָרק דער פּערפעקטסטער אויסדרוק פון ריינעם קאָסמאָפּאָליטיזם און אַלע זיינע באַגלייט־דערשיינונגען פון מענטש־לעכן צוזאַמענלעבן. אין דער דאָזיקער ריזן־שטאָט פון אַרום ניין מיליאָן איינוווינער, לויט עס גיבן אָן די לעצטע סטאַטיסטיקעס, וווינען צענדליקער פעלקער, לויט זייער עטנישן אָפּשטאַם, לויט זייערע שפּראַכן און מנהגים, לויט זייערע אמונות און טראַדיציעס און לויט זייערע קולטורן, איבערציי־גונגען און געפילן. און דאָך פילט איר נישט קיין צעשפּליטערטקייט אין דער „פּערזענלעכקייט" פון דער שטאָט, ווייל זי איז דער אויסדרוק פון דעם אַמעריקאַנישן גייסט פון פּלוראַליטעט. אויב ניו־יאָרק איז דער סימבאָל פון דעם וואָס מען רופט אין די פאַראייניקטע שטאַטן „דער שמעלצטאָפּ", איז

זי עס אויף אַזוי פיל, אַויף וויפל זי אַנטשפּרעכט דעם געבאָט פון האַרמאָניע דורך צוזאַמענלעבן.

אין דעם „סאָבוועי" (אונטערגרונט־באַן), וואָס איז דאָס מאַסנהאַפטיק־סטע פאַרקער־מיטל פון דער שטאָט, פילט מען אַממערסטן דעם קאָסמאָפּאָ־ליטישן כאַראַקטער פון ניו־יאָרק. אויב מיר האָבן געזאָגט, אַז ניו־יאָרק איז אַ סימפאָניע פון מענטשלעכע פיזיאָגנאָמיעס, פילט מען דאָס אַמשטאַרקסטן ווען מען פאָרט אין דער אונטערערד־באַן. דאָ איז די מענטשן־מאַסע אַ קאָמ־פּאַקטע, אַ נאָענטע צווישן זיך און מען קען דעריבער זיך שאַפן אַ קלאָרן באַגריף וועגן דער דאָזיקער פיזיאָגנאָמישער פילאַרטיקייט פון דער באַפעל־קערונג און אויך פון דעם כאַראַקטער און פון די עמאָציעס פון די ניו־יאָרקער איינוווינער. און פאַר אַן אונדזעריקן, דאָס הייסט, פאַר איינעם וואָס קומט פון אַ צווייטער גרויסער מעטראָפּאָליע, פון דער לאַטיינישער בוענאָס איירעס, איז גראָד פאַראַן וואָס צו באַמערקן. איר וועט, צום ביישפּיל, אין אַ ניו־יאָרקער „סאָבוועי" נישט זען, אַז מען זאָל אַזוי נאָכקוקן אַ מענטשן ווי עס פּאַסירט ביי אונדז. איר קענט אויסזען ווי עקזאָטיש, איר קענט גיין אָנגעטאָן ווי אויסטערליש, אייער אָנצוג קען זיין פון אַ מיתה־משונה קאָליר, איר קענט אויסזען ווי אַן אינדיאַנער אָדער ווי אַ רוסישער מוזשיק — וועט עס נישט רופן קיינעמס אויפמערקזאַמקייט. ווען מען וואָלט אין אַ בוענאָס איירעסער „סובטע" געזען אַזעלכע אָרטאָדאָקסישע ייִדן, מיט לאַנגע קאַפּאָ־טעס און פאות, ווי מען זעט אין דעם ניו־יאָרקער „סאָבוועי", וואָלט עס אַרויסגערופן אַ בייזווונדער; אין דער אונטערערד־באַן פון ניו־יאָרק איז דאָס אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און קיינער קוקט זיך אויף דעם נישט אום. איך אַליין האָב געזען אין דעם „סאָבוועי" אַן אַלטן ייִדן מיט אַ ווייסער באָרד און לאַנגער קאַפּאָטע דאַוונען מנחה און עס האָט נישט אַרויסגערופן קיינעמס אויפמערקזאַמקייט. זייט ביי זייט מיט דעם ייִדן וואָס האָט געדאַוונט, איז געשטאַנען אַ נעגער, וואָס איז געווען שוואַרץ ווי קויל און קעגנאיבער, אַ פּאָר יונגע מיידלעך, וואָס זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן אין שמאָלע און קור־צע הויזן פון ראַשיקע קאָלירן און אַזעלכע סוועטערס פון לייכטן מין, גלייך זיי וואָלטן געקומען פון אַ פּיקניק. קיינעם וועט נישט איינפאַלן זיך אָפּשטעלן קוקן אויף דעם אָדער יענעם, ווי עס פּאַסירט ביי אונדז. דאָס איז מסתמא

דערפֿאַר, ווייל אין ניו־יאָרק איז יעדער איינער צופֿיל באַלאָדן מיט זיינע אייגענע דאגות און טאַקע ווייל טאָלעראַנץ צום צווייטן איז אַן אָרגאַנישער שטריך פֿון דער נאָרד־אַמעריקאַנער מענטאַליטעט.

ניו־יאָרק בפֿרט זעט מען אַמבעסטן, ווען מען פֿאָרט אויף דער אויבער־פֿלאַך פֿון דער שטאָט. די גאַסן זיינען דאָ מיילן־לאַנגע און אין אייניקע שטאָט־געגנטן, איבערהויפּט אין דער אַזוי גערופֿענער „סיטי" פֿון מאַנ־העטן, פֿילט איר זיך ווי אין אַ לאַבירינט פֿון הויכע בערג. און דאָ האַנדלט זיך נישט בלויז וועגן דעם איינדרוק וואָס מען באַקומט פֿון דער גיגאַנ־טישקייט פֿון די דאָזיקע בנינים, נאָר וועגן דעם געפֿיל, אַז דאָס אַלץ איז דער רעזולטאַט פֿון מענטשלעכער חכמה און אַרבעט. די דאָזיקע ריזן־גע־ביידעס, צו וועלכע איר מוזט פֿאַררייסן דעם קאָפּ, צווינגען אויף אייך אַרויף רעספּעקט פֿאַר דעם מענטשלעכן זשעני און פֿאַר זיינע פֿעיִקייטן צו אויפֿ־שטייג. אין משך פֿון צענדליקער יאָרן האָבן מענטשן באַוווּנדערט דעם אייפֿל־טורעם פֿון פּאַריז אַלס דאָס גרעסטע ווערק פֿון דער אינזשעניערי און טעכ־ניק; ניו־יאָרק מיט אירע וואָלקנקראַצערס, מיט אירע בריקן, מיט אידע אונטערוואַסער־טונעלן און הויכבאַנען, האָבן אַ סוף געמאַכט צו דער דאָזי־קער פּרעפֿערענץ. אַלע באַקאַנטע טעכנישע וווּנדער, וואָס זיינען פֿריִער גע־ווען באַרימט אַלס דער גרעסטער אויסדרוק פֿון דער מענטשלעכער קרעאַ־טיווער קראַפֿט, ווערן פֿאַרבלאַסט קעגן דעם וואָס מען זעט אין דעם צענ־טער פֿון ניו־יאָרק. און ניו־יאָרק בלייבט נישט שטיין אויף איין אָרט אין איר דראַנג צו טעכנישער שלימות. דאָס וואָס האָט מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר נאָך אויסגעזען צו זיין די העכסטע דערגרייכונג, איז היינט שוין פֿאַרעל־טערט. זייט ביי זייט מיט די „אַלטע" וואָלקנקראַצערס, וואָס זעען אויס מיט זייער טונקעלער גראָקייט ווי די ריזיקע פֿעלזן, וואַקסן אויס אַנדערע מאָדער־נע געביידעס, וואָס זיינען אַ געמיש פֿון שטאָל, בעטאָן און גלאָז, און זיי זיי־נען אויסערלעך פֿילקאָליריק און אַרכיטעקטאָניש פֿול מיט גלענצנדיקער עסטעטיק. ווען איר גייט איבער די גאַסן פֿון מאַנהעטן, זעט איר מיט אייערע אייגענע אויגן ווי די טעכניק און די אַרכיטעקטור מאַכן דורך אַן אַנטוויק־לונג און אַן אויפֿשטייג צו דעם גראַנדיעזן, געמישט מיט דער אויסערלע־כער שיינקייט און באַקוועמלעכקייט.

איינעם פון די טיפסטע איינדרוקן וואָס מען באַקומט אין ניו־יאָרק, איז דער וואָס עס מאַכן די ריזן־בריקן, וואָס פאַרבינדן די פאַרשידענע טיילן פון דער שטאָט. ניו־יאָרק, ווי באַוווּסט, באַשטייט פון פיר טיילן, וואָס זיינען צווישן זיך צעטיילט פון טייכן און קאַנאַלן און אויף צו פאַרבינדן די דאָזיקע טיילן זיינען פאַראַן עטלעכע בריקן, וואָס יעדע איינע פון זיי איז דער העכ־סטער אויסדרוק פון דער אינזשעניערי און טעכניק. די ברוקלין־בריק, די מאַנהעטן־בריק, די דזשאָרזש וואַשינגטאָן־בריק און אַנדערע, זיינען ריזן־קאָנסטרוקציעס וואָס דערגאַנצן דאָס בילד און דעם פאַרנעם פון די קאָמוני־קאַציעס פון דער דאָזיקער וועלט־שטאָט, ווו די באַוועגונג איז אַ פּערמאַ־נענטע אַלע פיר און צוואָנציק שעה פונעם מעת־לעת אויף דער ערד, אונ־טער דער ערד, אויפן וואַסער, איבערן וואַסער און אונטערן וואַסער. מיט יאָרן צוריק, זיינען די דאָזיקע בריקן מסתמא געווען דאָס הויפּט־מיטל פאַר דער קאָמוניקאַציע צווישן די פאַרשידענע טיילן פון דער שטאָט; היינט זיי־נען זיי נאָר איין טייל, ווייל פונקט ווי מען פאָרט אויף די בריקן איבערן וואַסער, אַזוי פאָרט מען אין טונעלן אונטערן וואַסער, מיט דער אונטער־ערד־באַן און מיט אויטאָמאָבילן. איינער פון די דאָזיקע טונעלן צווישן ברוק־לין און מאַנהעטן פאַרן פאַרקער פון אויטאָס, איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אייניקע יאָר צוריק און ער איז דער לעצטער אויסדרוק פון דער מאָדערנער טעכניק, לויט זיין לענג און געבוי.

איינער פון די גרעסטע וווּנדערס פון ניו־יאָרק איז איר סיגנאַל־סיס־טעם, וואָס רעגולירט דעם גאַסן־פאַרקער פון מענטשן און וועגענער. אויף די ניו־יאָרקער גאַסן זיינען טאָג־טעגלעך פאַראַן בוכשטעבלעך מיליאָנען מענטשן און הונדערטער טויזנטער אויטאָמאָבילן, אויטאָבוסן, לאַסט־קאַמיאָ־נען און אַנדערע טראַפיק־מיטלען. טויזנטער מענטשן, ווי איינגעיִבט זיי זאָלן נישט זיין אין פאַך, וואָלטן אַזוי נישט געקענט רעגולירן דעם גאַסן־פאַרקער ווי עס טוט עס די וווּנדערבאַרע סיגנאַלן־סיסטעם. די דאָזיקע פּער־פעקטע סיסטעם פון סיגנאַלן איז נישט נאָר דער צייכן פאַרן אויטאָמאָביל־טרייבער, ווען אָפּצושטעלן זיך אָדער ווייטער פאָרן, נאָר זי איז עפּעס אַזוינס ווי אַ דערציִונגס־מיטל פאַר דעם פוסגייער איבער די ניו־יאָרקער גאַסן, ווי צו גיין. צווישן די טיפּישסטע בילדער וואָס איר קענט זען אויף די ניו־יאָר־

קער גאַסן, איז די באַוועגונג אויף די ראָגן (עסקינעס בלע״ז). ווען דער סיגנאַל איז אַ רויטער, זאַמלען זיך אָן אויף די ראָגן מאַסן מענטשן און וואַרטן ביז מען וועט קענען דורכקרייצן די גאַס. מיט אַ מאָל גיט זיך דאָס ליכט אַ בייט און עס דערשיינט דאָס וואָרט, אין גריגעם קאָליר, „וואָק״ (גיי) און די מאַסע גיט זיך אַ לאָז ווי אונטער אַ באַפעל פון עמעצן און קרייצט די גאַס. אַ ניו־יאָרקער איינוווינער וועט זעלטן דורכקרייצן די גאַס אין מיטן קוואַרטאַל. ניִשט נאָר ווייסט ער אַז דאָס מיינט אַ געפאַר, נאָר ער איז שוין אַזוי דערצויגן צום סיגנאַל פונעם גאַסן־פאַרקער, אַז דאָס אַריבערגיין די גאַס אויפן ראָג איז פאַר אים אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. די סיגנאַלן־סיסטעם איז עפּעס אַזוינס, ווי דאָס „אויג״ פון דער דאָזיקער מעטראָפּאָליע מיט איר מאַסנהאַפטיקן גאַסן־פאַרקער.

ניו־יאָרק בכלל, אַלס גאַנצע הייסט עס, קען מען נאָר זען פון איינעם פון די וואָלקנקראַצערס. דער העכסטער פון זיי איז דער „עמפּאַיר סטייט בילדינג״ פון 102 שטאָק און פון אויבן אַ טעראַסע פון וואַנען מען האָט דעם אויסבליק פון דעם גרעסטן טייל פון דער גרויסער שטאָט. די דאָזיקע העכ־סטע געביידע פון ניו־יאָרק, וואָס געפינט זיך אויף דער 32סטער גאַס און פינפטער עווענױ, איינער פון די ראַשיקסטע קאָמערציעלע פונקטן פון דער שטאָט, איז איינע פון די גרעסטע אַטראַקציעס פאַר טוריסטן וואָס באַזוכן ניו־יאָרק. שוין דער אויסערלעכער אויסזען אַליין פון דעם בנין אימפּאָ־נירט אויסערגעוויינלעך מיט זיין הויך און מאַסיווקייט; אָבער דאָס אינטע־רעסאַנטסטע איז דאָס וואָס מען זעט, ווען מען פאָרט אַרויף ביז אויבן און פון דאָרט אָבסערווירט מען די שטאָט. אַרויפפאָרן מוז מען אין צוויי עטאַפּן: ביז צום זעכציקסטן שטאָק פאָרט מען מיט איין ווינדע (אַסענסאָר בלע״ז) און דאָרט שטייגט מען אויס און מען נעמט אַ צווייטע, וואָס ברענגט אייך ביז צום 102טן שטאָק פון וואַנען איר קענט שוין דורך די גרויסע שויבן פון די פענצטער אָבסערווירן דעם אַרום. אַ סך בעסער זעט מען אָבער דאָס בילד פון דער טעראַסע, צו וועלכער מען גייט אַרויף דורך טרעפּ. פון דאַנען זעט מען די שטאָט ביז צו אירע ווייטסטע געגנטן אַזוי ווי זי שטייט און גייט. פון דאַנען, אַז איר קוקט אַראָפּ אויף די גאַסן, זעען אייך די מענטשן און אויטאָס אויס ווי שפּילצייג, וואָס באַוועגט זיך מיט דער הילף פון שפּרונ־

זינעס צווישן די וואָלקנקראַצערס און סקווערן. די גאַסן זעען אויך אויס ווי שמאָלע דורכגענג צווישן הויכע פעלדזנבערג. איך פערזענלעך, ווען איך האָב אָבסערווירט די צענטראַלע געגנט פון ניו־יאָרק פון דעם שפּיץ פונעם „עמפּאיר סטייט בילדינג" האָב איך געהאַט דעם זעלבן איינדרוק, וואָס איך האָב באַקומען אין מיינע פּילצאָליקע פליצוגן איבער די אַנדן־בערג. דער באַוווּסטזיין, אַז די דאָזיקע „באַרגן־קייט" וואָס הייסט דער צענטער פון מאַנ־העטן איז נישט קיין נאַטירלעכע שאַפונג, נאָר דער רעזולטאַט פון מענטש־לעכער חכמה און אַרבעט, האָט ביי מיר אַרויסגערופן דאָס געפיל פון דרך־ארץ צו דעם מין מענטש. פון דער ווייטנס זעט מען דעם וווּנדערלעכן צענ־טראַל־פּאַרק, וואָס האָט אַ לענג פון איבער פינף קילאָמעטער (פון דער 58סטער ביז דער 110טער גאַס), די טייכן וואָס שניידן דורך די פאַרשי־דענע שטאָט־געגנטן און די ריזיקע בריקן איבער זיי און גאָר פון דער ווייטנס, זעט מען די פרייהייט־סטאַטוע, וואָס שטייט מיט דער אויפגעהויבענער האַנט, אין וועלכער זי האַלט אַ פאַקל, וואָס סימבאָליזירט דאָס ליכט פאַר די אַלע וואָס קומען זוכן פרייהייט. דאָ, פונעם שפּיץ פון דער העכסטער געביידע, זעט מען ניו־יאָרק אַזוי ווי זי שטייט און גייט פון אַלע זייטן, אַ גרויסע, אַ מעכטיקע און אין אַ געוויסער מאָס אַ מיסטעריעזע, צוליב דעם אויסטער־לישן געפיל וואָס זי רופט אַרויס ביי דעם וואָס זעט זי צום ערשטן מאָל.

# אַ בליק אויף וואַשינגטאָן

די רייזע פון ניו־יאָרק קיין וואַשינגטאָן געדויערט מיט דער באַן דריי שעה מיט פינף און פערציק מינוט, נישט קיין איין מינוט מער אָדער ווייניקער. איך האָב דאָס אומיסטן פעסטגעשטעלט מיטן זייגער. און אין די דאָזיקע קנאַפּע פיר שעה פאָרט איר אָפּ צוויי הונדערט מייל (דריי הונ־דערט קילאָמעטער) איבער וועלכע איר זעט מוסטערן פון דעם נאָרד־אַמע־ריקאַנער פּראָגרעס, אין אינדוסטריעלן, טעכנישן און סאָציאַלן זין. אַרויס־פאָרנדיק פון ניו־יאָרק ביז באַלטימאָר, וואָס געפינט זיך דריי פערטל שעה רייזע פון וואַשינגטאָן, לויפן פאַרביי אייערע אויגן ריזיקע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען פון פאַרשידענעם מין און אַרום די פאַבריקן אין די צענ־דליקער טויזנטער אויטאָמאָבילן, אויסגעשטעלט אין אַ פּערפעקטער אָרדע־נונג. דאָס זיינען די „קאַרס" (אויטאָמאָבילן) מיט וועלכע די אַרבעטער קומען צו דער אַרבעט. אַפילו נאָך ניו־יאָרק מאַכן די דאָזיקע אויטאָמאָביל־מאַסן אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק.

ניואַרק, טרענטאָן, פילאַדעלפיע, באַלטימאָר און אַנדערע שטעט פאָרט מען פאַרביי און אומעטום איז דאָס זעלבע בילד: פאַבריקן, פאַבריקן מיט זייערע ריזיקע איינריכטונגען און ביי די פאַבריקן דאָס פילפאַרביקע בילד פון צענדליקער טויזנטער אויטאָמאָבילן, וואָס זיינען פאַר די נאָרד־אַמערי־קאַנער אַרבעטער דאָס זעלביקע וואָס די ביציקלעטן פאַר אונדזערע אַרבע־טער אין אַרגענטינע. נאָך באַלטימאָר בייט זיך דאָס בילד. דאָ פאַרענדיקן זיך די פאַבריקן און עס הייבט זיך אָן אַ לאַנדשאַפט פון גרינס, וואָס ציט זיך אַזוי ביז וואַשינגטאָן. דאָ און דאָרט זעט מען זויבערע נאָרד־אַמערי־

קאַנער שטעטלעך מיט זייערע טיפּישע הייזער, וואָס האָבן אַלע איין פּנים מיט זייערע דעכער, גאַניקלעך, פענצטער און קאָלירן. די גאַסן זיינען גלייכע, אַספאַלטירטע און פול מיט אויטאָמאָבילן. איבער די גלענצנדיקע שאָסייען, וואָס שניידן דורך דאָס לאַנד אין אַלע ריכטונגען, יאָגן אויטאָמאָבילן, אויף די וועגן, אויף די בריקן, אונטער די בריקן, וואָס זיינען דאָ פאַראַן אויף שריט און טריט. די טרעפלעכסטע כאַראַקטעריסטיק וואָס מען וואָלט געקענט געבן וועגן די פאַראייניקטע שטאַטן איז, אַז דאָס איז אַ לאַנד — אויף רעדער...

און אָט זיינען מיר אין וואַשינגטאָן. דעם ערשטן איינדרוק, וואָס מען באַקומט ביים אַרויסקומען פון דער באַן־סטאַנציע איז, אַז דאָס איז דער פולשטענדיקער קאָנטראַסט פון ניו־יאָרק. און דער דאָזיקער איינדרוק פאַר־שטאַרקט זיך און באַשטעטיקט זיך מיט יעדן טריט וואָס איר מאַכט אין דער הויפּטשטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

נאָך דער בעטאָנענער האַרטקייט פון ניו־יאָרק און נאָך דעם הו־האַ פון דער מעטראָפּאָליע, וואָס ביים האָדסאָן און איסט ריווער, גיט דאָ אויף אייך אַ ווייע עפּעס אַ מין געמיטלעכע ווייכקייט. להיפּוך צו ניו־יאָרק, איז וואַ־שינגטאָן אַ שטאָט מיט נישט הויכע געביידעס און זי איז איינגעטונקען אין גרינס און אין בלומען. די שטאָט זעט אויס ווי איין גרויסער פּאַרק און די גאַסן, די קראָמען, די מאָנומענטאַלע רעגירונגס־בנינים פון פּרעכטיקע אַר־כיטעקטאָנישע ליניעס, זיינען עפּעס ווי אַ צוגאָב צו דעם דאָזיקן קאָלאָסאַלן פּאַרק וואָס הייסט וואַשינגטאָן. וואַשינגטאָן איז אין אַ גרויסער מאָס ענלעך אויף בוענאָס איירעס, איבערהויפּט אין דער געגנט פון פּאַלערמאָ. ווען איר שטייט אויף די טרעפּ פון קאַפּיטאָליום (קאָנגרעס) און קוקט אין דער ריכטונג פונעם וואַשינגטאָן־מאָנומענט, וואָס זעט אויס ווי אונדזער אָבעליסק און צום לינקאָלן־מעמאָריאַל, האָט איר דעם איינדרוק, אַז איר געפינט זיך אין פּאַלערמאָ. אַפילו די מענטשן אין וואַשינגטאָן און באַזונדערס די פרויען, זעען אויס אַנדערש ווי די פון ניו־יאָרק. איך האָב געזען הונדערטער באַאַמ־טע פון די קאָנגרעס־געביידעס בעתן „לאַנטש" (מיטאָג) אין איינעם פון די ריזיקע זעלבסטבאַדינונג־רעסטאָראַנען פונעם קאָנגרעס און זיי האָבן מיר אויסגעזען געמיטלעכער, רויִקער ווי די וואָס איך האָב געזען אין ניו־יאָרק.

איך מיין אַז דאָס אויג האָט מיך נישט אָפּגענאַרט, ווייל די זעלביקע געמיט־לעכקייט און רוקייט האָב איך אָנגעטראָפן אויף די גאַסן, אין די טראַמווייען (וואַשינגטאָן האָט נאָך עלעקטרישע טראַמווייען און האָט נישט קיין אייך „סאָבוועי" (סובטע); אַ סימן, אַז זי איילט זיך נישט צו שיידן זיך מיט איר געמיטלעכקייט און „פּראָווינציעלן" ריטם.

וואַשינגטאָן איז דער מלוכהשער צענטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן און עס קען זיך איינעם אויסווייזן, אַז ער וועט דאָ טרעפן אַ שטימונג פון ביוראָקראַטישער פאַרריסנקייט אָדער שטייפקייט. דער וואָס דענקט אַזוי, מאַכט דעם גרעסטן טעות. איך האָב דאָס פעסטגעשטעלט בעת מיינע באַזוכן אין קאָנגרעס, אין דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק, אין ווייסן הויז, אין דער נאַ־ציאָנאַלער קונסט־גאַלעריע, אין דעם אַרכיוו און אַנדערע גרויסע אָפיציעלע אינסטיטוציעס. אומעטום ווערט איר אויפגענומען מיט אַ רירנדיקער העפ־לעכקייט און מיט אַ פשטות אָן אַ גרענעץ. אַלע זיינען דינסטגרייט און ענטפערן אייך גערן. אין קאָנגרעס, צום ביישפּיל, בין איך אַריינגעגאַנגען סיי אין דעם זאַל פון דער רעפּרעזענטאַנטן־קאַמער און סיי אין דעם פונעם סענאַט, אָן שום פאָרמאַליטעטן, גלייך איך וואָלט אַריינגעגאַנגען ערגעץ אין אַ פּריוואַטער שטוב פון מיינעם אַן אַלטן באַקאַנטן. דאָס איינציקע וואָס מען האָט ביי מיר געפאָדערט איז, אַז איך זאָל מיין טעקע איבערלאָזן אין דעם ספּעציעלן גאַרדעראָב, ווו מען האָט מיר געגעבן אַ נומער און דער נאָך זי אומגעקערט מיט אַ שמייכל. דאָס זיינען לאָגישע און נאַטירלעכע מיט־לען פון זיכערקייט, וואָס מען דאַרף אָננעמען אין אַזעלכע עפנטלעכע פּלע־צער. איך בין געווען אין ביידע קאָנגרעס־קאַמערן בעת עס זיינען פאָרגע־קומען זיצונגען און האָב געקענט זען ווי איינפאַך און אָן שום פּאָמפּע עס אַרבעטן די וואָס פאַרטרעטן דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק אין זיין קאָנ־גרעס. די שטימונג פון דעמאָקראַטיע און פרייהייט הערשט אומעטום ווי אַ נאַטירלעכער עלעמענט אין דעם לעבן פון דעם דאָזיקן גרויסן און הויך־אַנטוויקלטן לאַנד. מיר האָבן זייער אַ סך וואָס צו לערנען פון דעם דאָזיקן גלענצנדיקן לעבנס־שטייגער פון אַ פאָלק וואָס האָט פון דער דעמאָקראַטיע געמאַכט אַ קולט און געניסט פון איר אויף אַ נאַטירלעכן אופן, ווי אַ שטייגער ווי איינער וואָס אָטעמט מיט פרישער לופט. עס איז באמת אַ שאָד, וואָס די

איינזייטיקע און אָפּט מאָל פאַרקריפּלטע פּראָפּאַגאַנדע און טענדענציעזע פלאַקאַטן־ליטעראַטור פּרעזענטירן די נאָרד־אַמעריקאַנער הויפּטשטאָט ווי עפּעס אַ נעסט פון סאַמע „אימפּעריאַליסטן", רחמנא ליצלן, אָדער פון אַזעלכע וואָס האָבן נישט קיין אַנדער זאָרג ווי נאָר אָנזאַמלען מיליאָנען דאָלאַרן אויפן חשבון פון אַנדערע פעלקער. מען דאַרף זען דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק ביי דער אַרבעט, ביים לערנען, ביים אויפנעמען מענטשן, אויף איבערצוייגן זיך, אַז די פּראָפּאַגאַנדע וועגן זיין מאַטעריאַליזם איז נישט אמת. מען דאַרף זען וואַשינגטאָן און אירע אינסטיטוציעס אויף איבערצוצייגן זיך אין דעם הויכן קולטור־ניוואָ פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק און אין דער העפלעכקייט און פּשטות פון די דאָרטיקע מענטשן. מען דאַרף זען דאָס ווייסע הויז, דאָס וווינפּלאַץ פונעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און דאָס „בלעיר האוז", דאָס הויז וווּ מען נעמט אויף און עס שטייען־איין די אָפיציעלע געסט פון דער רעגירונג, אויף איבערצוצייגן זיך אין דער איינפאַכקייט פון די וואָס פירן אָן מיטן גורל פון די פאַראייניקטע שטאַטן און היינט צו טאָג — אפשר פון דער גאַנצער וועלט.

וואַשינגטאָן איז נישט נאָר דער צענטער פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער מלוכהשן לעבן, נאָר זי פאַרמאָגט אויך אַ סך אינסטיטוציעס, וואָס פאַרוואַנדלען זי אין אַ צענטער פון קולטור, קונסט און שטודיום. אויסער דער גרויסער קאָנגרעס־ביבליאָטעק, וואָס איז לויט איר פאַרנעם און קאָלעקציעס ביכער און מאַנוסקריפּטן איינע פון די גרעסטע אויף דער וועלט און דער נאַציאָנאַלער קונסט־גאַלעריע מיט איר ריזיקער קאָלעקציע בילדער פון די באַרימטסטע מאָלער, ווי רעמבראַנדט, וועלאַסקעס, על גרעקאָ, וואַן גאָג, ראַפאַעל, די פלעמישע, איטאַליענישע, פראַנצויזישע און אַנדערע קלאַסיקערס, האָט וואַשינגטאָן פיר אוניווערסיטעטן און אַנדערע הויכשולן. די פיר אוניווערסיטעטן זיינען: דער דזשאָרזש וואַשינגטאָן־אוניווערסיטעט, דער אַמעריקען־אוניווערסיטעט, דער דזשאָרזשטאַון־אוניווערסיטעט און דער קאַטולישער אוניווערסיטעט. די באַפעלקערונג פון דער שטאָט באַשטייט על־פּי רוב פון מענטשן מיט מיטעלער און הויכער בילדונג, און דאָס אַליין לייגט דעם חותם אויף איר כאַראַקטער. אויסער דעם איז וואַשינגטאָן אַ גרויסער צענטער פון טוריזם טאַקע צוליב דער אַטראַקציע פון די דאָזיקע אינסטי־

טוציעס און אַלס דאָס פּלאַץ ווו עס זיינען קאָנצענטרירט די גרעסטע טייל וויכטיקע דענקמעלער פון באַרימטע פיגורן און מאָנומענטן פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער געשיכטע.

איך האָב געהאַט דאָס גליק צו באַקענען זיך אין וואַשינגטאָן מיט צוויי יידישע מענטשן, וואָס אַ דאַנק זיי האָב איך פאַר דער קורצער צייט פון מיין באַזוך געקענט זען דעם מאַקסימום וויכטיקע ערטער, וואָס האָבן מיך אינ־טערעסירט. איינער פון זיי איז מאָרעי פרענק, דער קאָרעספּאָנדענט פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" אין וואַשינגטאָן. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל טרעפן איינעם פון די טיפּישע אַמעריקאַנער יידן און געטראָפן האָב איך אַ האַרציקן יידישן יונגערמאַן, אַ געבוירענער אין אַמעריקע, וואָס רעדט אַ פערלדיקן, זאַפטיקן יידיש. ער אַרבעט אין אַ ביוראָ פון נאָרד־אַמעריקאַנער קאָנגרעס און טראָץ דעם וואָס ער איז שטאַרק באַשעפטיקט, האָט ער מיר אַרויסגעוויזן דעם מאַקסימום אויפמערקזאַמקייט און מיך אַרומגערינגלט מיט אַ זעלטענער היימישקייט און וואַרעמקייט. דאָס ערשטע וואָס ער האָט געטאָן איז געווען אַריבערגיין מיט מיר אין דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק, ווו ער האָט מיך באַקאַנט מיט דעם דירעקטאָר פון דער יידישער אָפּטיילונג ד״ר לאָרענס מאַרוויק, אַ האַרציקער יידישער מענטש, וואָס האָט מיר געוויזן נישט נאָר די אינטערעסאַנטע ערטער פון דער ביבליאָטעק און פונעם אַר־כיוו, נאָר איז מיט מיר אומגעגאַנגען עטלעכע שעה צייט איבער דער שטאָט און מיר געוויזן כמעט אַלץ וואָס איז כדאַי געווען צו זען. צופעליק האָב איך מיך אויך באַקאַנט מיטן ד״ר צייטלין, אַ פּראָפעסאָר פונעם דראָפּסי־קאָלעדזש, וועלכער איז באַקאַנט מיט זיינע מיינונגען, אַז די מגילות פונעם ים־המלח זיינען נישט קיין אויטענטישע. מיר האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט אין זייער אינטערעסאַנטע שמועסן. דאָס זיינען מענטשן פון הויכער בילדונג און קולטור און עס איז אַ נחת־רוח מיט זיי צו שמועסן.

וואַשינגטאָן איז אַ שטאָט ווו כמעט אַלץ דרייט זיך אַרום דער מלוכה־שער אַדמיניסטראַציע. אין דער הויפּטשטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס פאַרמאָגט איבער אַ מיליאָן איינוווינער, זיינען צוויי הונדערט און פופציק טויזנט פערזאָן דירעקט באַאַמטע פון דער מלוכה. צווישן דער דאָזיקער צאָל זיינען פאַראַן לערך אַ צען טויזנט יידן. מיט זייערע פאַמיליעס

מאַכן די מלוכה־באַאַמטע אויס איבער אַ האַלבן מיליאָן פון די שטאָט־איינוווי־נער, וואָס לעבן דירעקט פון דעם מלוכה־אַפּאַראַט. אַ פערטל מיליאָן איינ־וווינער לעבן אומדירעקט פון דער מלוכה, אַלס פּראָפעסיאָנאַלן, עקספּערטן און קאָמערציאַנטן. דער רעשט פון דער באַפעלקערונג איז באַשעפטיקט אין די פאַרשידענע דינסטן פון דער שטאָט, אין דער קאָמערץ, אין די רעסטאָ־ראַנען, ביים שטאָט־טראַנספּאָרט און אַנדערע באַשעפטיקונגען. אין וואַשינג־טאָן זיינען נישטאָ קיין אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, אויסער די פון לייכטן כאַראַקטער, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער באַדינונג פון דער באַ־פעלקערונג. עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו דערציילן, אַז די איינוווינער פון דער שטאָט וואַשינגטאָן, דער אַזוי גערופענער קאָלומביאַ־דיסטריקט, באַ־טייליקן זיך נישט אין די לאַנד־וואַלן. ווען מען נעמט אין אַכט די רעגירונגס־סיסטעם פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון „געוויכט און קעגנגעוויכט" אויף צו פאַרמיידן דעם מיסברויך פון דער מאַכט, איז די דאָזיקע תקנה אַ גוט־פאַר־שטענדלעכע. מערקווירדיק איז, אַז די באַפעלקערונג פון וואַשינגטאָן באַ־שטייט כמעט אויף אַ העלפט פון נעגערס.

די קאָנגרעס־ביבליאָטעק באַשטייט פון צוויי ריזיקע געביידעס. איינע פון זיי איז פון די ערשטע געביידעס וואָס מען אָנגעהויבן בויען אויף דעם פּלאַץ, ווו עס געפינט זיך דער קאַפּיטאָליום (קאָנגרעס) אַרומגערינגלט פון גרויסע מלוכה־בנינים. די צווייטע געביידע איז אַ רעלאַטיוו נייע און אין איר געפינט זיך די סעמיטישע אָפּטיילונג פון וועלכער די יידישע סעקציע איז אַ וויכטיקער טייל. אין דעם אַרכיוו פון דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק האָב איך געזען יידישע צייטונגען אין פּעריאָדישע אויסגאַבעס בוכשטעבלעך פון דער גאַנצער וועלט. די קאָנגרעס־ביבליאָטעק פאַרמאָגט ביי די צוואַנציק מיליאָן בענדער. די לייען־זאַלן, די שטודיר־זאַלן, די אַרכיוון און קאַטאַלאָג־אָפּטיילונגען, מאַכן אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק מיט זייער פאַרנעם און אויסזען. ביי דער געלעגנהייט וועט זיין אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען פאַראַן צוועלף טויזנט עפנטלעכע ביבליאָטעקן מיט זייערע סוקורסאַלן, אין וועלכע עס זיינען פאַראַן 165 מיליאָן בענדער. צוזאַמען מיט דער שטאָט־ביבליאָטעק פון ניו־יאָרק, איז די קאָנגרעס־ביב־ליאָטעק די גרעסטע פון זיי , אפשר איינע פון די גרעסטע אויף דער וועלט.

די ייִדישע אָפּטיילונג ווערט, פאַרשטייט זיך, אויסגעהאַלטן פון די מלוכה־פאָנדן און זי איז אַן־און־פאַר־זיך אַן אוצר פון ייִדישע ווערטן און ייִדישן ווייסן. די דאָזיקע אָפּטיילונג אונטער דער לייטונג פונעם ד״ר לאָרענס מאַר־וויק, שטייט אין קאָנטאַקט מיט דער ביבליאָטעק פונעם העברעיִשן אוניווער־סיטעט אין ירושלים, מיטן ייִוואָ און אַנדערע גרויסע ייִדישע קולטור־אינ־סטיטוציעס און זיי האָבן אַ שטענדיקן אויסטויש פון אינפאָרמאַציעס.

אַ שטאַרקן איינדרוק באַקומט מען פון דעם באַזוך אין דער נאַציאָנאַלער קונסט־גאַלעריע. שוין דער בנין אַליין מיט דעם צענטראַלן האָל מיט די ריזיקע מאַרמאָרנע קאָלומנעס, מאַכט אַ טיפן איינדרוק. צוזאַמען מיט דעם מעטראָפּאָליטאַנישן קונסט־מוזיי פון ניו־יאָרק, פאַרמאָגט די דאָזיקע קונסט־גאַלעריע איינע פון די רייכסטע בילדער־קאָלעקציעס פון די סאַמע עלטסטע קונסט־שולן. דאָרט טרעפט מען אויטענטישע בילדער, וואָס זיינען באַרימט אין דער געשיכטע פון דער קונסט. עס זיינען דאָרט פאַראַן אָפּטיילונגען פון אויסשליסלעך רעליגיעזער מאָלעריי מיט עקזעמפּלאַרן וואָס געהערן צו די זעלטנסטע יקר־המציאותן. עס איז באמת אַ פּריווילעגיע צו באַזוכן דעם דאָזיקן טעמפּל פון קונסט און אָנזעטיקן דאָס אויג מיט די מענטשלעכע שאַ־פונגען פון יאָרהונדערטער. אין דער אַבסאָלוטער שטילקייט פון די סאַלאָ־נען, וווּ פון די ווענט קוקן אויף אייך אַראָפּ די זעלטענע קונסט־ווערק פון יאָרהונדערטער, פילט איר זיך ווי באַהערשט פון אַ הייליקער שטימונג, אַ שטימונג וואָס גרענעצט זיך מיט דעם געפיל פון אייביקייט, די אייביקייט פון דער מענטשלעכער שעפערישקייט.

איינעם פון די טיפסטע איינדרוקן באַקומט מען ווען ווען באַזוכט די ערטער וואָס פאַראייביקן די גרויסע פיגורן פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער געשיכטע און אירע וויכטיקסטע מאָמענטן. דעם דאָזיקן איינדרוק באַקומט איר פון דעם אויגנשיינלעכן פאַקט, וואָס אין די דאָזיקע דענקמעלער האָט מען באַוויזן צו פאַראייניקן צוזאַמען דאָס מאָנומענטאַלע, עסטעטישע מיט דער ריינסטער פּשטות. נעמט, צום ביישפּיל, דעם לינקאָלן־מעמאָריאַל. דאָס איז אַ מאָנומענטאַלער מאַוזאָליי געבויט אין קלאַסישן סטיל מיט אַ פּראָנט פון ריזיקע קאָלומנעס, צו וועלכן איר גייט אַרויף דורך אַ שורה ברייטע טרעפּ, וואָס פירן צו דעם האָל אין וועלכן עס געפינט זיך אַלץ. און וואָס

געפינט איר דאָרט? נישט מער ווי אַ דענקמאָל פון אייבראַהאַם לינקאָלן אין אַ זיצנדיקער פּאָזע און פון ביידע זייטן אויף די ווענט זיינען אויסגעקריצט די טעקסטן פון דער דערקלערונג וועגן דער באַפרייונג פון די שקלאַפן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און די באַרימטע רעדע פון געטיסבורג, נאָכן שליסן דעם פרידן פונעם בירגערקריג צווישן די צפון־ און דרום־שטאַטן. דאָס איז אין גאַנצן וואָס איר זעט דאָרט און דאָך איז דאָס גענוג אַז עס זאָל אויף אייך מאַכן אַן אומגעהייערן איינדרוק. סיי אין דעם דענקמאָל און סיי אין די אויסגעקריצטע דערקלערונגען זיינען ווי פאַרזיגלט געוואָרן טראַסצעדענ־טאַלע מאָמענטן פון דער געשיכטע פון דעם דאָזיקן גרויסן לאַנד, צו וועלכן די גאַנצע פרייע וועלט קוקט היינט מיט דער האָפענונג אויף בעסערע צייטן. איר קוקט אויף דער פאַרטראַכטער פיגור פון אייבראַהאַם לינקאָלן און אויף זיינע ווערטער פון באַפרייונג און פרידן און איר טראַכט זיך: דאָס וואָס די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן געקענט טאָן איין מאָל, וועלן זיי באַווייזן צו טאָן נאָך אַ מאָל: באַפרייען די וועלט פונעם קאָשמאַר פון מורא און קנעכט־שאַפט. פון אַזעלכע ערטער וואָס פאַראייביקן מאָמענטן פון מענטשן־באַ־פרייונג און שטרעבונג צו פרידן און האַרמאָניע, קומט מען אַרויס ווי אַן אָפּגעפרישטער מיט אַ נייעם גלויבן אין דעם מענטשן.

אַ זייער טיפן איינדרוק באַקומט מען פון אַ באַזוך אויף דעם נאַציאָנאַלן בית־עולם פון אַרלינגטאָן, וועלכער געפינט זיך נישט ווייט פון וואַשינגטאָן, אויף יענער זייט טייך פּאָטאָמאַק, אין דעם שטאַט ווירדזשיניאַ. דאָס איז אַ ריזיק פעלד, פאַרזייט מיט די קברים פון די געפאַלענע העלדן אין אַלע מלחמות וואָס די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן געפירט. איר געפינט דאָרט קברים פון די געפאַלענע אין דעם קריג צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און שפּאַניע, פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און פון דעם צווייטן וועלט־קריג. ווי אויף אַלע נאָרד־אַמעריקאַנער בית־עולמס, זיינען דאָ די קברים איינ־פאַכע, אָן צאַמען. בלויז אַ קליינע שטיינערנע אָדער מאַרמאָרנע ווייַסע מצבה אַריינגעשטעקט אין דער אויסגעגלייכטער ערד, דערציילט אייך ווער עס ליגט דאָ. בלויז אויף די קברים פון די העכערע אָפיצירן זיינען פאַראַן קליינע צאַמען מיט די אויפשריפטן פון זייערע ראַנגען און אַנטעצעדענטן אַלס מיליטערישע פירער. אויף די קברים פון אייניקע זיינען פאַראַן גרע־

סערע מאָנומענטן. איינע פון די מערקווירדיקסטע געבײַדעס אויפן בית־הקברות איז דער מעמאָריאַל־אַמפיטעאַטער, וואָס איז סיי אַ מאָנומענט און סיי דאָס פּלאַץ ווו עס קומען פאָר וויכטיקע געדענק־אַקטן. דער בית־עולם איז אַ ריזיקער און ווי ווייט דאָס אויג כאַפּט, זעט איר די סימעטרישע שורות פון די קליינע ווייסע מצבות אויף די קברים פון די, וואָס זיינען געפאַלן אין די מלחמות וואָס זייער פאָטערלאַנד האָט געפירט.

דאָס אויבן געשילדערטע איז בלויז אַ קליינער ברוכטייל פון דעם וואָס מען זעט אין דער הויפּטשטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. וואַשינגטאָן פאַרמאָגט אַ שלל מיט ריזיקע און וויכטיקע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען ווערט באַזוכט און שטודירט צו ווערן. אַ באַזוך אין דעם ווייסן הויז, איז אָן שום ספק אַן איבערלעבונג פאַר דעם טוריסט וואָס זעט עס צום ערשטן מאָל. דאָס דאָזיקע הויז וואָס איז דער סימבאָל פון דער מאַכט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, מאַכט דעם טיפסטן איינדרוק דווקא מיט דער איינפאַכקייט. די וואָס ווילן דערוואַרטן צו זען אין ווייסן הויז אימפּאָזאַנטע זאַכן, וועלן בלייבן אַנטוישט; די אָבער וואָס קענען זיך אַנטציקן פון דער נאָבעלקייט פון דער פּשטות, וועלן אין דעם דאָזיקן רעלאַטיוו־קליינעם הויז, ווו עס וווינט דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, דערפילן די גרויסקייט פון דעם דאָזיקן לאַנד, וואָס קען מאַכן די גרעסטע הומאַנע זשעסטן אויף דעם באַשיידנסטן אופן. דער באַזוך אין ווייסן הויז איז נישט נאָר אַן איבערלעבונג, נאָר אַן אמתע לעקציע פאַר דעם וואָס וויל קענען פון דער נאָנט די פאַראייניקטע שטאַטן, זייער לעבנס־שטייגער און אַרט דענקען. נישט אומזיסט ווערן אַהין געבראַכט שילער פונעם גאַנצן לאַנד, בכדי זיי זאָלן זיך באַקענען מיט דעם הויז פון וואַנען זייער לאַנד ווערט רעגירט. ווען איך בין געווען, איז דאָרט אויך געווען אַ גרויסע גרופּע מיטלשול־שילער מיט זייערע לערערס אויף אַ באַזוך.

אַ באַזוך אין וואַשינגטאָן איז אָן שום ספק אַ טיפע איבערלעבונג. איך האָב נאָר באַדויערט, וואָס נישט די צייט און נישט די פאָנדן האָבן מיר נישט דערלויבט צו בלייבן מער צייט אין דער דאָזיקער ווונדערלעכער שטאָט, ווו סיי דאָס אויסערלעכע אויסזען און סיי איר תוכיקער אינהאַלט פאַראייניקן זיך אין אַ פּערפעקטער האַרמאָניע.

# די פרייהייט־סטאַטוע פון ניו־יאָרק

זיין אין ניו־יאָרק און נישט זען די פרייהייט־סטאַטוע, איז פונקט דאָס זעלביקע וואָס זיין אין מאָסקווע און נישט זען דעם קרעמעל, אָדער באַזוכן פּאַריז און נישט אָנקוקן דעם אייפעל־טורעם. אַמאָליקע צייטן, ווען דער פּאַרקער צווישן דער וועלט און די פאַראייניקטע שטאַטן איז אויסשליסלעך געווען מיט דער שיף, האָט קיין שום מענטש, וואָס איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, נישט געקענט אויסמיידן נישט צו זען די דאָזיקע באַרימטע סטאַטוע וואָס שטייט אויף אַן אינדזעלע ביים סאַמע אַריינפאָר צום פּאָרט, מיט דער אויפגעהויבענער רעכטער האַנט, אין וועלכער זי האַלט אַ פאַקל — דער סימבאָל פון דער פרייהייט. דאָס זען די דאָזיקע סטאַטוע איז פאַר מיליאָנען מענטשן געווען דער ערשטער ליכטיקער גרוס, דער ערשטער קבלת־פּנים פון דעם נייעם לאַנד, אין וועלכן זיי זיינען געפאָרן זוכן נישט נאָר ברויט, נאָר אויך מענטשלעכע השיבות, פון וועלכער זיי האָבן נישט געגאָסן אין זייערע געבוירן־לענדער צוליב זייער קלאַסן־שטאַנד אָדער צוליב רעליגיעזע און מאָראַלישע דיסקרימינאַציעס. די מערהייט פון די וואָס זיינען געפאָרן זוכן אין דעם נייעם לאַנד מער רעכט און פרייהייט, זיינען געווען יידן און דערפאַר איז צווישן די יידן אין דער אַלטער וועלט, איבערהויפּט אין די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער, די פרייהייט־סטאַטוע פון ניו־יאָרק געווען אַ שם־דבר. דער נאָמען פון דער פרייהייט־סטאַטוע איז געווען עפּעס אַזוינס ווי אַ קאָמפּענסאַציע פאַר דער שרעק וואָס עס פלעגט אָנוואַרפן „עליס איי־לאַנד" אָדער דאָס „טרערן־אינדזל", ווי די יידישע אימיגראַנטן פלעגן עס אָנרופן, צוליב דער שטרענגער רעוויזיע, וואָס מען האָט דאָרט געדאַרפט

דורכמאַכן אײדער מען איז אַריינגעלאָזט געוואָרן אין „גאָלדענעם לאַנד“. בכל אופן, האָט קיין שום מענטש, וואָס איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק מיט דער שיף נישט געקענט אויסמיידן נישט צו זען די פרייהייט־סטאַטוע.

היינט איז אַנדערש. גאָר אַ גרויסער פּראָצענט פון די וואָס באַזוכן די פאַראייניקטע שטאַטן קומען מיט אַוויאָנען, וואָס לאַנדן אויף די עראָדראָ־מען פון ניו־יאָרק, וואָס געפינען זיך אויף צענדליקער מיילן די ווייט פון דעם פּלאַץ, ווו עס געפינט זיך די סטאַטוע און דער וואָס וויל זי באַזוכן, מוז מאַכן אַ ספּעציעלע עקסקורסיע מיט אַ שיף. אויך איך האָב נישט געוואָלט אַוועקפאָרן פון ניו־יאָרק ביז איך וועל נישט זען די פרייהייט־סטאַטוע, וועגן וועלכער איך האָב אַזוי פיל זיך אָנגעהערט און אָנגעלייענט. האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן אַזאַ עקסקורסיע און כאָטש דער פרימאָרגן איז געווען אַ פאַרכמורעטער און פון דעם גרויען הימל האָט געזיפּט אַ רעגנדל, האָט די עקסקורסיע זיך געלוינט. זי האָט זיך געלוינט אַפילו מיט די שוועריקייטן וואָס איך אַלס „גרינער“ אין ניו־יאָרק האָב געהאַט אויף צו טרעפן צו דעם אָרט, ווו מען דאַרף נעמען די שיף. קיין בעלן וואָס זאָל מיט מיר פאָרן באַ־זוכן די פרייהייט־סטאַטוע האָב איך נישט געפונען, האָב איך אין אַ פאַר־וואָלקנטן זונטיק אין דער פרי אַליין געמוזט נעמען דעם „סאָבוועי“ אין ברוקלין און אונטערנעמען די עקסקורסיע. מיט אַ פּאָר אויפקלערונגען האָב איך ענדלעך געטראָפן צו דער סטאַנציע באָולינג גרין, וואָס געפינט זיך ביים אַריינגאַנג פונעם ניו־יאָרקער פּאָרט. פון דאָרט בין איך צוגעגאַנגען צו פוס עטלעכע „בלאָקן“, האָב אַרויסגענומען אַ „טיקעט“ (בילעט) פאַר דער שיף, וואָס קורסירט פונעם פּאָרט צו דעם פרייהייט־אינדזל, ווו עס גע־פינט זיך די סטאַטוע און — מיר פאָרן. מיין חשד, אַז צוליב דעם מיאוסן וועטער וועל איך זיין בלויז אַ צענטער „צום מנין“ פון די וואָס פאָרן אין אַזאַ טאָג אָנקוקן די פרייהייט־סטאַטוע, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומ־באַגרינדעט. ביי דער שיף האָב איך געטראָפן אַ גאַנץ לאַנגע שורה מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויפן מאָמענט ווען זי וועט אָפּגיין, די מערהייט פון זיי אויסלענדער אָדער פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער אינלאַנד, טוריסטן, וואָס פאַסמאַקעווען זיך מיט די מערקווירדיקייטן פון דער גרויסער שטאָט. איך האָב אַגב געהאַט אַ זייער גוטע געזעלשאַפט, ווייל צווישן עולם זיינען גע־

ווען אַ היפּשע צאָל לאַטיין־אַמעריקאַנער, באַהאָנגענע מיט פאָטאָגראַפּישע אַפּאַראַטן, ווייטזעעוודיקע בינאָקלען און פילם־קאַמאַראַס. די דאָזיקע „באַ־וואָפענונג" פון פאָטאָגראַפּישע אַפּאַראַטן איז אַגב די טיפּישע כאַראַקטעריס־טיק פון דער מערהייט טוריסטן, וועלכע בלייבן בדרך כלל פון זייערע רייזעס בלויז מיט דעם וואָס זיי „פאַראייביקן" אויף די אַראָפּגענומענע ביל־דער. דער תמצית, דער עיקר פון דעם וואָס זיי האָבן געזען גייט ביי זיי לאיבוד ווי אַ טפל אין זיי בלייבן מיט די עטלעכע בילדער, וואָס זיי ברענגען מיט פון דער רייזע, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען דער עיקר פון דעם וואָס זיי האָבן געזען...

למען האמת מוז איך זאָגן, אַז די פרייהייט־סטאַטוע האָב איך שוין געהאַט געזען פריִער, אָבער ווי אַ קליינעם דעטאַל פון גאַנץ ניו־יאָרק וועלכע איך האָב אָנגעקוקט פון אַ באַדייטנדיקער הויך און פון אַ ווייטער דיסטאַנץ. איך האָב זי געזען פון דעם סאַמע שפּיץ פון דעם „עמפּאיר סטייטס בילדינג", דער העכסטער וואָלקנקראַצער פון ניו־יאָרק, וואָס געפינט זיך אויף דער 34סטער גאַס און פינפטער עוועניו און האָט 102 גאָרן מיט אַ ספּעציעלער טעראַסע, צו וועלכער מען דאַרף ערשט אַרויפגיין אויף טרעפּ. פון דער דאָזיקער הויכער געביידע, וואָס האָט 1.200 פוס די הייך, זעט מען גאַנץ ניו־יאָרק — דאָס הייסט מאַנהעטן, ברוקלין, בראָנקס און קווינס — ווי „אויף דער האַנט", ווען עס איז אַ שיין וועטער. אויך די פרייהייט־סטאַטוע, וואָס געפינט זיך אויף אַ היפּש־ווייטער דיסטאַנץ, זעט מען אָן אַזוי ווי מען זעט זי אויף די בילדער, אָבער מיט דעם דעקאָראַטיוון הינטערגרונט פון דער פּרעכטיקער פּאַנאָראַמע וואָס רינגלט זי אַרום. דער וואָס פאָרט זען די פרייהייט־סטאַטוע פון דער נאָענט און אינעווייניק, דאַרף זי אומבאַדינגט פריִער זען פון דער ווייטנס אויף צו באַקומען אַ באַגריף וועגן דער ספּע־ציפישקייט פון דעם דאָזיקן ווערק, וואָס געהער אגב צו די שענסטע וואָס דער מענטשלעכער שכל האָט רעאַליזירט אויף צו פאַרקערפּערן אין זיך דעם אידעאַל פון פרייהייט און גערעכטיקייט. די סטאַטוע וואָס געפינט זיך אין פּאַריז אויף דער „פּלאַס דע לאַ רעפּובליק" און פאַרקערפּערט אויך אין זיך דעם אידעאַל פון פרייהייט און גלייכהייט, איז אין פאַרגלייך מיט דער פרייהייט־סטאַטוע פון ניו־יאָרק אַ מיניאַטור, הגם זי איז אויך גענוג גרויס.

עטלעכע דאַטן און ציפערן וועלן געבן אַ באַגריף וועגן דער געשיכטע און דעם פאַרנעם פון דער דאָזיקער סטאַטוע. די פרייהייט־סטאַטוע אין ניו־יאָרק איז אויפגעשטעלט געוואָרן סוף פאַריקן יאָרהונדערט, ווי אַ מתנה פון דעם פראַנצויזישן פאָלק, אַלס סימבאָל פון געמיינזאַמער שטרעבונג צו פרייהייט. צוזאַמען מיט דעם פיעדעסטאַל (די באַזע אויף וועלכער זי איז אַוועקגעשטעלט), האָט זי אַ הייך פון דריי הונדערט פוס, דאָס הייסט איבער ניינציק מעטער. פון די דאָזיקע דריי הונדערט פוס, האָט בלויז די סטאַטוע אַ הייך פון הונדערט און צוויי און פופציק פוס, אָדער קנאַפּע פופציק מע־טער. ביז צו דער סטאַטוע פאָרט מען אַרויף מיט אַ ווינדע און אין דער סטאַטוע אַליין, וואָס איז אויסגעגאָסן פון בראָנדז, פירן הונדערט אַכט און זעכציק שווינדל־טרעפּ ביז צו דעם קאָפּ פון דער דאָזיקער „דאַמע״, אין וועלכן עס קענען אַריין אַ פּאָר צענדליק פערזאָנען, וואָס באַטראַכטן פון דאָרט, דורך די פענצטערלעך, די אַרומיקע פּאַנאָראַמע. מען דאַרף געדענ־קען אַז די סטאַטוטע, צוזאַמען מיטן פיעדעסטאַל, האָט די הייך פון אַ הויז פון צוויי און צוואָנציק גאָרן, פון דעם פאַרנעמט די סטאַטוע אין דער גע־שטאַלט פון אַ פרוי, די הייך פון צוועלף שטאָק. בלויז די אויפגעהויבענע האַנט מיטן פאַקל האָט אַ לענג פון פערציק פוס. אַמאָל האָט מען דערלויבט אַרויפצוקלעטערן ביז צום פאַקל, אָבער לעצטנס איז דאָס פאַרבאָטן צוליב זיכערקייט־טעמים... אויך די „דאַמע״, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס גע־שטאַלט פון דער פרייהייט־סטאַטוע „עלטערט זיך״ און אויף דער עלטער, ווי באַוווּסט, ווערט מען שוואַכער; טרויט מען שוין נישט מער איר אויס־געשטרעקטן אָרעם, אין וועלכן עס זיינען אין משך פון צענדליקער יאָרן דורכגעגאַנגען טויזנטער מענטשן.

הגם דאָס אַרויפגיין די הונדערט אַכט און זעכציק שווינדל־טרעפּ, וואָס דרייען זיך אין דער פאָרעם פון אַ ספּיראַל, איז גאָר נישט אַזאַ לייכט שטיקל אַרבעט, בפרט אַז עס קען נאָר דורכגיין איין מענטש אין דער רייע, בין איך געווען אַ בעלן אַרויפצוקריכן און זען וואָס עס טוט זיך אין דעם קאָפּ פון דער דאָזיקער „חשובער ליידי״, וואָס פּראָקלאַמירט אַזוי שטאָלץ די פריי־הייט און גערעכטיקייט פאַר אַלע אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע און רופט זיי צו דער פרייער אַמעריקע. ביי דער געלעגנהייט דאַרף מען באַמערקן,

אַז די סטראָפן פון דעם ספּעציעלן פרייהייטס־ליד וואָס איז אויסגעקריצט אויפן פּיעדעסטאַל פון דער סטאַטוע, זיינען פאַרפאַסט געוואָרן פון עמאַ לאַזאַרוס, אַ יידיש־אַמעריקאַנער דיכטערן. עס איז נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז מען ווערט באַהערשט פון אַ טיפער עמאָציע אין משך פון די עטלעכע מינוט, וואָס מען געפינט זיך אין דעם קאָפּ פון דער דאָזיקער גיגאַנטישער סטאַטוע, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך דעם אומדערשיטערלעכן אידעאַל און דראַנג צו פרייהייט און גערעכטיקייט פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק. איז דאָך די דאָזיקע סטאַטוע, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, געוועזן און איז ביז צום היינטיקן טאָג דער סימבאָל פון פרייהייט און רעכט פאַר מיליאָנען יידן, וואָס לעבן אין דעם דאָזיקן גרויסן לאַנד, ווי גלייכע און פולבאַרעכטיקטע בירגער. פילט מען טאַקע בעת מען געפינט זיך אין דעם קאָפּ פון דער סטאַטוע, אַז מען מישט בלעטער געשיכטע פון דעם מענטשלעכן קאַמף פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט. די באַגריפן פון פרייהייט און גערעכטיקייט האָבן זיך אַזוי פאַרדרייט היינט צו טאָג, אַז עס איז שוין נישט מעגלעך צו וויסן וווּ דער אמת ליגט. דערפאַר איז נייטיק, דווקא אין אונדזערע טעג פון בילבול־המוחות, צו ווענדן זיך צו יענע קלאַסישע קוואַלן, וואָס פאַרקערפּערן אין זיך דעם זין און דעם אידעאַל פון פרייהייט, בכדי צו דערפילן דעם אָטעם פון דער דאָזיקער נישט־געפעלשטער פרייהייט. די פרייהייט־סטאַטוע פון ניו־יאָרק געהער אָן שום ספק צו איינעם פון די דאָזיקע אויטענטישע סימבאָלן, ווייל זי פאַרקערפּערט אין זיך דאָס געמיט פון מיליאָנען מענטשן, וואָס האָבן אין איר אָנבליק צום ערשטן מאָל דערפילט דעם טעם פון פרייהייט, כאָטש אַ סך פון זיי האָבן אין דעם נייעם לאַנד נישט געקענט באַפרייען זיך פון די נאַטירלעכע שוועריקייטן און פּראָבלעמען וואָס דאָס טאָג־טעגלעכע, רעאַלע לעבן ברענגט מיט זיך.

און דערנאָך, ווען איר קומט אַראָפּ אונטן און גייט אַרויס פונעם פּיעדעסטאַל, וואָס איז אָן־און־פאַר־זיך אַ ריזיקע געביידע מיט לאַנגע קאָרידאָרן, דורכגענג און איינריכטונגען, וואָס רעגולירט דעם מעכאַניזם פון דעם ריזיקן ווערק; אַז איר קומט אַראָפּ אונטן און גיט אַ קוק פון דרויסן אויף דער סטאַטוע, קענט איר קוים גלייבן, אַז איר האָט נאָר וואָס געקלעטערט אינעווייניק, צוזאַמען מיט אַנדערע צענדליקער מענטשן אין איר „אינגעווייד" און

זייט אומגעגאַנגען דאָרט אויבן אין קאָפּ, ווי אין אַן אויבערשטן עטאַזש. נישט נאָר פֿאַר מיר איז דאָס געווען אומגלייבלעך; איך האָב געזען ווי מענטשן, וואָס זיינען צוזאַמען מיט מיר אַרויסגעקומען, זיינען געגאַנגען און אַלע מאָל זיך אומגעקוקט צוריק צו דער סטאַטוע, גלייך זיי וואָלטן נישט געגלייבט אַז ערשט, נאָר וואָס, זיינען זיי אומגעגאַנגען דאָרט אויבן אין דעם קאָפּ פֿון דער דאָזיקער אויסטערלישער פֿיגור. אויף זייערע פּנימער איז נישט שווער געווען צו דערקענען די סימנים פֿון איבערראַשונג און באַוווּנדערונג פֿון דעם דאָזיקן גיגאַנטישן ווערק, וואָס איז טעכניש איינער פֿון די גרעסטע וווּנדער, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז עס איז געשאַפֿן געוואָרן אין פֿאָריקן יאָרהונדערט, ווען די טעכניק איז נאָך נישט געווען אַזוי אַנט־וויקלט ווי היינט.

דאָס אינדזעלע אויף וועלכן די סטאַטוע שטייט איז אַ קליינס — עט־לעכע טויזנט קוואַדראַט־מעטער די גרייס. אויסער דער סטאַטוע זעט מען דאָרט כמעט גאָר נישט און עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז מען האָט עס אומיסטן אַזוי געמאַכט, בכדי אונטערצושטרייכן די פֿולשטענדיקע אומאָפּ־הענגיקייט פֿון אָט דער גיגאַנטישער פֿיגור וואָס סימבאָליזירט די פֿרייהייט. דאָס אינדזעלע איז עפּעס אַזוינס ווי אַ „נייטראַלע זאָנע", וווּ דער געדאַנק פֿון פֿרייהייט קומט צום אויסדרוק אין דער געשטאַלט פֿון אַ ריינער יונג־פֿרוי, וואָס באַלייכט מיט איר פֿאַקל דעם וועג פֿון די אַלע וואָס זוכן פֿריי־הייט. עס זיינען אויפֿן אינדזל פֿאַראַן בלויז אַ פּאָר געביידעס פֿון טעכנישן כאַראַקטער, ווי וווינונגען פֿאַרן פּערסאָנאַל, און אין איין געביידע איז פֿאַראַן אַ קליינער באַר וווּ מען קען עפּעס איבערכאַפּן און אַ קיאָסק אויף צו קויפֿן זאַכן פֿאַר אַן אָנדענק, אַלץ זאַכן אויף וועלכע עס איז אויסגעקריצט אָדער אויסגעמאָלן די פֿיגור פֿון דער פֿרייהייט־סטאַטוע און אויך אויסגעאָסענע מיניאַטורן פֿון דער סטאַטוע. אַ פּאָר זאַכן וואָס איך האָב געקויפֿט פֿאַר אַן אָנדענק, האָבן אויף זיך געהאַט דעם אויפֿשריפֿט: „מעיד ען יאַפּאַן"... גע־שעפֿט איז געשעפֿט. די יאַפּאַנישע אַרטיקלען קאָסטן ביליקער, ווערן זיי פֿאַרקויפֿט אַפֿילו אויף אַזאַ אויטענטישן פּלאַץ פֿון ניו־יאָרק, ווי עס איז דאָס פֿרייהייט־אינדזל. דאָס האָט מיך דערמאָנט אין אַן ענלעכן פֿאַל, וואָס האָט פּאַסירט אין פּיריאַפּאָליס, אורוגוויי, וווּ איך האָב מיט צוואָנציק יאָר

צוריק געקויפט אַ פּאָר „אויטענטישע" זאַכן פונעם פּלאַץ, אַלס אָנדענק, און אויף וועלכע איך האָב געפונען דעם אויפשריפט „מעיד ען טשעכאָסלאָוואַקיע". אין דער דאָזיקער געביידע איז פאַראַן אַ בוך, ווו די באַזוכערס שרייבן אַריין זייערע נעמען און אַדרעסן און מיין ווייניקייט האָט עס פאַרשריבן מיט גרויסע יידישע אותיות...

דאָס אַלץ פּאַסירט אויף אַ זייער איינפאַכן אופן, אָן סופּערלאָטיוון. אַלץ: דאָס פאָרן, דאָס אָנקומען, דאָס באַזוכן, אָנקוקן און פאַרצייכענען קומט פאָר לויט אַ גוט־איינגעשטעלטן סדר. קיינער „רייסט דאָ נישט קיין קוליסן". די מאַטראָסן וואָס פירן די שיף; די מענטשן וואָס דינען אַלס וועגווייזערס און אויפקלערערס, די מיידלעך וואָס פאַרקויפן אייך די „סוווענירן" און אַלץ מיט אַן אַנדער, איז אַ טעגלעכע רוטין, שוין צענדליקער יאָרן אַזוי. מען קומט, מען קוקט אָן, מען קויפט אַן אָנדענק, מען פאַרשרייבט דעם נאָמען אין בוך און מען פאָרט צוריק. דאָך, ווען די שיף פאַרלאָזט דעם ברעג פונעם אינדזל און נעמט אונטער די רייזע צום ניו־יאָרקער פּאָרט, שטייען מענטשן און קוקן, און קוקן פון ווייטנס אויף דער סטאַטוע, וואָס ווערט וואָס אַ מאָל קלענער און קלענער ביז מען פאַרלירט זי פונעם אויג הינטער דער פאַרנעפּלטער ווייטקייט. אַלע פאָרן אַוועק מיטן געפיל, אַז זיי האָבן געזען אַ גרויסע זאַך; נישט נאָר אַ גרויסע זאַך לויט איר דימענסיע, לויט איר אויסערלעכער פאָרעם, נאָר אַ גרויסע זאַך לויט איר באַדייטונג: די פרייהייט־סטאַטוע אין דעם פּאָרט פון ניו־יאָרק, וואָס פּראָקלאַמירט די פרייהייט און גערעכטיקייט פאַר אַלע מענטשן.

גיט נאָר אַ טראַכט וואָס דאָס מיינט...

# אין דעם הויז פון דער „יו־ען״

איך בין זיך מודה, אַז איינע פון מיינע טיפסטע איבערלעבונגען בעת מיין באַזוך אין די פּאַראייניקטע שטאַטן זיינען געווען די צוויי באַזוכן וואָס איך האָב געמאַכט אין דער געביידע פון די פאַראייניקטע פעלקער — די „יו־ען״, ווי מען רופט זי לויט אירע ראשי תיבות אין ענגליש. דאָס איז נישט געווען קיין סתם התפּעלות פאַר דער גראַנדיעזקייט פון דער ריזיקער געביידע, וואָס געפינט זיך האַרט ביים ברעג פונעם איסט ריווער און זעט אויס ווי אַ גיגאַנטישער פלאַטשיקער קופערט, וועלכן מען האָט אויפגעשטעלט ווערטיקאַל. אַוודאי מאַכט דער דאָזיקער בנין אַ טיפן איינדרוק מיט זיינע איבער פערציק גאָרן, אָבער אין ניו־יאָרק איז ער נישט קיין אויסנאַם, ווייל מען זעט דאָרט העכערע געביידעס און אַרכיטעקטאָניש־שענערע. פאַרשטייט זיך, אַז די ריזיקע סאַלאָנען און זיצונגס־זאַלן, די וואַנטגעמעלן, קונסט־דעקאָראַציעס און פאַרשידענע אַנדערע דערשיינונגען פון אַרכיטעקטאָניש־קינסטלערישן ווערט זיינען מסוגל אַרויסצורופן באַגייסטערונג ביי דעם וואָס זעט עס צום ערשטן מאָל און אַפילו נישט צום ערשטן מאָל. אָבער אויך נישט דאָס איז געווען די סיבה פון מיין טיפער באַגייסטערונג ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל אַריינגעקומען אין דער געביידע פון דער „יו־ען״. די סיבה איז געווען אַ פיל טיפערע ווי סתם התפּעלות איבער עפּעס וועגן וועלכן מען האָט זיך אַזוי פיל אָנגעלייענט, זיך אָנגעהערט און טאַקע אַליין געשריבן. אַוודאי וואָלט איך דאָס זעלביקע געקענט זאָגן וועגן ניו־יאָרק בכלל, אָבער ניו־יאָרק איז צו גרויס און פילאַרטיק, אַז איר זאָלט זי קענען אַרומנעמען מיטן באַגרענעצטן חוש פון אייער עמאָציע.

אונדזערע חושים קענען אויספילן זייער באַשטימטע ראָלע ביז צו אַ געוויסער מאָס און ווען זיי טרעפן אָן אויף אַ צו גרויסן אָביעקט, בלייבן זיי אָפט מאָל געפּלעפט און הערן אויף צו רעאַגירן. ניו־יאָרק מוז מען דערייבער דערפילן „שטיקלעכווייז", ווייל זי איז צו קאָלאָסאַל אַז מען זאָל זי קענען פאַרשטיין און דערפילן אויף איין מאָל אַלס גאַנצע. די „יו־ען" איז היינט צו טאָג איינע פון די הויפּט־אַטראַקציעס פאַר דעם וואָס באַזוכט ניו־יאָרק. און אַ באַזוך אין דעם בנין פון דער דאָזיקער וועלט־אָרגאַניזאַציע אימפּרעסיאָנירט נישט נאָר מיט זיין פאַרנעם און שיינקייט, נאָר אויך מיט דעם וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר אַלס דער צענטער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער גרויס־דיפּלאָמאַטיע און פּאָליטיק.

פאַר אַן אונדזעריקן, פאַר אַ ייִדן הייסט עס, האָט אַ באַזוך אין דער „יו־ען" אַ באַזונדערע באַדייטונג. אויב מדינת ישראל באַהערשט היינט צו טאָג אַ גרויסן טייל פון די געדאַנקען און געפילן פון יעדן ייִדן, איז אוממעגלעך אַז ער זאָל פאַרגעסן, אַז דער בנין וואָס געפינט זיך ביים איסט ריווער אין ניו־יאָרק איז דאָס וויגעלע וווּ עס איז געבוירן געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט פון דער ייִדישער מדינה. נאָך מער: עס איז אוממעגלעך אַז ער זאָל נישט געדענקען, אַז דער דאָזיקער בנין איז געווען דאָס שלאַכטפעלד, וווּ עס איז געפירט געוואָרן דער פאַרביטערטער קאַמף, אַז די וועלט זאָל ענדלעך אָנערקענען די רעכט פון דעם ייִדישן פאָלק אויף אַן אייגן פאָטערלאַנד. איינער וואָס האָט פון ווייטנס מיטגעלעבט און מיטגעפיבערט דעם דאָזיקן דראַמאַטישן געראַנגל, דערפילט, ווען ער קומט אַריין אין דער דאָזיקער געביידע, אַז אויך זיין אייגענער גורל איז באַשטימט געוואָרן אין יענע טעג, ווען דער אַלגעמיינער גורל פונעם ייִדישן פאָלק האָט זיך געוואַקלט אויף דער וואָגשאָל. ער פילט אויך אַז די זיכערקייט און דער גורל פון דער ייִדישער מדינה איז נאָך ביז היינט אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון דעם וואָס עס ווערט גערעדט און באַשלאָסן אין דער דאָזיקער געביידע. אַזוי אַז ער פילט אַ געוויסע שייכות צו איר ווען ער באַזוכט זי.

די געביידע פון דער „יו־ען" האָב איך באַזוכט צוויי מאָל: איין מאָל מיטן ציל אָנצוקוקן די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון דער אָרגאַניזאַציע

און דאָס צווייטע מאָל, בעת די דעלעגאַציע פון ישראל האָט געגעבן אַן אויפ־נאַמע פאַר די דעלעגאַציעס פון די פאַראייניקטע פעלקער אין צוזאַמענ־האַנג מיטן 12טן יום העצמאות. דער ערשטער באַזוך האָט מיר געגעבן די געלעגנהייט צו זען די געבײַדע אין אירע אַלגעמיינע אַספּעקטן; דער צווייטער — די יידישע מדינה אין דעם קאָנצערט פון די פעלקער. ביים ערשטן באַזוך בין איך געווען איינער פון די טויזנטער טוריסטן, וואָס באַזוכן טאָג־טעגלעך די געביידע; ביים צווייטן — האָב איך מיך געפילט ווי אַ מחותן אויף אַן אייגענער חתונה. נאָכן האָבן געפייערט אין משך פון צוועלף יאָר די אַניווערסאַרן פון ישראל אויף פאַרשידענע אופנים, אויף אָפיציעלע אויפ־נאַמעס און געזעלשאַפטלעכע ימים־טובים, איז יענע פייערונג געווען פאַר מיר ווי עפּעס אַ קלימאַקס פון די דאָזיקע פריידיקע מאָמענטן. ווער וועט עס נישט פילן אַן אומבאַגרענעצטע פרייד ביים פייערן דעם יום העצמאות אין דער געביידע פון דער „יו־ען", ווו די דעלעגאַציע פון ישראל איז מכבד די דעלעגאַטן פון אַנדערע פעלקער, ווי אַ גלייכער מיטגליד פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע?

געפאָרן אויפן ערשטן באַזוך אין דער „יו־ען" בין איך מיט שמעון בייקער, אַ זשורנאַליסט, וואָס איז „אויסגעקאָכט" אין אַלע ווינקעלעך פון דער אָרגאַניזאַציע און איז בכלל אַ דינאַמישער, רירעוודיקער מענטש, פול מיט איניציאַטיוו. אָן אים וואָלט איך מסתמא נישט געקענט זען די געביידע פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע ווי איך האָב זי געזען. ער איז דאָ אויס־געבונדן מיט אַלעמען און קען יעדעס ווינקעלע. אַ דאַנק אים האָב איך גע־האַט די געלעגנהייט בייצוזיין ביי אַ זיצונג פונעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן ראַט פון דער אָרגאַניזאַציע, נאָכפאָלגנדיק די סעסיע פון דעם פלאַץ ווו עס זיצן די צייטונגס־לייט. דאָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט אויסצופרווון די טעכנישע איינריכטונגען פון דער „יו־ען", צווישן זיי די מעכאַניש־אויטאָמאַטישע סיסטעם, וואָס דערלויבט אייך צו הערן עטלעכע שפראַכן פאַר איין מאָל. עס איז בלויז געגוג אַ קוועטש צו טאָן אַ קנעפּל, אַז איר זאָלט הערן איינע פון די אָפיציעלע שפראַכן, וואָס מען באַנוצט אין דער „יו־ען". ביי די זיצונגען און דעבאַטן איז די דאָזיקע פראָצעדור שוין אַ געוויינלעכע זאַך; אָבער פאַר דעם וואָס זעט עס און הערט עס צום ערשטן מאָל איז דאָס

איינער פון די מערקווירדיקסטע פון די טויזנטער ווונדער פון דער מאָדער־נער טעכניק... און איר טראַכט דערביי: די מאָדערנע טעכניק האָט אַזוי פאַר־לייכטערט דאָס איינפאַרשטיין זיך צווישן די פעלקער און מענטשן און דאָך — איז אַזוי שווער צו קומען צו אַ פאַרשטענדעניש! און וואָס נאָך מער ווי די „יו־ען" איז דאָס פּלאַץ אויף צו דערטראַכטן זיך צו אַזעלכע אויספירן?

דעם זאַל פונעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן ראַט האָט מיר, ווי געזאָגט, געזען „ביי דער אַרבעט". די אַנדערע זאַלן האָבן מיר געזען ליידיקע און מיר האָבן געמוזט אויסמאָלן אין אונדזער דימיון ווי זיי זעען אויס, ווען עס ווערן אין זיי אָפּגעהאַלטן די פאַרזאַמלונגען און דעבאַטן. מיר האָבן באַזוכט די געביידע אין אַ צייט, ווען עס זיינען נישט פאָרגעקומען קיין סעסיעס און דאָך האָט עס אומעטום געווימלט און געשוויבלט מיט מענטשן אין די הונדער־טער, על־פי רוב טוריסטן וואָס זיינען געקומען אָנקוקן דעם בנין, וווּ עס ווערט אָפּגעהאַלטן דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטישער יאַריד. אומעטום האָט מען געזען „רעדלעך" פון באַזוכער און אין דער מיט וועגווייזערס פון די עקסקורסיעס וואָס האָבן געגעבן די געהעריקע אויפקלערונגען. יעדע אָפּטיילונג, יעדער סאַלאָן האָט זיך זיין געשיכטע, זיין באַשטימטע ראָלע און אויפגאַבע און דאָס דאַרף מען אויפקלערן און אין דעם זין איז די געביידע פון דער „יו־ען" איינער פון די וויכטיקסטע צענטערן פון טוריזם אין ניו־יאָרק.

די געביידע פאַרמאָגט אומגעפער פערציק שטאָק, אָבער בלויז די ער־שטע פיר גאָרן זיינען פאַרנומען פון די זאַלן און ביוראָען, ווו עס קומט פאָר די אייגנטלעכע אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע. עס איז אין דער דאָזיקער געביידע אַלץ פאָרויסגעזען פאַר דער אַרבעט און פאַר דער באַקוועמלעכ־קייט פון די דעלעגאַטן פון די איבער 100 פעלקער, וואָס זיינען היינט פאַר־טראָטן אין דער „יו־ען". די דאָזיקע באַקוועמלעכקייטן הייבן זיך אָן אונטן מיט אַ דריי־גאָרנדיקן גאַראַזש, אין וועלכן עס איז דאָ פּלאַץ פאַר 1.500 אויטאָמאָבילן און וואָס העכער ווערן די באַקוועמלעכקייטן גרעסער און אימפּאָזאַנטער אין די אומצאָליקע סאַלאָנען פאַר זיצונגען, פאַר אַרבעט, פאַר פּריוואַטע געשפּרעכן, פאַר אָפּרו און אַפילו פאַר מעדיטאַציע. דער צימער פון „מעדיטאַציע" איז מסתמא די אָריגינעלסטע און מערקווירדיקסטע אָפּ־

טיילונג פון דעם דאָזיקן הויז, ווי אַלץ וואָס ווערט געטאָן איז גראָד נישט קיין פּערזענלעכע, איינזאַמע מעדיטאַציע, נאָר עפנטלעכער וויכוח. און טאַקע דערפאַר, ווייל אַלץ אין דער „יו־ען" איז עפנטלעך און אַ סך מאָל שטורמיש און אויפרעגנדיק פאַר די וואָס באַטייליקן זיך אין דעם, האָט מען געמאַכט די דאָזיקע אָפּטיילונג פון „מעדיטאַציע", ווו דער וואָס וויל זיין „מיט זיך אַליין" און באַטראַכטן וואָס ער האָט צו טאָן, זאָל עס קענען טאָן אָן שטערונגען און אַריינמישונגען. אין קאָנטראַסט צו דער אימפּאָזאַנטקייט און לוקסוס פון די אַנדערע אָפּטיילונגען פונעם בנין, באַשטייט די דאָזיקע אָפּטיילונג פון אַ רעלאַטיוו־קליינעם צימער, אין וועלכן מען גייט אַריין דורך אַ פאָדער־צימער, אין וועלכן עס געפינט זיך אַ ספּעציעלער פּאָרטיער. דער צימער איז הערמעטיש אָפּגעשלאָסן פון דעם אַרומיקן גערויש. אינעווייניק איז טונקל, כמעט פינצטער און אויסער איינציקע שטולן, זעט מען דאָרט אין מיטן צימער נישט מער ווי אַ שטיין־בלאָק אַלס אַ טיש, וואָס איז געשאָנקען געוואָרן דער „יו־ען" פון דער שוועדישער רעגירונג. אויף דעם דאָזיקן שטיין פאַלט פּערמאַנענט אַ שיין פונעם סופיט, פון אַ רעפלעקטאָר. פון יעדן ווינקעלע אין דעם דאָזיקן צימער ווייעט אַ שטימונג פון מנוחה און לאַדט איין צו טראַכטן, בעסער געזאָגט — צו פאַרטראַכטן זיך. קעגנאיבער דעם אַריינגאַנג איז פאַראַן אַ וואַנט־פרעסקאָ, געמאָלן אין מאָדערניסטישן סטיל.

די אַנדערע זאַלן פון דער געביידע זיינען באמת אימפּאָזאַנט, סיי לויט דער גרייס און לויט זייער דעקאָראַטיוו־עסטעטישן אויסזען. כמעט אין יעדן איינעם פון די וויכטיקע זאַלן זיינען פאַראַן פּרעכטיקע מוראַלן, געמאָלן פון באַרימטע מאָלערס. עס זיינען פאַראַן סאַלאָנען וואָס טראָגן נעמען לויט די קונסטווערק, וואָס זיינען געשאָנקען געוואָרן פון די באַטרעפנדיקע מלוכות, מיטגלידער פון דער פעלקער־אָרגאַניזאַציע. איינער פון די אימפּאָזאַנטסטע און אָריגינעלסטע סאַלאָנען איז אין דעם זין דער אינדישער, ווו עס זיינען פאַראַן צוויי געשניצטע פיגורן פון פאַנטאַסטישן קינסטלערישן ניוואָ. די מוראַלן אין דעם סאַלאָן און אין אַנדערע מאַכן ווירקלעך אַ טיפן איינדרוק אויפן צושויער. דאָס בילד פון אָט־די סאַלאָנען ווערט נאָך דערגאַנצט מיט דער אַלגעמיינער פּאַנאָראַמע וואָס מען זעט דורך די ריזיקע פענצטער פון

דער געביידע וואָס גייען אַרויס צום איסט ריווער, און ווו מען זעט אַ גרויסן טייל פון די פאָרשטעט פון ניו־יאָרק. אין דער הינזיכט פון באַקוועמלעכ־קייט, פעלט דאָ גאָר נישט. עס זיינען פאַראַן סאַלאָנען אויף צו פאַרברענ־גען, אַ גרויסער בופעט און אַ רעסטאָראַן, ווו די דעלעגאַטן באַדינען זיך אַליין, ווי אין אַנדערע טויזנטער פון דעם מין אין ניו־יאָרק. עס זיינען דאָ אָפּטיילונגען פאַר דער פרעסע, פאַר טעלעגראַפישע און ראַדיאָ־קאָמוניקאַ־ציעס, אויסשטעלונגען פון ביכער און אַלערליי אויסגאַבעס, קיאָסקן אויף צו קויפן זיך „סוּווענירן“. אין דעם עס־סאַלאָן האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו זען ווי באַרימטע דיפּלאָמאַטן, רעגירונגס־לייט און אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע פיגורן זיינען געשטאַנען אין דער רייע מיט די טאַצן און גע־וואַרט אויף צו נעמען זייער מאָלצייט. דאָ, ווי אין אַנדערע רעסטאָראַנען און קאַפעטעריעס פון דער גרויסער מעטראָפּאָליע, הערשט אַבסאָלוטע דע־מאָקראַטיע — נישטאָ קיין מיוחסים. אויך דאָס געהער צו די טיפע איינ־דרוקן וואָס קריצן זיך איין אין זכרון דעם וואָס באַזוכט די געביידע פון דער „יו־ען“.

דאָס צווייטע מאָל, ווי שוין געזאָגט, וואָס איך האָב באַזוכט די „יו־ען“, איז געווען אויף אַן אויפנאַמע פון דער ישראל־דעלעגאַציע צום צוועלפטן יום העצמאות. די אויפנאַמע איז פאָרגעקומען אין איינעם פון די גרויסע אויפנאַמס־סאַלאָנען און האָט געטראָגן אַן אָפיציעל־פייערלעכן און פראָטאָ־קאָלאַרן כאַראַקטער. דער נאָמען פון יעדן גאַסט איז אויסגערופן געוואָרן פונעם פּאָרטיער בעת ער איז אַריינגעקומען און די הויפּט־מיטגלידער פון דער ישראל־דעלעגאַציע האָבן יעדן מקבל פנים געווען און אָפּגענומען די באַגריסונגען. דאָס פּובליקום איז באַשטאַנען פון באַרימטע פּערזענלעכקייטן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער דיפּלאָמאַטיע, צווישן זיי די שעפן פון די דע־לעגאַציעס אין דער „יו־ען“. פון קלענערע מלוכות איז אָפּגערעדט; אָבער די סאָוועטישע, ענגלישע און נאָרד־אַמעריקאַנער דעלעגאַציעס זיינען געווען פאַרטראָטן בראש מיט זייערע שעפן. אַרקאַדי סאָבאָליעוו, דער שעף פון דער סאָוועטישער דעלעגאַציע איז געווען די אַטראַקציע פון אַ גרויסן טייל פונעם עולם און לויט זיינע זשעסטן האָט מען געקענט באַמערקן, אַז ער געפינט זיך אין אַ גוטער שטימונג. איינער פון די אָנגעזעענע געסט איז

געווען דער בירגערמייסטער פון תל־אביב, מרדכי נמיר, וואָס האָט זיך גראָד דעמאָלט געפונען אין ניו־יאָרק און אַ גאָר עקזאָטישער גאַסט אויף דער אויפנאַמע איז געווען דער יאַפּאַנישער פּראָפעסאָר קוצוזי, וואָס האָט זיך מגייר געווען און וווינט אין ישראל. ער האָט זיך גראָד געפונען אין ניו־יאָרק, איז ער געקומען אויף דער אויפנאַמע, וואָס „זיין" דעלעגאַציע אין דער „יו־ען" האָט געגעבן. צווישן די פאַרשידענע ניו־יאָרקער יידישע פּערזענלעכקייטן וואָס זיינען בייגעווען, האָט זיך אויסגעטיילט די פיגור פון דעם סענאַטאָר און געוועזענעם גובערנאַטאָר פון שטאַט ניו־יאָרק, הערבערט לעהמאַן, וועלכער איז אומגעגאַנגען אַ שיינענדיקער און זיך גע־פילט גליקלעך ווי נאָך אַיך ייִד פון די געסט. דער סוב־סעקרעטאַר פון דער „יו־ען", ד"ר ראַלף באָנטש, האָט פאַרטראָטן אָפיציעל די פעלקער־אָרגאַ־ניזאַציע. איך בין ממש איבערראַשט געוואָרן פון דער גרויסער צאָל ספּע־ציעלע קאָרעספּאָנדענטן פון דער ישראל־פּרעסע, וואָס זיינען בייגעווען אויף דער אויפנאַמע. עס האָבן זיך אויסגעטיילט צווישן עולם די פאָרשטייער פון די אַפריקאַנישע מלוכות, אייניקע פון זיי מיט זייערע טיפּישע מלבושים.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די אויפנאַמע איז פאָרגעקומען אין אַן אַמביענט פון עלעגאַנץ, שיינע מאַנירלעכקייט און אין דער זעלבער צייט — פּשטות. דאָ האָט מען באַשיימפּערלעך געקענט זען ישראל אין דער ראָל פון אַ גאַסטגעבערן, ווי זי איז מכבד אירע געסט פון דער אינטערנאַציאָ־נאַלער דיפּלאָמאַטיע, אין דעם סאַמע צענטער און ברענפּונקט פון דער דאָזיקער דיפּלאָמאַטיע. עס איז פאַר מיר געווען אַן אמתע איבערלעבונג בייצוזיין אין דער געביידע פון דער „יו־ען", ביי אַ מסיבה וווּ איך האָב גע־פילט דעם פּולס פון אונדזער יונגער מדינה אַלס גלייכער מיטגליד צווישן די פעלקער פון דער וועלט. די דאָזיקע איבערלעבונג איז געווען דער קלימאַקס פון אַנדערע צוויי וואָס איך האָב געהאַט, ווען איך בין בייגעווען ביי אַן אָפיציעלער באַערונג פון דער שטאַט ניו־יאָרק פאַר דער יידישער מדינה מיט אַ גרויסן מיטינג פאַרן סיטי־האָל (מוניציפּאַליטעט) פון דער שטאָט און אויף דער אויפנאַמע אין דעם גענעראַל־קאָנסולאַט פון ישראל אין ניו־יאָרק, וווּ עטלעכע הונדערט געסט האָבן געפייערט דעם יום העצמאות.

ביינאַכט, ווען איך בין געליגן אויפן געלעגער און געמאַכט אַ חשבון

פון מיינע אומגענג אין דעם דאָזיקן טאָג, האָב איך געדאַנקט דער השגחה, וואָס זי האָט געמאַכט אַזוי, אַז איינער פון מיינע באַזוכן אין דער „יו־ען״ זאָל זיך פאַרבונדן מיט אַזאַ אומפאַרגלייכלעכער געלעגנהייט ווי דאָס פייערן דעם יום העצמאות, דווקא אויף דעם פּלאַץ וואָס איז געווען דאָס וויגעלע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אָנערקענונג פון דער יידישער מדינה...

# לעבנסניוואָ אין די פאַראייניקטע שטאַטן

דער באַגריף „לעבנסניוואָ", אין דעם זין פון דורכשניטלעכקייט, איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַנדערש ווי אויף דער גאַנצער וועלט. אויב די מאָס פון דורכשניטלעכקייט מיט וועלכער עס באַנוצט זיך די וויסנשאַפט פון דער סטאַטיסטיק, איז אָפט מאָל פאַרפירעריש בנוגע דעם אמתן מצב פון אַ לאַנד, איז דאָס בנוגע לעבנסניוואָ אין די פאַראייניקטע שטאַטן אויס־געשלאָסן, נישט מחמת דאָס לאַנד פאַרמאָגט מער פאַרגעשריטענע סאָציאַלע געזעצן ווי אין וועלכן עס איז אַנדערן לאַנד, נאָר ווייל דער מצב פונעם לאַנד גופא, די ווירטשאַפטלעכע מערכה, דער טעכנישער ניוואָ און דער דורכ־שניטלעכער סטאַנדאַרט פון לעבן איז אַ הויכער. אין טשילע אָדער אין ווע־נעסועלא קענען זיין מער פראָגרעסיווע געזעצן בנוגע די רעכט פון די אַר־בעטער, אָבער וואָס שייך דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון די אַרבעטער, זיינען זיי דערווייל נישט מער ווי שיינע טעאָריעס, פשוט דערפאַר, ווייל די באַ־טרעפנדיקע לענדער גופא זיינען עקאָנאָמיש און טעכניש הינטערשטעליקער ווי די פאַראייניקטע שטאַטן. איך האָב אָנגעכאַפט ווענעסועלאַ און טשילע, ווייל סיי אין דער הויפטשטאָט פון ווענעסועלא, קאַראַקאַס, און סיי אין דער הויפטשטאָט פון טשילע, סאַנטיאַגאָ, וועט איר טרעפן אַזעלכע מאָדערנע איינ־ריכטונגען און באַקוועמלעכקייטן ווי איר טרעפט אין ניו־יאָרק; איר וועט דאָ זען פונקט אַזעלכע מאָדערנע אויטאָמאָבילן און פראָפאָרציאָנעל כמעט אַזוי פיל וויפל אין ניו־יאָרק. פון דעסט וועגן, וועט אייך נישט זיין שווער פעסטצושטעלן, אַז די דאָזיקע מאָדערנע איינריכטונגען און באַקוועמלעכ־קייטן נעמען אַרום אַ זייער דינעם שיכט פון דער באַפעלקערונג. אויב די

סטאַטיסטיק וועט אייך אין די דאָזיקע לענדער ברענגען ציפערן וועגן אַ „דורכשניטלעכן“ געהעכערטן לעבנסניוואָ, מעגט איר זיין זיכער, אַז די דאָזיקע „העכערקייט“ נעמט אַרום אַ זייער דינעם שיכט פון דער באַפעל־קערונג, דעם פּריווילעגירטן אָדער גוט־איינגעאָרדנטן. מיט די ברייטע פאָלקסמאַסן האָט עס לחלוטין נישט קיין שייכות.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז אַנדערש. דער הויכער לעבנסניוואָ פון דעם פאָלק, אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, ווערט אילוסטרירט נישט נאָר דורך ציפערן, וועלכע מיר וועלן ווייטער אַ ביסל ברענגען פאַר אַ מוסטער, נאָר מיט דעם וואָס מען זעט אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון דעם דורכשניטלעכן נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער. זאָל מען דעם דאָזיקן הויכן ניוואָ צושרייבן צו וואָס מען וויל, אָבער ער איז אַ פאַקט וואָס וואַרפט זיך ממש אין די אויגן אויף שריט און טריט אין דעם דאָזיקן לאַנד. אין מיינע פערזענלעכע באַאָבאַכטונגען האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז פשוט אוממעגלעך אויסצומיידן דעם הויכן לעבנס־ניוואָ. פון איינעם וואָס האָט פשוט נישט די צען סענט אויף צו קויפן זיך עפּעס, איז דאָך נישט שייך צו רעדן. אַזעלכע זיינען, נאַטירלעך, פאַראַן אויך אין דעם „גאָלדענעם לאַנד“; אָבער מיר גלייבן נישט, אַז זיי זאָלן זיין דער מאָסגעבנדיקער צייכן פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן מעמד פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק. עס זיינען נאַטירלעך פאַראַן אָרעמע און רייכע, ווי אומעטום, אָבער דער סדר פונעם לעבנסניוואָ איז אַזוי אַוועקגעשטעלט, אַז דער אָרעמער, אויב ער האָט נאָר איין־און־איינציקן דאָלאַר אויף צו באַ־זאָרגן זיינע עלעמענטאַרע הצטרכותן, מוז ער זיך צופּאַסן צו אַ הויכן לעבנס־ניוואָ. אויב מיר זאָלן פאַרשטיין דעם באַגריף הויכער לעבנסניוואָ נישט ווי אַן אויסדרוק פון לוקסוס אָדער אויסברענגעריי, נאָר ווי דער קענצייכן פון אַן אָנשטענדיק מענטשלעך לעבן, ווי דערנערן זיך גוט, גיין לייטיש אָנגע־טאָן, קענען זיך פאַרוויילן דורך גיין אין קינאָ, טעאַטער אָדער צו אַ קאָנ־צערט, איז דער באַגריף הויכער לעבנסניוואָ אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג אין דעם לעבן פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק. עס וועט אפשר פאַר אַ סך זיין אַן איבערראַשונג, ווען מיר וועלן זיי זאָגן, אַז אויפן געביט פון הלבשה עקסיסטירט נישט אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַזאַ זאַך ווי דאָס

גיין באַשטעלן זיך אַן אָנצוג ביי אַ שניידער, ספּעציעל פאַר זיך. אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן טראָגן אַלע, מענער און פרויען, מיט קליינע אויסנאַמען, „קאָנפעקסיאָן״־קליידער. אַוודאי זיינען פאַראַן מדרגות אויך אויף דעם געביט. עס זיינען פאַראַן אָנצוגן וואָס קאָסטן דרייסיק דאָלאַר און אַנדערע, פאַר וועלכע מען דאַרף באַצאָלן הונדערט. אין פּרינציפּ אָבער, הערשט אויף דעם דאָזיקן געביט „דעמאָקראַטיע״, אָן שום פּריווילעגיעס. אין דעם זין האָט דער סאָציאַליזם „געזיגט״ מער אין די סופּער־קאַפּיטאַליסטישע פאַראייניקטע שטאַטן ווי אין דער סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישער רוסלאַנד, און ווי עס וועט ווייטער אַנגעוויזן ווערן, האָט ער „געזיגט״ אויף אַ היפּשער צאָל אַנדערע שטחים פונעם לעבן אין אָנקל סעמס מדינה.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט כמעט יעדער דריטער מענטש אַן אייגענעם אויטאָמאָביל. פון די הונדערט און אַכציק מיליאָן איינוווינער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, זיינען ביי די אַכציק מיליאָן אַזעלכע וואָס לעבן פון זייער געהאַלט אָדער לוין, אַלס אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, און עס איז דאָרט נישט קיין שום זעלטענע דערשיינונג, אַז אַן אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטער זאָל האָבן זיין אייגענעם „קאַר״ (אויטאָמאָביל). אייניקע פון מיינע באַקאַנטע פון אָט דעם כּאַציאַלן שיכט האָבן מיר דערקלערט, אַז זיי האָבן נישט קיין אויטאָמאָבילן, נישט מחמת זיי קענען זיי נישט קויפן, נאָר צוליב דעם מאַנגל אין פּלאַץ ווו צו האַלטן זיי, אָדער איבער דער פּראָבלעם פון אַוועקשטעלן זיי אין גאַס. איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען וואָס איז היינט צו טאָג פאַראַן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז דער מאַנגל אין פּלאַץ אַוועקצושטעלן די אויטאָמאָבילן און אין די גרויסע שטעט, אויפן ערשטן פּלאַץ ניו־יאָרק, ווערט דאָס אַוועקשטעלן אַן אויטאָמאָביל זייער שטרענג קאָנטראָלירט. ווען מען נעמט אין אַכט אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן צירקולירן אַרום זעכציק מיליאָן אויטאָמאָבילן אויף די וועגן און אין די שטעט, איז נישט שווער צו פאַרשטיין דעם פאַר וואָס פון דער דאָזיקער פּראָבלעם. ווען מען פאָרט אויף דער שטרעקע ניו־יאָרק־וואַשינגטאָן, אַ הויך־אינדוסטריאַליזירטע זאָנע, זעט מען פונעם וואַגאָן־פענצטער ביי די פאַבריקן טויזנטער אויטאָמאָבילן און דאָס זיינען די אייגענע אויטאָמאָבילן, מיט וועלכע די אַרבעטער קומען צו דער אַרבעט.

אָבער דער היכער לעבנסניוואָ דריקט זיך נישט אויס בלויז אין דעם. דער הויכער לעבנסניוואָ פון די שטעט נאַרט אָפּט מאָל אָפּ בנוגע דער לאַגע פון דעם מענטשן וואָס לעבט אין אינלאַנד אָדער אויף לאַנד. אין די פּאַר־אייניקטע שטאַטן נעמט דער הויכער לעבנס־סטאַנדאַט אַרום אויך דעם איינוווינער פונעם קליינעם שטעטל אָדער דעם פאַרמער. אין די פאַראיי־ניקטע שטאַטן זיינען פאַראַן פינף מיליאָן פאַרמס און 95 פּראָצענט פון זיי געניסן פון עלעקטרישער ליכט און קראַפט. אַ העלפט פון די דאָזיקע פאַרמס האָבן טעלעפאָנען. מאָדערנע סאַניטאַרע איינריכטונגען זיינען אין די לאַנד־ווירטשאַפטלעכע זאָנעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן אַ געוויינלעכע זאַך. עס וועט זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן, אַז אַ גרויסער טייל פון די עלעקטרישע איינריכטונגען אין דעם נאָרד־אַמעריקאַנער „דאָרף”, זיינען אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אין די קלענערע ישובים און אין די לאַנד־ווירטשאַפטלעכע זאָנעס, וווינען איבער זיבעציק פּראָצענט אין אייגענע וווי־נונגען. אין די שטאָטישע און יישטאָטישע זאָנעס וווינען אַרום זעכציק פּראָ־צענט אין אייגענע דירות. די אַגריקולטור, ווי די אינדוסטריע, איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן הויך־מעכאַניזירט,אַזוי אַז יעדער לאַנדווירטשאַפטלע־כער אַרבעטער פּראָדוצירט אין דעם דאָזיקן לאַנד גענוג שפּייז פאַר זיך און פאַר אַנדערע צוואָנציק פּערזאָן, הגם די באַשפּייזונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז פון זייער אַ הויכער קוואַליטעט און פון דער העכסטער קוואַנטי־טעט וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן. לויט אַ גוט־באַגרינדעטער סטאַטיסטיק, פון וועלכער מיר נעמען אַרויס די דאָזיקע ציפערן, קען דער נאָרד־אַמערי־קאַנער אַרבעטער פאַר דעם לוין, וואָס ער באַקומט היינט פאַר אַ שעה אַרבעט, קויפן צוויי מאָל אַזוי פיל שפּייז, ווי ער האָט פאַר זיין לוין געקענט קויפן מיט דרייסיק יאָר צוריק. וואָס שייך קליידונג און אַנדערע הצטרכותן איז דער מצב אומגעפער דער זעלביקער. איינער פון די סימנים פון דעם מאַטעריעלן וווילשטאַנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז דער מנהג פון אָפּשפּאָרן, וואָס איז איינגעוואָרצלט ביים נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק, אין באַנק־קאָנטעס, אין מלוכה־באָנעס אָדער אין פאַרזיכערונגס־ווערטן. כמעט צוועלף פּראָצענט פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק זיינען פאַרטראָטן אין גרויסע קאָמערציע־לע אָדער אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, דורך אַקציעס. די לעבנס־פאַר־

זיכערונג אין די פּאַראייניקטע שטאַטן נעמט אַרום איבער פינף און אַכציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג.

פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן נישט פון דער עקסטרעמער אויטאָמאַטיזאַציע פון דעם לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און באַטראַכטן עס ווי אַ נעגאַ־טיווע דערשיינונג פונעם הומאַנעם שטאַנדפּונקט. איך, פאַרקערט, האָב גאָר אין דער דאָזיקער סיסטעם געזען אַ פּאָזיטיווע דערגרייכונג, וואָס שייך אַ שריט נענטער צו סאָציאַלער גלייכקייט. דער אויטאָמאַט רעדט די זעלביקע שפּראַך פאַר דעם אָרעמען, אומפאַרמעגלעכן און פאַר דעם מיליאָנער. ער מאַכט נישט קיין חילוק צווישן דעם „דאַים", „ניקל" אָדער „קוואָדער" פונעם אָרעמען אָדער מיליאָנער. און מען דאַרף גראָד נישט אָנקומען צום אויטאָ־מאַט אויף צו באַמערקן די דאָזיקע גלייכקייט אין דעם לעבנסניוואָ פון די פאַראייניקטע שטאַטן. לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל די טויזנטער אַליינבאַ־דינערישע רעסטאָראַנען און קאַפעטעריעס אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע גרויסע שטעט פון יענעם לאַנד. אין די דאָזיקע רעסטאָראַנען און קאַפע־טעריעס זיינען נישטאָ קיין אויטאָמאַטן, מען האָט צו טאָן מיט מענטשן — און אָפט מאָל מיט זייער שיינע און חנעוודיקע פרויען — און דאָך זיינען זיי דער העכסטער און סימפּאַטישסטער אויסדרוק פון דעמאָקראַטיע. אין די דאָזיקע רעסטאָראַנען איז נישטאָ דאָס וואָס איך וואָלט אָנגערופן די דערשיי־נונג פון פריץ און משרת. דאָ באַדינט זיך יעדער איינער אַליין. צי איר זיינט אַן אַרבעטער אָדער אַ מיליאָנער, דאַרפט איר זיך אַליין באַדינען. אויב איר ווילט עסן אין איינעם פון די דאָזיקע וואונדערלעך־ריינע און עלעגאַנטע רעסטאָראַנען, וווּ אַלץ שפּיגלט ממש פון זויבערקייט. איר קומט אַריין, גייט צו צו אַ טיש ווו עס ליגט אַ הויפן טאַצן, נעמט אַ טאַץ, גאָפּל־לעפל, אַ סערוועטקע און איר שטעלט זיך וואַרטן אין דער רייע, וו אַ ספּעציאַליזיר־טער פּערסאָנאַל וועט אייך סערווירן צענדליקער פאַרשידענע געריכטן, אָנ־הייבנדיק פון אַ פּאָרשפּייז, ביז אַלערליי קאָמפּאָטן, פרוכטן אָדער טאָרטן (אָדער ווי די יענקיס רופן עס „קעיקס"). באַקומען דאָס וואָס איר האָט גע־בעטן, גייט איר צו דער קאַסע, שטענדיק לויט דער ריי, און די קאַסירערן שאַצט אין איין הרף־עין אָפּ וואָס איר דאַרפט באַצאָלן און זי קאַסירט אין דעם באַטרעף און איר זעצט זיך אַוועק ביי איינעם פון די צענדליקער טיש־

לעך, ווו איר געפינט אַלערליי געווירצן און זאַפטן אויף צוצופּראָווען דאָס עסן. קיינער באַלעסטיקט אייך נישט, איר קענט זיצן ווי איר ווילט און וויפל איר ווילט. אויב איר ווילט געטראַנקען, קענט איר געפינען אַלערליי גע־טראַנקען און אויב איר ווילט וואַסער, קריגט איר וויפל קאַלטע וואַסער איר ווילט ביי די ספּעציעלע קראַנען, ווו איר וועט אויך געפינען זויבערע גלעזער פון פּלאַסטישן מאַטעריאַל. נאָכן עסן קענט איר זיצן און לייענען ביי אַ ריין טישל, ווייל די טישן ווערן פּערמאַנענט אָפּגעראַמט פון ספּע־ציעלע אָנגעשטעלטע.

ווי איר זעט פון דער אויבן געבראַכטער באַשרייבונג, איז דער דאָזיקער טיפּ רעסטאָראַנען — אין וועלכע עס עסן הונדערטער טויזנטער מענטשן טעגלעך — דער ריכטיקער אויסדרוק פון אַ הויכן לעבנסניוואָ פּאַר אַלעמען, אָן אונטערשיד. דער רייכער קען דאָ נישט עסן מער און בעסער ווי דער אָרעמער, פּשוט דערפּאַר, ווייל אים האָט מען נישט צוגעגרייט קיין ספּע־ציעלע פּאָטראַוועס. דער לעבנסניוואָ קומט דאָ צום אויסדרוק ווי אַן איינ־געשטעלטער סטאַנדאַרט פּאַר אַלעמען אָן אונטערשיד און דער אָרעמער באַ־קומט פּאַר זיין דאָלאַר אָדער „קוואָדער" (אַ פערטל דאָלאַר) געניי דאָס זעל־ביקע וואָס דער רייכער. אין דער געביידע פון דער „יו־ען" איז דאָ אַזאַ רעסטאָראַן, און כ'האָב אַליין געזען ווי וועלט־באַקאַנטע דיפּלאָמאַטן זיינען געשטאַנען אין דער ריי און געוואַרט אַז מען זאָל זיי באַדינען. צווישן די וואָס זיינען געזעסן ביים טישל און געגעסן איז געווען נישט קיין קלענערער ווי דער אורוגווייער אַמבאַסאַדאָר אין דער „יו־ען", פּראָפעסאָר פאַברעגאַט. איך האָב אַזאַ רעסטאָראַן פון אַליינבאַדינונג געזען אין דער געביידע פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן בעת מיטיק. עס זיינען אין דער דאָזיקער שעה דאָרט געזעסן אַ היפּשע עטלעכע הונדערט מענטשן ביי די טישלעך, צווישן זיי גאַנץ הויכע באַאַמטע, אפשר דעפּוטאַטן, סענאַטאָרן, לויט ס'האָט מיר דערקלערט מיין באַגלייטער. אויסער די וואָס טיילן אויס דאָס עסן, וואָס קאַסירן איין דעם באַטרעף און וואָס רייניקן אָפּ די טישלעך, איז נישט צו זען קיין איין קעלנער אין די דאָזיקע רעסטאָראַנען. נישטאָ קיין פּריצים און קיין משרתים. ווי מען איז געוווינט צו זען אין אַנדערע

לענדער, אויב איך האָב קיין טעות נישט, אויך אין די וואָס באַרימען זיך, אַז זיי האָבן אָפּגעשאַפט די סאָציאַלע אומגלייכקייטן...

און דאָס איז דאָך נישט דער איינציקער אויסדרוק פון דעם סטאַנדאַרדיזירטן הויכן לעבנסניוואָ אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. עס איז געגוג אַריינצוקומען אין איינעם פון די וווּנדערלעכע „סופּער־מאַרקעטס", וואָס מען זעט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, אויף צו דערפילן, אַז אויפן געביט פון לעבנס־סטאַנדאַרט איז אין דעם דאָזיקן לאַנד כמעט ווי אָפּגעשאַפט געוואָרן דער חילוק צווישן אָרעם און רייך. די דאָזיקע סקלאַדן, אין גרעסטן טייל ריזיק־גרויסע, זיינען אַן־און־פאַר־זיך דער בולטער אויסדרוק פון דער שפע וואָס עס הערשט אין דעם דאָזיקן רייכן לאַנד. אָבער דאָס כאַראַקטעריסטישע פון זיי איז, ווי אין דעם פאַל פון די דערמאָנטע רעסטאָראַנען, דאָס וואָס זיי „צווינגען" ממש אַרויף דעם הויכן לעבנס־סטאַנדאַרט אויף אַלעמען אָן אונטערשיד. די פּראָדוקטן, כמעט אַלע איינגעפּאַקטע אָדער אין בלעכענע און פּלאַסטישע כלים, זיינען צוגעגרייט פאַר טיק פאַר אַלעמען גלייך. שוין דער אופן פונעם איינקויפן אין די דאָזיקע גרויסע שפּייז־קראָמען איז דער ריינסטער אויסדרוק פון דעמאָקראַטיע און קעגנזייטיקן צוטרוי. קיינער קוקט אייך נישט נאָך, ווען איר נעמט דאָס וועגעלע און גייט זיך אויסקלייבן די פּראָדוקטן וואָס איר ווילט (און אפשר קוקט מען אייך נאָך, נאָר איר פילט עס נישט), דערנאָך גייט איר צו צו דער קאַסע און באַצאָלט. קיין אויסנאַמען זיינען נישטאָ פאַר קיינעם, פאַר אַלעמען דער זעלבער „רעזשים".

איך האָב געבראַכט בלויז אַ פּאָר ביישפּילן אויף צו באַגרינדן מיין איינדרוק, אַז אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז דער באַגריף הויכער לעבנס־ניוואָ אַן אַלגעמיינע דערשיינונג און נישט קיין אויסנאַם. דעם הויכן לעבנס־ניוואָ האָב איך אויך געזען אין פּריוואַטע היימען פון אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. נישט קיין לוקסוס, אָבער אַן אָנשטענדיק לעבן, ווו עס פעלט גאָר נישט. אויב הויך־אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג ווי די פון די פּאַראייניקטע שטאַטן מיינט אָט דעם לעבנס־סטאַנדאַרט, וואָס מען זעט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אין גאַס און אין די היימען פון דעם דורכשניטלעכן מענטשן, ווייזט זיך אַרויס, אַז נישט די עקאָנאָמישע דחקות וועט זיין דער גורם אַז די איינציקלעך פון די היינטיקע נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער וועלן

שוין זיין קאָמוניסטן, ווי עס האָט נביאות געזאָגט דער הער ניקיטאַ כרושטשעוו. אויב דער קאָמוניזם שטרעבט, ווי עס זאָגן זיינע טרעגער, צו העכערן דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פונעם בירגער, בין איך נישט זיכער, אַז דער בירגער פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד וועט קענען געניסן פון אַזאַ הויכן לעבנס־סטאַנדאַרט ווי דער נאָרד־אַמעריקאַנער דורכשניטלעכער בירגער, דערונטער דער פשוטער אַרבעטער, אַפילו אין פופציק יאָר אַרום.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען, פאַרשטייט זיך, פאַראַן אַ סך שאַרפע סאָציאַלע פּראָבלעמען, וואָס פאָדערן אַ לייזונג. עס זיינען פאַראַן בולטע קלאַסן־אונטערשידן וואָס קומען צום אויס, אַפילו ווען פאַר דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע זיינען אַלע בירגער, אָן שום אונטערשיד, גלייכבאַרעכטיקט. עס איז אַפילו דאָרט פאַראַן אַ ראַסן־פּראָבלעם, וואָס שייך דער באַציִונג צו די נעגערס, איבערהויפּט אין די דרומדיקע שטאַטן, ווו עס איז פאַראַן אָפענע און אָפט מאָל שאַרפע דיסקרימינאַציע קעגן דער שוואַרצער באַפעלקערונג. וואָס שייך אָבער דעם דורכשניטלעכן לעבנס־ניוואָ פון דעם אַמעריקאַנער בירגער, דאָס הייסט פון דער באַפעלקערונג אין אַלגעמיין, אירע מעגלעכקייטן און רעכט זיך אויסצולעבן לויט דעם אייגענעם באַגער און געשמאַק, איז דאָס אַ זאַך וואָס געפינט זיך אַפילו נישט אויפן סדר־היום, ווייל דאָס איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. און דאָס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך, נישט מחמת מען באַפעלט עס אָדער מען רעגולירט עס פון „אויבן״, נאָר ווייל אַזוי איז די לאַגע, אַזוי איז דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן הויך־אַנטוויקלטן לאַנד.

# אַספּעקטן פֿון דער נעגער־פּראָבלעם

די נעגער־פּראָבלעם אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וואָלט אָן שום גוזמא געקענט באַצייכנט ווערן ווי אַ נאַציאָנאַלע דראַמע פֿון דעם דאָזיקן גרויסן דעמאָקראַטישן לאַנד, ווו לויט דער קאָנסטיטוציע זיינען אַלע בירגער אָן אונטערשיד פֿון גלויבן, אָפּשטאַם און ראַסע גלייכע פֿאַרן געזעץ. ווי מיר האָבן אָנגעוויזן אין אַנדערע קאַפּיטלען פֿון דעם דאָזיקן בוך, איז די דע־מאָקראַטיע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן נישט קיין פֿיקציע אָדער סתּם אַן ענין אויפֿן פּאַפּיר, נאָר אַ זאַך מיט וועלכער מען אָטעמט דאָרט אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן. צוליב דעם טעכנישן פּראָגרעס און די נייע געלעגנ־הייטן וואָס דאָס גיט דעם אַלגעמיינעם בירגער, איז די דאָזיקע אָרגאַנישע דעמאָקראַטיע נאָך מער אויסגעברייטערט און פֿאַרטיפֿט געוואָרן און זי שפּיגלט זיך אָפּ נישט נאָר אין פּאָליטישן זין, נאָר קומט צום אויסדרוק אויך אויפֿן סאָציאַל־עקאָנאָמישן געביט. און דאָך, טראָץ אָט דער דאָזיקער עווי־דענץ פֿון אמתער דעמאָקראַטיע און בירגערלעכער פֿרייהייט, עקסיסטירט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן אַ פּראָבלעם, וואָס איז לויט אירע אימפּליקאַ־ציעס אַ פֿולשטענדיקע אָפּלייקענונג פֿון דער דעמאָקראַטיע — די נעגער־פּראָבלעם מיט אַלע אירע באַגלייט־דערשיינונגען פֿון דיסקרימינאַציע און אומטאָלעראַנץ לגבי אַ וויכטיקן טייל פֿון דער לאַנד־באַפֿעלקערונג, וואָס מאַכט אויס, לויט די לעצטע שאַצונגען, איבער עלף פּראָצענט פֿון דער אַל־געמיינער באַפֿעלקערונג.

צווישן אַנדערע וויכטיקע זאַכן, וואָס עס אינטערעסירט אַן אונדזעריקן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, איז צו דערוויסן זיך עפּעס וועגן דער דאָזיקער

פּראָבלעם, וואָס איז עפּעס אַזוינס ווי אַ פלעק אויף דער רעפּוטאַציע פון אָט דעם לאַנד, וואָס האָט שוין אָפּגעגעבן אויסערגעוויינלעכע קרבנות אויף צו פאַרזיכערן די פרייהייט און די רעכט פון אַנדערע פעלקער אין צוויי גרויסע וועלט־מלחמות. פאַר אַ פרעמדן, וואָס איז נישט באַהאַוונט אין די אינערלעכע לעבנס־אומשטענדן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, שטעלט זיך די פּשוטע פראַגע: ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אין אַ לאַנד, וווּ די פרייהייט און די רעכט פונעם בירגער געפינען זיך אויפן ערשטן פּלאַץ ווי אַן אמתער עיקר־העיקרים, זאָל עקסיסטירן אַזאַ פּראָבלעם וואָס איז אין דער אונטערשטער שורה אַ פּשוטע ראַסן־פראַגע. איז דאָך דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק אַ צוזאַמענשמעלץ פון פאַרשידענע עטנישע גרופּן, פון מענטשן וואָס שטאַמען פון צענדליקער לענדער און פון פאַרשידענע קאָנטינענטן, אַ פּראָדוקט פון פאַרשידענע קולטורן, רעליגיעס און איבערצייגונגען. און דאָס אַלץ, ווי מיר האָבן געזען, הויזט צוזאַמען אין אַ פּערפעקטער האַרמאָניע פון אַ יונג און שטאַרק פאָלק מיט אַ נאָבעלן און הויכמוטיקן כאַראַקטער; איז ווי זשע קומט עס טאַקע, וואָס בנוגע דער נעגער־פּראָבלעם איז שווער צו געפינען דעם וועג פון אָט דער טיפּיש־נאָרד־אַמעריקאַנער טאָלעראַנץ און הויכמוטיקייט?

איך האָב וועגן דעם געפּרוּווט דערגיין עפּעס אין געשפּרעכן מיט מענטשן וואָס וווינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן שוין אַ האַלבן יאָרהונדערט און זיינען גוט באַקאַנט מיט די סאָציאַלע אומשטענדן פון דעם דאָזיקן גרויסן לאַנד. און איך מוז זאָגן, אַז קיינער האָט מיר נישט געוווּסט צו געבן אַ קלאָרן ענטפער וועגן דער אמתער סיבה פון אָט דער מאָדנער דערשיינונג. אַלע האָבן אָפנהאַרציק מודה געווען, אַז די נעגער־פּראָבלעם עקסיסטירט און אין איניקע שטאַטן — איבערהויפּט די דרום־שטאַטן — אין אַ גאַנץ שאַרפער פאָרעם, אָבער די סיבה דערפון איז אי אַ פּשוטע אי נישט קיין פּשוטע. פּשוט איז זי, ווייל זי האָט דעם בולטן קענצייכן פונעם קאָליר, אַזוי צו זאָגן. די זאַך דערקלערט זיך קורץ און שאַרף: עס איז פאַראַן עפּעס אַזוינס וואָס שטעלט זיך אַוועק ווי אַ נאַטירלעכע מויער צווישן דעם ווייסן און דעם שוואַרצן. מיר וואָלטן עס אָנגערופן די „אַטאַוויסטישע סיבה", דאָס הייסט, די סיבה וואָס כאָטש מען ווייסט וועגן איר און מען וואָלט זי געוואָלט באַזייטיקן, לאָזט זי זיך נישט באַזייטיקן. עס איז אַן ענין פון געפיל, פון כאַראַק־

טער, פון געשמאַק — אַלץ זאַכן וואָס זיינען ביי מענטשן אייגן און אָרגאַניש, ווי אייגן עס איז די הויט פונעם לייב. נישט פּשוט איז זי, ווייל עס זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַראַן געוויסע טראַדיציעס, מנהגים און אַפילו געזעצן, וואָס זיינען בפירוש שטערונגען אויפן וועג פון מאַכן אַ סוף צו דער נעגער־פּראָבלעם. דאָס מערקווירדיקסטע איז, וואָס אַפילו פּראָגרעסיווע מענטשן, וואָס האָבן פּאַרטיקע רפואות צו אַלע סאָציאַלע איבלען און מכות, ווען איר ווערט זיי פרעגן צי עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו לייזן איין מאָל פאַר אַלע מאָל די דאָזיקע פּיינלעכע פּראָבלעם פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איך בין נישט זיכער צי די מענטשן וואָס ריידן צו אייך מיט פּלאַמפּייערדיקע רייד וועגן די רעכט פון די נעגערס באַהאַנדלט צו ווערן פּונקט ווי די ווייסע, וואָלטן מסכים געווען אַריינצונעמען צו זיך אַ שוואַרצן אַלס שכן אָדער פּשוט אים איינלאַדן אויף וועטשערע. דאָ קומט פּשוט צום אויסדרוק דאָס באַרימטע גלייכווערטל, אַז „דער שענקער האָט ליב דעם שיכור, אָבער די טאָכטער פאַר אַ ווייב וועט ער אים נישט געבן"...

ווי באַוווּסט, מאַניפעסטירט זיך די דיסקרימינאַציע קעגן די נעגער באַזונדערס אויפן שול־געביט. איך ווייס נישט ווי ווייט עס גרייכט די דאָזיקע דיסקרימינאַציע אויף אַנדערע געביטן, אָבער אין עפנטלעכן לעבן באַמערקט מען עס נישט. אין דער הויפּטשטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אין וואַשינגטאָן, באַטרעפן די שוואַרצע ביי די פּופּציק פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און טויזנטער נעגערס פאַרנעמען מלוכה־אַמטן, אַ סך פון זיי וויכטיקע. אויפן געביט פון אַרבעט אָדער אַנדערע געלעגנהייטן איז נישט צו באַמערקן קיין דיסקרימינאַציעס. איך האָב געזען גרופּעס אַרבעטער אויף די גאַסן, ווו דער געמיש פון ווייסע און שוואַרצע איז געווען האַלב אויף האַלב. אומעטום, אין ניו־יאָרק אָדער אין וועלכער עס איז אנדער שטאָט, זעט איר די נעגערס זיך באַוועגן פּונקט מיט דער זעלבער נאַטירלעכקייט און פרייהייט ווי די ווייסע און מען מערקט נישט אַז זיי זאָלן זיך פילן נידעריקער אָדער מינדערווערטיקער. בכלל איז אין די צפונדיקע שטאַטן און אין די גרויסע שטעט נישטאָ דער גראַד דיסקרימינאַציע קעגן די שוואַרצע, ווי עס קומט צום אויסדרוק אין די דרום־שטאַטן, אָבער די

פראָבלעם עקסיסטירט, זי איז לאַטענט אין לעבן, און זי הויערט אין דעם אונטערבאַוווסטזיין סיי פון ווייסע און סיי פון שוואַרצע.

עס איז גוט באַוווסט, אַז אין די הויכע רעגירונגס־קרייזן, די קירכע, די מער פאָרגעשריטענע שיכטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און אַוודאי אין די אַרבעטער־קרייזן, איז מען דורכויס קעגן דער ראַסן־דיסקרימינאַציע. וועלן אייניקע נאַיִווע מענטשן פרעגן: נו, אויב די רעגירונג פון וואַשינגטאָן איז קעגן דער דיסקרימינאַציע, קען זי נישט מאַכן אַ סוף צו דעם דורך אַ פאָר גוטע ענערגישע געזעצן? די וואָס וועלן אַזוי פרעגן, וועלן נאָר באַווייזן אַז זיי קענען קנאַפ־וואָס די רעגירונגס־סיסטעם און די געזעצן פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן. מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז אַמבולטסטן קומט די דיסקרי־מינאַציע קעגן די נעגערס צום אויסדרוק אויפן געביט פון דער דערציִונג און אַ סך מאָל לייענען מיר וועגן פיינלעכע אינצידענטן אויף דעם געביט. וועלן אייניקע פרעגן: וואָס עפעס מער אויפן דערציִונגס־געביט ווי ערגעץ אַנדערש? איז דער ענטפער: דאָס געזעץ אויפן געביט פון דערציִונג איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַזוי פאָרמולירט, אַז עס גיט די אָנהענגער פון ראַסן־דיסקרימינאַציע מער מעגלעכקייט צו דיסקרימינירן אָן דער געפאַר באַשטראָפט צו ווערן. אין די פאַראייניקטע שטאַטן שטייט די דערציִונג נישט איין אין די הענט פון דער פעדעראַלער רעגירונג, נאָר אין די הענט פון דער רעגירונג פון יעדן שטאַט באַזונדער. נאָך מער, זי שטייט אפילו נישט איין אין די אויסשליסלעכע הענט פון די שטאַט־רעגירונגען, נאָר אין די הענט פון לאָקאַלע, קאָמונאַלע ראַטן. ענדערן אַ געזעץ אויפן געביט פון דער־ציִונג איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרבונדן מיט אויסערגעוויינלעכע קאָמפליקאַציעס און איז אין דער ערשטער רייע אָפהענגיק פון די סענטי־מענטן און מיינונגען פון דער באַפעלקערונג און די דאָזיקע סענטימענטן בנוגע די נעגערס זיינען, באַזונדערס אין די דרומדיקע שטאַטן, זייער אַ דעליקאַטער ענין פאַר הויכע רעגירונגס־באַאַמטע און באַזונדערס פאַר פאָ־ליטיקערס וואָס זוכן די שטימען פונעם פאָלק. די פעדעראַלע רעגירונג קען ביי איר בעסטן ווילן צו מאַכן אַ סוף צו דער ראַסן־דיסקרימינאַציע אין איי־ניקע שטאַטן, נישט גיין ווייטער פון רעקאָמענדאַציעס אָדער צו שטרענגע מאָסמיטלען פון אויפהיטן די אָרדענונג ווען עס ברעכן אויס אינצידענטן

אויף דעם געביט, ווי עס האָט לעצטנס פּאַסירט אין די שטאַטן אַלאַבאַמאַ און ווירדזשיניאַ.

און טראָץ אָט דער באַגרענעצטקייט אין די מיטלען פון דער צענטראַלער מאַכט אויף צו מאַכן אַ סוף צו דער ראַסן־סעגרעגאַציע אין די מלוכה־שולן אין אייניקע שטאַטן, ווערן געזוכט מיטלען. די לעצטע יאָרן איז אויף דעם דאָזיקן געביט געמאַכט געוואָרן אַ באַדייטנדיקער פּאָרשריט און מען קען האָפן, אַז מיט דער צייט וועט די ראַסן־צעטיילונג אין די מלוכה־שולן אין אייניקע דרומדיקע שטאַטן זיין אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. איינער פון די וויכטיקסטע שריט אין דעם זין, איז דאָס געזעץ וואָס דאָס העכסטע יוסטיץ־געריכט האָט אָנגענומען דעם 17טן מײַ פון 1954, אויף אַן איינ־שטימיקן אופן, לויט וועלכן עס ווערט אָפּגעשאַפט די ראַסן־סעגרעגאַציע אין די אָפיציעלע מלוכה־שולן. לויט דעם דאָזיקן געזעץ, זיינען די קלענערע פעדעראַלע געריכטן, איבערהויפּט פון די שטאַטן, און די אָרטיקע רע־גירונגס־באַאַמטע פאַרפליכטעט צו מאַכן אַ סוף צו דער ראַסן סעגרעגאַציע אין די מלוכהשע שולן „אַזוי גיך ווי דאָס וועט זיך לאָזן". אונטערן דרוק פון אָט דעם געזעץ, האָבן אַ סך שולן פון די דרום־שטאַטן אָפּגעשאַפט די ראַסן־צעטיילונג, אָבער נישט אומעטום האָט עס פּאַסירט. און מיר האָבן געזען, אַז אין אייניקע ערטער, ווו מען האָט עס געפּרוּווט טאָן אויף כוח, האָט עס גורם געווען גאַנץ שאַרפן אינצידענטן, וואָס באַווייזט אַז די אַטאַוויסטישע אומטאָלעראַנץ קעגן דער שוואַרצער באַפעלקערונג איז ביי דעם ווייסן טייל פון דער באַפעלקערונג גאַנץ טיף פאַרוואָרצלט אין די געפילן. דער נוסח פון מאַכן אַ סוף צו דער ראַסן־סעגרעגאַציע „אַזוי גיך ווי דאָס וועט זיך לאָזן", פון דעם אויבן־דערמאָנטן געזעץ, באַווייזט אַז די וואָס האָבן דאָס געזעץ אויסגעאַרבעט און אָנגענומען, זיינען גרינטלעך באַקאַנט מיט דער לאַגע.

די דאָזיקע אוממעכטיקייט אָבער פון דער פעדעראַלער רעגירונג צו מאַכן אַ סוף צו דער ראַסן־סעגרעגאַציע אין באַשטימטע שטאַטן, איז חל בלויז אויף דעם געביט פון אָנפאַנג־ און מיטל־בילדונג. וואָס שייך די הע־כערע לערן־אַנשטאַלטן, ווו די השפּעה פון די שטאַט־רעגירונגען אין קלע־נער, אָדער בעסער געזאָגט, ווו די פעדעראַלע רעגירונג האָט מער איינפלוס

צוליב דער הילף וואָס זיי באַקומען פון איר, איז די פּאַנאָראַמע אין גאַנצן אַן אַנדערע. לויט אַ גוט־באַגלייבטער סטאַטיסטיק וואָס מיר האָבן פאַר זיך, האָבן אין 1958 געלערנט אין 107 פון די 1.852 הויכע לערן־שולן, וואָס די פּאַראייניקטע שטאַטן האָבן, נישט ווייניקער ווי 75 טויזנט נעגערס און אין אייניקע פון זיי האָבן זיי פּרעדאָמינירט לויט דער צאָל. בכלל איז אין די הויכע לערן־אַנשטאַלטן נישטאָ קיין באַגרענעצונגען פאַר די נעגערס און זיי לערנען דאָרט אין מאַסן, וואָס איז איבעריקנס אַ באַווייז אַז זיי קענען זיך עס פאַרגינען עקאָנאָמיש. און דער דאָזיקער באַווייז איז נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט, ווען מען רעדט וועגן דעם סטאַטוס פון די נעגערס אין יענעם לאַנד, ווייל אין די פּאַראייניקטע שטאַטן קאָסט הויכע בילדונג טייער. אויף וויפל די רעגירונג פאַרלייכטערט אַלע שיכטן פונעם פאָלק צו קריגן הויכע בילדונג, געניסן די נעגערס פון דעם אַלץ איינס ווי די ווייסע.

פאַר אַן אונדזעריקן איז די ראַסן־פראַגע ווי זי קומט צום אויסדרוק דורך דער דיסקרימינאַציע קעגן די נעגערס, אַן ערנסטער ענין. אויב עס איז אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פאַראַן אַן עטנישע גרופּע וואָס איז קעגן דער דיסקרימינאַציע פון די נעגערס און סאָלידאַריזירט זיך מיט זיי, זיינען דאָס די נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדן. אַלס אַ טייל פון דער ווייסער באַפעלקערונג, זיינען צווישן די נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדן און נעגערס מסתמא אויך פאַראַן יענע אומגעזעענע געפילן פון אָרגאַנישן אונטערשיד; ייִדן האָבן אָבער גאַנץ גוטע מאָטיוון צו זיין אויף דער זייט פון די נעגערס, אָדער ווייניקסטנס נישט קעגן זיי, ווען עס האַנדלט זיך וועגן זייער בירגערלעכן סטאַטוס אָדער זייער מענטשלעכער חשיבות. ווער נאָך ווי ייִדן האָט אַזוי פיל געליטן פון דיס־קרימינאַציע און אומטאָלעראַנץ אין משך פון טויזנטער יאָרן? ווער נאָך איז אַזוי באַליידיקט און געשענדט געוואָרן פון די שטאַרקערע, אויסשליסלעך דערפאַר ווייל ער איז אַנדערש, ווי דער ייִד? דערפאַר זיינען די נאָרד־אַמע־ריקאַנער ייִדן, אָן אונטערשיד פון קלאַס און סאָציאַלן שטאַנד, פּאַראינטע־רעסירט אַז דער דאָזיקער פלעק אויף דער נאָרד־אַמעריקאַנער דעמאָקראַ־טיע, די דיסקרימינאַציע קעגן די נעגערס, זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַראָפּגענומען ווערן. פון דער צווייטער זייט, האָט די נעגער־פּראָבלעם אומ־דירעקט אַ שייכות אויך מיטן סטאַטוס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג,

ווייל די זעלבע מיליטאַנטישע גרופּן וואָס זיינען די באַוועג־קראַפט פון דער אַנטי־נעגער־דיסקרימינאַציע, זיינען בדרך כלל אויך אַנטיסעמיטן. די דאָזיקע עלעמענטן גרופּירן זיך באַזונדערס אין די קאָנסערוואַטיוו־רעאַקציאָנערע קרייזן, מיט שאָוויניסטישע און קסענאָפאָבישע נטיות און זיי זיינען לגבי די ייִדן נישט ווייניקער פיינטלעך ווי קעגן דער שוואַרצער באַפעלקערונג. עס איז דעריבער פאַראַן אַ זייער סאָלידער מאָטיוו אַז ייִדן זאָלן בדרך־כלל שטיין אויף דער זייט פון די נעגערס אין זייער גערעאַנגל פאַר מער רעכט און פאַר מענטשלעכער חשיבות.

און ווען איינער אַנאַליזירט די אַלע אַספּעקטן פון דער נעגער־פּראָבלעם פון די פאַראייניקטע שטאַטן און אַנדערע, וועלכע איך האָב דאָ נישט אויס־גערעכנט און וואָס ווירקן מסתמא אויף דעם געביט דירעקט און אומדי־רעקט, פרעגט ער זיך: וואָס איז אַזוינס די נעגער־פּראָבלעם אין די פאַראיי־ניקטע שטאַטן? איז דאָס אַ ראַסן־פּראָבלעם, אַ סאָציאַלע פראַגע, אַן אַטאַ־וויסטישע נאָכשלעפּעניש ביי יענע קרייזן און שיכטן וואָס קענען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די געוועזענע שקלאַפן זאָלן זיין גלייכע בירגער מיט זיי און געניסן פון די זעלבע רעכט? אָפיציעל, געזעצלעך, זיינען די נעגערס גלייכבאַרעכטיקט מיט אַלע אַנדערע בירגער אָן אונטערשיד פון ראַסע און גלויבן, זינט איבראַהאַם לינקאָלן האָט אין 1862 אַרויסגעגעבן זיין באַרימטע דעקלאַראַציע, וואָס האָט באַפרייט די שקלאַפן און פונעם 1טן יאַנואַר פון 1863 זיי פאַרוואַנדלט אין פרייע בירגער, מיט די זעלבע רעכט וואָס עס האָבן געהאַט די אַנדערע. און דאָך, לייקנט אייך קיינער נישט אַז עס הערשט דער קלימאַט פון דיסקרימינאַציע קעגן אָט דעם באַדייטנדיקן טייל פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער באַפעלקערונג. וואָס־זשע איז דאָס? דאָס איז אַ פראַגע, אויף וועלכער עס איז שווער צו ענטפערן. איך אָבער, האָב באַקומען דעם איינדרוק, אַז די נעגער־פּראָבלעם איז היינט צו טאָג אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ טייל פון אַ סך אַנדערע „אַנטיס“ אויפן פּאָליטישן און סאָציאַלן געביט, וואָס קומט באַזונדערס שאַרף צום אויסדרוק צוליב פּשוט אַטאַוויס־טישע טעמים פון איינגעוואָרצלטע פאָראורטיילן ביי אַ טייל פון דער באַ־פעלקערונג. אַ נאָרד־אַמעריקאַנער נעגער קען זיך אפשר נישט אויסקלייבן דעם האָטעל אָדער דעם קלוב וואָס אים געפעלט; קיינער קען אים אָבער

נישט פאַרבאָטן אָדער שטערן צו וווינען אין אַ שיינער דירה אָדער פאָרן אין אַ לוקסוס־אויטאָמאָביל, אויב נאָר ער האָט די עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן דערצו. וואָס שייך השפּעה אין עפנטלעכן לעבן, זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַראַן געביטן ווו די נעגערס פרעדאָמינירן, אויב נאָר זיי האָבן די געהעריקע באַגאַבונג אין פעיִקייט. אויף די געביטן פון ספּאָרט, מאָדערנער מוזיק און געזאַנג, איז די השפּעה פון די שוואַרצע אַ קענטיקע אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין אייניקע „סטאַרן" אויף די געביטן זיינען אַפילו דאָס וואָס מען רופט „נאַציאָנאַלע ליבלינגען" אָדער „העלדן". אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען פאַראַן פאַכן און פּראָפעסיעס, וואָס זיינען כמעט עפּעס אַזוינס ווי „מאָנאָפּאָלן" פון די נעגערס. שטוב־אַרבעט איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן כמעט אַן אויסשליסלעכע נעגערישע באַשעפטיקונג אין אַ באַשעפטיקונג וואָס באַצאָלט זיך גאַנץ גוט. אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווייסט מען נישט פון קיין פערמאַנענטע דינסט־מיידלעך און די נעגער־פרויען וואָס טוען שטוב־אַרבעט אויף דער שעה, קומען אָפט מאָל צו פאָרן מיט זייער אייגענעם אויטאָמאָביל.

איך גלייב נישט אַז איך האָב געגעבן אַפילו אַ שאָטן פון אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער אָנגעווייטיקטער פּראָבלעם פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איך האָב נאָר געפּרוּווט דערציילן עפּעס פון מיינע פּערזענלעכע איינדרוקן און דערפאַרונגען אין דעם זין.

# צייט – אַן עיקר־זאַך אין די פאַראייניקטע שטאַטן

ס׳קלאַסישע נאָרד־אַמעריקאַנער שפּריכוואָרט אַז „צייט איז געלט“ (טאַים איס מאָני) פילט מען אין די פאַראייניקטע שטאַטן אויף טריט און שריט. באַזונדערס דערפילט עס איינער וואָס קומט פון לאַטיין־אַמעריקע, ווו צייט איז דווקא נישט אַזאַ גרויסער עיקר אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן. צווישן אַנדערע זאַכן וואָס זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן דערפירט געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ קולט (אַרבעט, למשל), פאַרנעמט דער פאַקטאָר צייט אַ זייער פּראָמינענט אָרט. אַ סך זאַכן וואָס מען זעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און וואָס קענען אַן אונדזעריקן אויסזען אויסטערליש, הייבן אָן ווערן פאַרשטענדלעך, ווען מען נעמט אין אַכט אַז צייט איז דאָרט דאָס וואָס מען קען אָנרופן אַ „ווערטזאַך“, דאָס הייסט, אַז זאַך וואָס קאָטיזירט זיך טייער. און ווען מען מעסט די העפלעכע באַציִונג, די גאַסטפריינטלעכקייט און דינסטגרייטקייט פון די נאָרד־אַמעריקאַנער פונעם שטאַנדפּונקט פון צייט־באַדייטונג, מוז מען זיי באַוווּנדערן. זיך אָפּגעבן מיט אַ פרעמדן, אים אָריענטירן און איפּקלערן מיינט פאַרלירן צייט און פאַרלירן צייט אין יענעם לאַנד הייסט אָפט מאָל ממש ברענגען אַ קרבן. ווען איך מעסט די באַציִונג וואָס עס האָבן צו מיר אַרויסגעוויזן איניקע פון מיינע פריינט, און אָפט מאָל פולשטענדיק פאַר מיר אומבאַקאַנטע מענטשן, מיט דער מאָס פונעם פאַקטאָר־צייט, פיל איך אַז כ׳וועל נישט איבערטרייבן, ווען איך וועל זאָגן אַז דער נאָרד־אַמעריקאַנער מענטש איז בדרך־כלל העפלעך, צוגעלאָזט און

דינסטגרייט. די דאָזיקע שיינע מידה פון הכנסת אורחים האָבן אויך איבער־גענומען אונדזערע ברידער, די ייִדישע בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן און זיי זיינען גרייט צוליב דעם אַוועקצוגעבן אַפילו אַזאַ טייערע זאַך ווי עס איז צייט אין דעם לעבן פון נאָרד־אַמעריקע.

די וויכטיקייט פונעם פאַקטאָר צייט, דערפילט מען ווי נאָר מען טרעט אַריבער די שוועל פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ווי נאָר איר שטייגט אָפּ פונעם אַוויאָן און איר הייבט אָן דורכגיין די פאַרשידענע פּראָצעדורן וואָס עס האָט נאַטירלעך דורכצומאַכן אַן אימיגראַנט, גיט איר זיך באַלד אָפּ רע־כענונג אַז דאָ האָט מען פיינט צו פּטרן צייט. אַלץ איז דאָ אויסגערעכנט צו דער סעקונדע און עס קלאַפּט ווי אַ זייגער. די רעגיסטראַציע פון אייערע דאָקומענטן און פון אייער באַגאַזש געדויערט ממש מינוטן. דאָס ערשטע וואָס איר באַמערקט איז, אַז אומעטום ווו עס איז מעגלעך איז די פּראָצעדור מעכאַניזירט און אויטאָמאַטיזירט, בכדי נישט צו פאַרלירן קיין איבעריקע צייט. אייער וואַליזע דאַרפט איר נישט שלעפּן און קיינער דאַרף זי נישט שלעפּן, ווייל ווי נאָר איר קומט צו צום פּלאַץ ווו דער באַאַמטער דאַרף רעווידירן אייער באַגאַזש, געפינט איר זי אויף אַ פון פריִער־באַשטימטן פּלאַץ, ווו זי איז געקומען אויף אַן אויטאָמאַטישן אופן אין אויף דעם זעלבן אויטאָ־מאַטישן אופן וועט זי צוקומען צום אָרט ווו מען דאַרף זי רעווידירן. און ווי נאָר דער באַאַמטער האָט זי איבערגעקוקט און איר האָט זי פאַרמאַכט, ווייסט איר נישט פון וואַנען עס וואַקסט באַלד אויס לעבן אייך אַ מענטש מיט אַ וועגעלע, וואָס איז גרייט צו פירן זי וווּהין מען דאַרף. בקיצור — ווי נאָר איר טרעט אַריבער די שוועל פון די פאַראייניקטע שטאַטן, דערפילט איר אַז דאָ באַניצט מען זיך מיט דער צייט ווי מיט אַ טייערער, ווערטפולער זאַך, וואָס רעגולירט ממש דאָס לעבן ווי אַ געזעץ.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז פאַראַן אַ זאַך וואָס מען רופט אין ענגליש „אַפּאָינטמענט". וואָס איז אַזוינס אַן „אַפּאָינטמענט"? זייער פּשוט: עס איז אַ מין רעגולאַטאָר פון צייט. „אַפּאָינטמענט" הייסט אויף מאַמע־לשון אַ באַ־שטעלונג. מאַכן אַן „אַפּאָינטמענט" הייסט זיך באַשטעלן מיט עמעצן אויף דער און דער שעה. אָן דעם גייט עס נישט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָרט איז נישט שייך אַז איר זאָל צו איינעם אַריינפאַלן ווי אַ יוון אין סוכה

און זאָגן אַז איר זייט דאָ. איר דאַרפט וועגן דעם מאַכן אַן „אַפּאָינטמענט" און אָפּט מאָל מיט אַ היפּשער צייט פריִער. ווען איר קומט קיין פאַראייניקטע שטאַטן און איר דאַרפט אין משך פון אייער באַזוך זיך באַגעגענען מיט אַ גרעסערער צאָל פּערזאָנען, שמועסן מיט זיי אָדער דערלייידיקן מיט זיי געוויסע ענינים וואָס דאַרפן צונעמען צייט, מוזט איר די „אַפּאָינטמענטן" האַלטן שטרענג אין אָרדענונג און קומען צו דער צייט, אויב איר ווילט נישט האָבן קיין אומאָנגענעמע איבערראַשונגען. אַ נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער וועט אייך מוחל זיין ווען איר וועט אים נישט געבוי אומקערן צו דער צייט אַ גמילת חסד; ער וועט אייך אָבער נישט מוחל זיין, ווען איר וועט נישט דערפילן געבוי אייער „אַפּאָינטמענט" מיט אים און אים צורויבן אומזיסט און אומנישט זיין טייערע צייט. איך פּערזענלעך, האָב ביי אַ באַרימטן ייִדישן פירער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, מיט וועלכן איך האָב זיך באַשטעלט מיט אַ פּאָר וואָכן פריִער צו האָבן אַן אינטערוויו אין אַ באַשטימטער שעה, געפּרוווט מיט אַ טאָג פאַר דעם געשפּרעך ענדערן די צייט פון דער באַגעג־געניש מיט איין שעה פריִער און — עס איז נישט געגאַנגען. ער האָט עס מיר דערקלערט זייער פּשוט: „איין מינוט נאָך דעם וואָס מיר וועלן פאַרענ־דיקן אונדזער געשפּרעך, וואַרט שוין אויף מיר אַן אַנדער „אַפּאָינטמענט", אַזוי אַז ביי מיין בעסטן ווילן קען איך אייך נישט נאָכגעבן אייער בקשה". איך האָב געמוזט קומען צו דער מינוט.

ווען מען זוכט דעם פּירוש אויף דער סופּער־אויטאָמאַטיזאַציע פונעם לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קען מען דערויף געפינען פאַרשידענע מאָטיוון, אָבער דער הויפּט־מאָטיוו, איז מסתמא דער דראַנג צו געווינען צייט. די אויטאָמאַטיזאַציע שפּאָרט איין צייט סיי דעם וואָס פאַרקויפט דאָס אַרטיקל און סיי דעם וואָס קויפט עס. די סיבה פון דער אויטאָמאַטיזאַציע קען אויך זיין פּרייז אָדער היגיענע, אָבער די הויפּט־סיבה איז זיכער די צייט. ווען מען זאָל צונויפרעכענען דעם סכום צייט וואָס מען געווינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן דורך דער מעכאַניזירטקייט פונעם לעבן, וואָלט זיך באַקומען אַ חשבון פון טויזנטער מיליאָנען דאָלאַרן וואָס ווערן איינגע־שפּאָרט. די „פאַרשווענדערישקייט" אויפן געביט פון צייט הייבט זיך אָן ביים נאָרד־אַמעריקאַנער נאָך פינף אַזייגער פאַרנאַכט ווען ער פאַרענדיקט

זיין אַרבעט און קערט זיך אום צו זיין פאַמיליע. אין משך פון דער איבערי־קער צייט איז די צייט ביי אים — „ראַציאָנאַליזירט“, אויסגערעכנט. אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איבערהויפּט אין די הויך־אַנטוויקלטע אינדוסטריאַליזירטע געגנטן און אין די שטעט, ווייסט מען נישט פון אַזאַ זאַך ווי הפסקה פון צוויי שעה אויף צו עסן מיטיק, ווי אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער. פון שלאָפן די „סיעסטאַ“, ווי ביי אונדז אין אַרגענטינע, איז אָפּגערעדט. דער נאָרד־אַמעריקאַנער נעמט זיך מיטיקצייט די גענויע צייט וואָס ער דאַרף האָבן אויף אָפּצועסן זיין לייכטן „לאַנטש“ און אין משך פון דער דאָזיקער צייט כאַפּט ער שוין אויך אַ קוק אין אַ צייטונג. די רעסטאָראַנען און קאַפּע־טעריעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אָדער זעלבסטבאַדינערישע אָדער אויטאָמאַטישע און דאָס פאַרשפּאָרט לאַנגע וואַרטענישן. אויך די באַדינונג וואָס איז אין די דאָזיקע איינריכטונגען אָפּהענגיק פון מענטשן ווערט גע־מאַכט שנעל, ממש אין געציילטע סעקונדן.

די פּראָבלעם פון צייט קומט באַזונדערס צום אויסדרוק אין דעם טראַנס־פּאָרט־וועזן פון ניו־יאָרק. דאָס פאָרן פון איין אָרט צום צווייטן אין דער דאָזיקער ריזיקער מעטראָפּאָליע פאַרשלינגט ביי איינעם די מערהייט פון דער צייט. די ניו־יאָרקער „סאָבוועיס“ (אונטערערדבאַנען) איבערהויפּט די עקספּרעס־צוגן, גייען זייער שנעל; דאָך מוזט איר פון ברוקלין קיין מאַנהעטן פאָרן אַ שעה צייט, און אויף צו פאָרן פון ברוקלין קיין בראָנקס אָדער קווינס, דאַרפט איר פּטרן אַ פּאָר שעה צייט. אַ ניו־יאָרקער אַרבעטער אָדער אָנגע־שטעלטער וואָס וווינט אין ברוקלין און אַרבעט אין מאַנהעטן אָדער אין בראָנקס, מוז אַ פערטל פון דער צייט וואָס ער איז וואַך, פּטרן אויף צו פאָרן. און דאָס טראַנספּאָרט־וועזן פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז ווי ווייט מעגלעך אויטאָמאַטיזירט. פון די אונטערערדבאַנען איז דאָך אָפּגערעדט אַז זיי זיינען מעכאַניזירט ביז צום עקסטרעם; אָבער אויך די טראַנספּאָרט־מיטלען אויף דער אויבערפלאַך זיינען ווי ווייט מעגלעך אויטאָמאַטיזירט. אין די אָמני־בוסן, זעט איר נישט, ווי ביי אונדז אָדער אין אייראָפּע, קיין קאָנדוקטאָרן (גוואַרדאַ, בלעז), וואָס זאָל פאַרקויפן בילעטן. נאָענט פונעם שאָפער וואָס טרייבט דעם אויטאָבוס, ביים סאַמע אַריינגאַנג, געפינט זיך אַזאַ אַפּאַראַט געמאַכט פון גלאָז און אַהין וואַרפט דער פּאַסאַזשיר אַריין די מטבע. דאָס איינ־

ציקע וואָס דער שאָפער דאַרף טאָן, איז אויסבייטן דעם פּאַסאַזשיר, אויב ער האָט נייטיק, אַ גרעסערע מטבע אויף קליינגעלט און ער מאַכט עס זייער שנעל, פלינק. אויך די צירקולאַציע פונעם איבערפלאַך־פּאַרקער איז רעגו־לירט מעכאַניש דורך אַן אולטראַ־מאָדערנער סיגנאַליזאַציע־סיסטעם, וואָס לאָזט נישט פאַרלירן קיין איין סעקונדע מערער ווי מען דאַרף. דאָס דורכ־פאָרן איז דאָ נישט אָפּהענגיק פונעם ווילן אָדער פון דער שטימונג פון אַ מענטשן, נאָר פון אַן אַפּאַראַט, וואָס מעסט די צייט מיט דער פּינקטלעכקייט פון אַ ברוכטייל פון אַ סעקונדע. עס קען דאָרט נישט זיין קיין רייד וועגן „דיסקוסיעס" צווישן די פּאַסאַזשירן מיטן קאָנדוקטאָר אָדער מיטן פּאָליציסט וואָס רעגולירט דעם טראַפיק, פשוט ווייל עס זיינען נישטאָ אַזעלכע. דער מענטש מוז רעגולירן זיין צייט אין הסכם מיט דעם מעכאַניזירטן ריטם פונעם לעבן.

דער איינגעזעסענער בירגער פון די פּאַראייניקטע שטאַטן שענקט נישט קיין אויפמערקזאַמקייט געוויסע דעטאַלן אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן וואָס זיינען אויסגערעכנט אויף איינצושפּאָרן צייט, אָבער דער צוגעפאָרענער באַ־מערקט עס באַלד. אין דעם צוג מיט וועלכן איך בין געפאָרן קיין וואַשינגטאָן, האָט דער קאָנדוקטאָר וואָס האָט רעווידירט די בילעטן, לעבן יעדן פּאַסאַ־זשיר אַריינגעשטעקט אין אַ ספּעציעלן פּלאַץ אַ צעטעלע וואָס ער האָט אָפּ־געריסן פון אַ ביכעלע. איך האָב לכתחילה נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט, אָבער שפּעטער האָב איך זיך געגעבן רעכענונג אַז דאָס איז אַ קאָנט־ראָל אַזאַ פאַר אַן אַנדער קאָנדוקטאָר וואָס איז שפּעטער דורכגעגאַנגען און האָט מער נישט געדאַרפט פאַרלירן קיין צייט און באַלעסטיקן די פּאַסאַזשירן. דאָס איבערגעלאָזטע צעטעלע האָט אים שוין אינפאָרמירט וועגן דעם קאָנט־ראָל. דאָרט ווו עס איז נישט מעגלעך קיין אויטאָמאַטיזאַציע אָדער מעכאַני־זאַציע, איז די סיסטעם איינגעאָרדנט אַזוי, אַז מען זאָל פאַרלירן וואָס וויני־קער צייט, ווייל... צייט איז געלט. איך פאַרשפּאָר אייך צו דערציילן ווידער־אַמאָל אַז די באַנען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן גייען אָפּ און קומען אָן ממש צו דער סעקונדע. די פאַרשפּעטיקונג פון אַ באַן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן קען נאָר געמאָלט זיין אין פאַל פון אַן אַקצידענט אָדער אַן אַנדער סיבה פון „פּוערסאַ מאַזשאָר", ווי מען זאָגט אין שפּאַניש. אין נאָרמאַלע

אומשטענדן, איז די פּינקטלעכקייט פון דער צייט נישט וויכטיקער ווי דער פּערפעקטער צושטאַנד פון דעם לאָקאָמאָטיוו אָדער די היגיענע פּונעם וואַגאָן. צייט איז אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אַ ווערטזאַך און ווערטזאַכן זיינען נישט הפקר.

אַ בירגער פון אַ לאַטייַן־אַמעריקאַנער לאַנד ווען ער קומט קיין פּאַראייניקטע שטאַטן מוז ער ממש דורכמאַכן אַ מין „אַקלימאַטיזאַציע" אויפן געביט פון צייט. דער לעבנס־ריטם אין די לאַטייַן־אַמעריקאַנער לענדער איז בדרך־כלל אַ שלאַבערדיקער, אַ פּאַמעלעכער און וויקלט זיך אויס אונטער דעם באַרימטן סלאָגאַן פון „מאַניאַנאַ", מאָרגן הייסט עס, וועל איך טאָן דאָס וואָס איך דאַרף טאָן היינט. אין די פּאַראייניקטע שטאַטן טרעפט זיך אַזאַ איינער אָן אויף אַ דיסציפּלין, וועלכע איז אים פריער געווען אומבאַקאַנט — די צייט־דיסציפּלין. מיר איז אָפט מאָל איינגעפאַלן צו טראַכטן אַז איינע פון די סיבות פאַר וואָס די לאַטייַן־אַמעריקאַנער האַלטן נישט שטאַרק פון די „יענקיס", איז אָט דער אונטערשיד אין דער אָפּשאַצונג פון צייט. ווי קען זיך אַ פלעגמאַטישער צענטראַל־אַמעריקאַנער בירגער, וואָס באַוועגט זיך לאַנגזאַם אין דעם טראָפּיקאַלן אָדער סובטראָפּיקאַלן קלימאַט פון זיין לאַנד, צופּאַסן צו דעם לעבנס־ריטם פון דעם פּראַקטישן נאָרד־אַמעריקאַנער, פאַר וועמען צייט איז דער כינאָנים פון געלט? אין זיינע אונטערנעמונגען אין לאַטייַן־אַמעריקע באַמיט זיך דער נאָרד־אַמעריקאַנער איינצופירן דעם זעלבן ריטם וואָס ביי זיך אין לאַנד. אויך דאָ וויל ער נישט פאַרלירן אומזיסט קיין צייט און דאָס איז פולשטענדיק קעגן דעם כאַראַקטער, קעגן דעם טעמפּעראַמענט און קעגן די געוווינהייט פון דעם דורכשניטלעכן לאַטייַן־אַמעריקאַנער, וואָס פילט זיך געטראָפן פון דער פּראַקטישקייט פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער אונטערנעמער. אויב אַ סך לאַטייַן־אַמעריקאַנער באַטראַכטן די דאָזיקע פּראַקטישקייט פון די נאָרד־אַמעריקאַנער אין לאַטייַן־אַמעריקע אַלס „יענקישן אימפּעריאַליזם", וועלן זיי דעם דאָזיקן „אימפּעריאַליזם" אָנטרעפן אויף טריט און שריט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן גופא. די נאָרד־אַמעריקאַנער דיקטירן דיסציפּלין קודם־כל זיך אַליין און דאָס קענט איר באַמערקן אומעטום, איבערהויפּט אויפן געביט פון שאַנעווען די צייט.

אויך אונדזערע היגע כלל־טוערס וואָלטן געקענט נעמען אַ לעקציע

פון שאַנעווען צייט אין דער ייִדישער נאָרד־אַמעריקע. אויף אַ געזעלשאַפט־לעכער מסיבה אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, וועט איר נישט נאָר נישט הערן אַזוי פיל רעדעס און „באַגריסונגען" ווי איר הערט ביי אונדז, נאָר די ווייניקע וואָס איר וועט הערן, זיינען קורץ און זאַכלעך. מיר איז אויסגעקומען בייצוזיין אויף עטלעכע פאַרזאַמלונגען, איינע פון זיי אַ צוזאַמענפאָר, אָדער אַ „קאָנ־ווענשאָן", ווי עס זאָגן די נאָרד־אַמעריקאַנער, פון אַ וויכטיקער ייִדישער אָרגאַניזאַציע, דער „אַמעריקאַנער ייִדישער קאָמיטעט", און איך האָב באַ־וווּנדערט זייער פּראַקטישקייט און זאַכלעכקייט. מען האָט נישט גערעדט מער וויפל מען האָט געדאַרפט און דאָס וואָס מען האָט גערעדט, איז געווען צו דער זאַך, קאָנצענטרירט און ערנסט. אויך דער סדר פון די פאַרשידענע זיצונגען איז געווען אויסגעשטעלט אַזוי, אַז מען זאָל נישט פאַרלירן קיין איבעריקע צייט. אַלץ איז געווען באַשטימט אויף אַ גענויער שעה און עס האָט נישט געקענט זיין קיין רייד פון אָפּלייגן, אויב מען האָט נישט געוואָלט שטערן דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דעם צוזאַמענפאָר. אויך די צוגרייטונג צו דער דאָזיקער אַסיפה איז געווען אַזוי פּערפעקט, אַז עס האָט ממש גע־קלאַפּט ווי אַ זייגער.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז איינגעפירט אַז רעדנערס לייענען זייערע רעדעס פון אַ געשריבענעם טעקסט. פונעם שטאַנדפּונקט פון אָראַטאָ־רישן עפעקט איז דאָס אַ חסרון, אָבער פונעם צייט־שטאַנדפּונקט איז דאָס אַ מעלה. אַ רעדנער וואָס אימפּראָוויזירט, קען זיך פאַרגאַלאָפּירן און נישט וויסן ווען אויפצוהערן; אַ געשריבענע רעדע איז אויסגערעכנט אויף כך וכך צייט. און אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט מען געווינלעך פיינט לאַנגע דרשות. אַ רעדע וואָס געדויערט מער ווי אַ שעה צייט, ווערט שוין דאָרט באַטראַכט פאַר צו לאַנג. אין דורכשניט, רעדט דאָרט אַ רעדנער פון אַ האַל־בער שעה ביז דרייפערטל. ווען מען האָט ביי מיר באַשטעלט אַן עפנטלעכן אויפטריט, האָט מען מיר אויף אַן איידעלן אופן געגעבן אָנצוהערן אַז איך זאָל זיין קורץ און דאָס איז מיר גראַדע שטאַרק געפעלן געוואָרן, ווייל בטבע האָב איך פיינט צו ריידן לאַנג. מיין דעוויז איז שטענדיק געווען אַז אויב איינער קען נישט אַרויסזאָגן זיינע געדאַנקען אויף אַ קורצן און קלאָרן אופן און ער „פאַרפוצט" זיי מיט לאַנגע אומוועגן, איז אַ סימן אַז, אָדער ער קען

נישט אַנדערש אָדער ער האָט נישט וואָס צו זאָגן. עס איז מיר דעריבער שטאַרק געפעלן געוואָרן דער מינהג פון ריידן קורץ אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, דורך וועלכן, סיי מען שפּאָרט איין צייט און סיי מען נודיעט נישט צופיל...

די גרויסע שפע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, סיי אין אינדוסטריעלן און סיי אין לאַנדווירטשאַפטלעכן זין, איז דער ווונדער פון אונדזער יאָר־הונדערט. אין אַ צייט ווען ריזן־מלוכות, ווי סאָוועטן־רוסלאַנד און כינע, וואָס פירן דורך גרויסע סאָציאַלע עקספּערימענטן, הערן נישט אויף צו באַקלאָגן זיך אויף קליינער פּראָדוקציע, אויף מאַנגל אין שפּייז און אויף היגטערשטעטיקייט אין דער אינדוסטריע, געניסן די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַן אויסערגעוויינלעכער אינדוסטריעלער און לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע. דאָס איז דערפאַר, ווייל אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט מען דעם פאַקטאָר צייט „אָנגעכאַפּט ביי די הערנער" דורך אַ גוטער אויטאָמאַטיזאַציע און מעכאַניזאַציע, וואָס קלאַפּט ווי אַ זייגער. פון דער אינדוסטריע איז דאָך אָפּגערעדט אַז זי איז אין נאָרד־אַמעריקע סופּער־מעכאַניזירט און אויטאָמאַטיזירט. אָבער אויך די לאַנדווירטשאַפט איז אין דעם דאָזיקן גרויסן לאַנד פולשטענדיק מעכאַניזירט און דערמיט איז געוווּנען געוואָרן איינע פון די שלאַכטן וואָס דער מענטש פירט פון פאַרצייטן אָן אויפן וועג פון זיין אויפשטייג: דאָס געיעג קעגן דער צייט.

צי דער דאָזיקער זיג איבער דער צייט איז פאַרן מענטש גוט אָדער שלעכט, נעם איך מיך נישט אונטער צו זאָגן. איך בין אויך נישט זיכער צי די צייט וואָס דער מענטש שפּאָרט איין דורך זיינע מעכאַנישע אַפּאַראַטן מאַכט אים גליקלעכער. איין זאַך איז אָבער זיכער: אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז צייט נישט קיין הפקר־זאַך, נאָר אַ ווערטזאַך, אַ שווה־כסף.

# די נאָרד־אַמעריקע פרוי

איינער פון די מערקווירדיקסטע אַספּעקטן פון דעם נאָרד־אַמעריקאַ־נער לעבן איז די ראָלע וואָס עס שפּילט דאָרט די פרוי. שוין קוואַנטיטאַטיוו איז די דאָזיקע ראָלע אַן אויסערגעוויינלעך־וויכטיקע, ווייל די פרויען באַ־טרעפן אין די פאַראייניקטע שטאַטן מער ווי אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. מען דאַרף נישט אָנקומען דווקא צו סטאַטיסטיק אויף פעסט־צושטעלן אויפן ערשטן בליק, אַז דער שיינער מין באַטייליקט זיך אַקטיוו אויף אַלע געביטן פונעם לעבן און אַז אין אייניקע געביטן איז די פרוי אין דער ערשטער ליניע, לויט איר טעטיקייט און ווירקונג. די עמאַנציפּאַציע פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער פרוי, וואָס איז פּערפעקט, לויט די רעכט וואָס זי האָט אויף צו קלייבן און אויסגעקליבן צו ווערן אויף די העכסטע אַמטן פונעם לאַנד, לייגט אויף איר אַרויף נישט ווייניקער פליכטן, ווי די רעכט וואָס זי גיט איר. מיר וועלן דאָס ווייטער פּרווון באַווייזן מיט ציפערן, אָבער מען דאַרף נישט, ווי שוין געזאָגט, אָנצוקומען צו סטאַטיסטיק אויף צו וויסן, ווייל עס איז אַ דערשיינונג וואָס מערקט זיך פון אויבנאויף, אויף טריט און שריט.

די וואָס זעען די נאָרד־אַמעריקאַנער פרוי דורך דער פּריזמע פון די האָליוואָודער פילמען, האָבן אַ פולשטענדיק פאַלשע פאָרשטעלונג וועגן דער ראָלע וואָס זי שפּילט אין לעבן. קוקנדיק אויף די אָפּגעקליבענע עקזעמ־פּלאַרן פון די אַקטריסעס מיט זייער זאָרגלאָזן און לייכטזיניקן אופן פון פאָרשטעלן דאָס לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קען מען מיינען, אַז דאָס איז דער מוסטער פון דעם ווי עס זעט אויס און עס לעבט די נאָרד־

אַמעריקאַנער פרוי; אַז זי האָט נישט קיין אַנדערע זאָרג ווי פירן לינקע ליבעס אָדער זיך גטן מיטן מאַן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק. די ווירקלעכ־קייט איז גאָר אַן אַנדערע און מען באַמערקט זי אויפן ערשטן בליק, ווי נאָר מען קומט אין קאָנטאַקט מיט די לעבנס־אומשטענדן און פּראָבלעמען פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָ דערשיינט די פרוי פאַר אייך אַן ערנסטע, אַ פּראַק־טישע און אַ באַוווסטזיניקע וועגן דער ראָלע וואָס זי האָט אויסצופירן. זי שפילט איר ראָלע אַקטיוו און פאַראַנטוואָרטלעך, אַלס די פרוי פון איר מאַן, אַלס די מוטער פון אירע קינדער, אַלס די באַלעבאָסטע פון איר היים, ביי דער אַרבעט, אַלס אָנגעשטעלטע אָדער אַלס אַ הויכע באַאַמטן,, טעכניקערן אָדער וויסנשאַפטלערן. זי פאַרלירט נישט דערביי איר פרויִישן חן און די ספּעציפישע אייגנשאַפטן פונעם שיינעם מין און זי טראָגט איר גורל מיט אַ מערקווירדיקן שטאָלץ פון אַ גלייכבאַרעכטיקטן מענטשן, וואָס באַצאָלט פאַר זיינע רעכט מיטן דערפילן די פליכטן לגבי זיך און לגבי דער גע־זעלשאַפט.

קודם־כל עטלעכע ציפערן וועגן דער גלייכבאַרעכטיקונג פון דער פרוי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַז די פרוי האָט פולע שטימרעכט, איז איי־בעריק צו זאָגן. וואָס מען דאַרף אָנווייזן איז אויף די רעכט, וואָס די פרוי האָט אויסגעוויילט צו ווערן אויף הויכע פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן, וואָס מען האָט אַמאָל געגלייבט, אַז נאָר דער מענערישער מין איז ראוי צו זיי און אַז נאָר ער איז פעיִק זיי אויסצופירן. אין דעם זין וועט זיין אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן 62 פרויען פאַרנומען, פון 1916 ביז 1958, בענק אין דעם פעדעראַלן קאָנגרעס אַלס דעפּוטאַטקעס. אין משך פון דער דאָזיקער צייט זיינען צוויי פרויען געווען גובערנאַטאָר־קעס פון שטאַטן און צוויי האָבן פאַרנומען אַמטן פון מיניסטאָרן. אין משך פון דער זעלבער צייט זיינען 298 פרויען אויסגעקליבן געוואָרן אין די שטאַט־לעגיסלאַטורן און אַ סך פרויען האָבן פאַרנומען הויכע רעגירונגס־אַמטן. אין דער צייט פון דער דאָזיקער סטאַטיסטיק (1958) זיינען איבער אַ מיליאָן פרויען געווען רעגיסטרירט אין די נאָרד־אַמעריקאַנער אוניווער־סיטעטן און אַנדערע הויכשולן. 36 פּראָצענט פון אַלע גראַדויִרטע אין די הויכשולן פונעם לאַנד, זיינען אין דעם פעריאָד געווען פרויען און די פרויען

פאַרנעמען אַ זייער הויכן פּראָצענט אין אַלערליי פרייע פּראָפעסיעס, ווי מעדיצין, אַדוואָקאַטור, כעמיע, לערערנס, „סאָשעל וואָרקערס״, קראַנקנשוועסטערס און אַנדערע פרייע פאַכן. די פרוי פאַרנעמט אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ פּראָמינענט פלאַץ אין דער דיפּלאָמאַטיע, אין דער זשורנאַליסטיק און אַנדערע אינטעלעקועלע טעטיקייטן.

פון די עטלעכע ציפערן איז נישט שווער צו זען, אַז די פרוי איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן פולבאַרעכטיקט און דאָס באַשטימען זי אויף דעם אָדער יענעם הויכן אַמט איז נאָר אָפּהענגיק פון איר פערזענלעכער געלערנטקייט און פעיִקייט אים אויסצופירן. זי באַרעכטיקט אָבער דעם דאָזיקן סטאַטוס אירן מיט די פליכטן וואָס זי טראָגט אויס. אייניקע ציפערן וואָס מיר וועלן ברענגען, וועלן דאָס קלאָר באַווייזן. נאָרד־אַמעריקע איז דאָס רייכסטע לאַנד אויף דער וועלט און פון דעסט וועגן ווייסט מען דאָרט נישט וואָס עס הייסט האַלטן אַ דינסט פאַר שטוב־אַרבעט. אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען פאַראַן איבער 48.785.000 היימען און פון זיי האָבן בלויז צוויי מיליאָן דינסטן פאַר שטוב־אַרבעט. אַ סך נאָרד־אַמעריקאַנער פרויען זיינען אין דער זעלבער צייט שטוב־באַלעבאָסטעס און אַרבעטערנס אָדער אָנגעשטעלטע. זעכציק פּראָצענט פון די פרויען וואָס אַרבעטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אויף וועלכן עס איז פּאָסטן, זיינען חתונה־געהאַטע. קנאַפּע צוויי און צוואָנציק מיליאָן פרויען אַרבעטן אויסער דער היים און דאָס מאַכט אויס צוויי און דרייסיק פּראָצענט פון אַלע באַשעפטיקטע פערזאָנען. וואָס שייך די פאַכן אָדער פּראָפעסיעס, אין וועלכע די נאָרד־אַמעריקאַנער פרוי אַרבעט, איז זי כמעט אומעטום פאַרטראָטן. אַרום זעקס מיליאָן פרויען אַרבעטן אַלס ביוראָליסטקעס. פיר מיט אַ האַלב מיליאָן פרויען אַרבעטן אין פאַבריקן. איבער צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן זיינען אָנגעשטעלט אין מלוכה־אַמטן. קנאַפּע צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן זיינען פּראָפעסיאָנאַלן און האַלב־פּראָפעסיאָנאַלן. איבער אַ האַלב מיליאָן זיינען אָנגעשטעלט אַלס פאַרקויפערנס אין געשעפטן און אַ קנאַפּער מיליאָן פרויען פאַרנעמען הויכע אַמטע פון פאַרוואַלטערנס (כערענטעס), דירעקטאָרן, לייטנדיקע באַאַמטע און אייגנטימערנס פון אייגענע געשעפטן.

די דאָזיקע ציפערן וואָס מיר האָבן געבראַכט זיינען פון אַ העכסט־

באַגלייבטער קוועלע און זיי גיבן אונדז אַ גוטע פאָרשטעלונג וועגן דער וויכטיקער און פונדאַמענטאַלער ראָלע וואָס די פרוי שפּילט אין דעם לעבן פון די פּאַראײניקטע שטאַטן. אַגב, ווילן מיר דאָ באַמערקן, אַז מיר האָבן די פרוי געזען פּראָמינענט פאַרטראָטן אויך אין די ייִדישע אינסטיטוציעס. כמעט אין אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס איז דער פּראָצענטזאַץ פון פרויען־אָנגעשטעלטע אַ גאַנץ באַדייטנדיקער. מיר האָבן די ייִדישע פרוי געזען ביי דער אַרבעט אין קולטור־קאָנגרעס, אין אַרבעטער־רינג, אין אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט, אין אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, אין ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, אין נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און אַפילו אין אַ ישיבה האָב איך געזען אַ פרוי אַלס די לייטערן פון דער ביורא. אָפּגערעדט ,אַז די ייִדישע פרוי באַטייליקט זיך, פּונקט ווי די אַלגעמיינע אַמעריקאַנער פרוי, אין די אַלע טעטיקייטן, וועלכע מיר האָבן אויבן אויסגערעכנט. אין די פּאַראײניקטע שטאַטן איז די אַרבעט דערפירט געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ קולט און דער וואָס אַרבעט נישט פילט זיך אומבאַקוועם און איבעריק. אַפילו די מושב־זקנימס פונקציאָנירן אין דעם דאָזיקן לאַנד אויף דער באַזע פון פּערזענלעכער אַרבעט און איניציאַטיווע. די אַמעריקאַנער פרוי באַטייליקט זיך אין דעם אַלעמען ווי אַ מיטגליד מיט גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן. פון דעם, ביז זען די נאָרד־אַמעריקאַנער פרוי דורך דער פּריזמע פון די האָ־ליוווּדער אַקטריסעס און פילמען איז אַן אונטערשיד ווי פון טאָג צו נאַכט.

איז די נאָרד־אַמעריקאַנער פרוי אַ שיינע? האָט זי וועלכן עס איז באַ־זונדערן שטריך וואָס קען זי אויסטיילן פון די פרויען פון אַנדערע לענדער? געבן אויף דעם אַ דעפיניטיוון ענטפער איז אוממעגלעך, באַזונדערס טאַקע צוליב די ספּעציפישע עטנישע אומשטענדן פון די פּאַראײניקטע שטאַטן. די פרוי איז אין די פּאַראײניקטע שטאַטן נישט קיין איינהייטלעכער טיפּ מיט אויסגעשפּראָכענע שטריכן, ווי מען קען זען אין אַנדערע לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע, אַזיע אָדער נאָרדישע לענדער. עס איז אַ געמיש פון פאַר־שידענע קאָלירן און פיזיאָנאָמיעס. אויף די גאַסן און אין „סאָבוועי" אָדער אָמניבוס זעט מען טויזנטער פרויען, אָבער לויט זייערע פיזיאָנאָמיעס וואָלט מען נישט געקענט זאָגן, אַז די אָדער יענע איז דער פּראָטאָטיפּ פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער פרוי. לויט זייער אָנטאָן זיך, זיינען די נאָרד־אַמעריקאַ־

נער פרויען נישט קיין קאָקעטקעס. זיי גייען אָנגעטאָן גוט, אָבער נישט מיט קיין איבערגעטריבענעם לוקסוס. די נאָרד־אַמעריקאַנער בכלל האָבן אַ נייגונג צו שרייַיקע קאָלירן און די פרויען זיינען אין דעם זין נישט קיין אויסנאַם. ביי די נאָרד־אַמעריקאַנער פרויען איז נישטאָ דער באַקאַנטער קולט פאַר מאָדיסטקעס, ווייל אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז דאָס געבן זיך נייען ספּעציעל קליידער אַ לוקסוס סיי פאַר מענער און סיי פאַר פרויען און די אינדוסטריע פון פאַרטיקע פרויען־קליידער איז איינע פון די רייכסטע און אַנטוויקלטסטע. במילא איז דאָס קליידן זיך אַן ענין פון סטאַנדאַרט. איך האָב אין ניו־יאָרק באַזוכט איינע פון די גרויסע „סטאָרס" (קראָמען, טיענדאַס) פון פרויען־קליידער אויף דער 32סטער גאַס אין דער באַגלייטונג פון מיינער אַ קרובה און האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זען פון דער נאָענט דעם פאַרנעם פון דעם דאָזיקן מין מסחר. אין דער דאָזיקער קראָם, וואָס איז ריזיק גרויס, זיינען אין דעם מאָמענט געווען בוכשטעבלעך טויזנטער פרויען וואָס זיינען געקומען קויפן „מציאות". ביי דער געלעגנהייט איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די אָנגעשטעלטע פון דער דאָזיקער קלייט זיינען אין זייער גרעסטער מערהייט מיטליעריקע פרויען און אַפילו העכער פון מיטעלן עלטער. להיפּוך צו דעם וואָס עס קומט פאָר ביי אונדז, ווו די מערהייט פאַרקויפערנס אין די געשעפטן זיינען יונגע מיידלעך, זיינען די פאַרקויפערנס אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין זייער גרעסטער מערהייט פרויען אין די יאָרן, ס׳רוב מאָל איבער די פופציק.

און אַז עס איז שוין צו רייד געקומען וועגן דעם עלטער פון די פרויען, וועט זיין אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן זעט מען אַן אומגעווײנלעך גרויסן פּראָצענט עלטערע פרויען. וויפל מאָל איך בין געפאָרן אין „סאָבוועי" אָדער אין אָמניבוס, האָב איך זיך צוגעקוקט צו דעם דאָזיקן פענאָמען. פאַרשטייט זיך, אַז דער גרעסטער טייל פון די דאָזיקע עלטערע פרויען מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונג אויסצוזען יינגער, באַנוצנדיק דערצו אַלערליי קאָסמעטיקס און פאַרבן, אָבער פון אונטער די פאַרבן קוקט פון זייערע פנימער אַרויס אַ מידקייט און נאַכלעסיקייט, וואָס דערציילט אַז זיי זיינען שוין ווייט פון יענעם עלטער, ווען מען קען באַצוויבערן אַ מאַן. דאָס יאָ, די מערהייט פון די דאָזיקע פרויען האָבן אידעלע

פיגורן, וואָס העלפט זיי היפּש אויף צו דעסימולירן זייער אמתן עלטער. מען דאַרף אויך צוגעבן אַז אין די פּאַראייניקטע שטאַטן זעט מען בכלל אַ סך וויניקער דיקע פרויען ווי מען זעט עס ביי אונדז. דאָס נעמט זיך מסתמא דערפון וואָס דער שפּייז־רעזשים איז אין אַלגעמיין אַנדערש און פון דעם וואָס די נאָרד־אַמעריקאַנער פרוי אַרבעט אַ סך און איז בדרך כלל באַוועג־לעך. מיין איינדרוק איז, אַז אויב עס איז ביי די נאָרד־אַמעריקאַנער פרויען יאָ פאַראַן אַ נייגונג צו קאָקעטעריי — וואָס איז אַ נאַטירלעכער שטריך ביי פרויען פון דער קינדהייט אָן — קומט עס דווקא צום אויסדרוק מער ביי די דאָזיקע עלטערע פרויען וואָס ווילן אויסזען יינגער, ווי ביי די יונגע. אָפּט מאָל, וועט איר אַזעלכע עלטערע פרויען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן זען אָנגעטאָן אין אַזעלכע ראַשיקע קאָלירן, אָדער אין אַזעלכע מאָדעלן קליי־דער און הוטן, וואָס פּאַסן זיך בשום אופן נישט פאַר זייער עלטער און דאָס מאַכט זיי היפּש אומנאַטירלעך און אַפילו קאָמיש. און צווישן דער מאַסע עלטערע פרויען, וואָס מען באַגעגנט אין ניו־יאָרק, זעען זיי זיך גאַנץ שטאַרק אָן, די וואָס ווילן אויסזען יינגער.

דאָס איז אָבער נישט מער ווי אַ דעטאַל. אין אַלגעמיין־גענומען, איז די ראָלע פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער פרוי אַזעלכע, אַז זי רופט צו זיך אַרויס רעספּעקט און באַוואונדערונג. אַזוי ווי זי שטעלט מיט זיך פאָר איבער אַ העלפט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פונעם לאַנד, איז נישט מער ווי רעכט צו מאַכן דעם אויספיר, אַז זי האָט אַ גרויסן, גאָר אַ גרויסן חלק אין דער אַנטוויקלונג און אין דעם וווילשטאַנד פון דעם מעכטיקן לאַנד. מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז די נאָרד־אַמעריקאַנער פרוי האָט אַ לעבע־דיקן חוש פאַר דער געזעלשאַפט און עס זיינען אין דעם דאָזיקן לאַנד פאַראַן גרויסע פרויען־אָרגאַניזאַציעס, פון וווילטעטיקן און קולטור־כאַראַקטער. אויפן יידישן שטח זיינען מוסטערן פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס די „הדסה" און אַנדערע וויכטיקע יידישע פרויען־אָרגאַניזאַציעס, וואָס אַרבעטן פאַר דעם אָרטיקן לעבן און פאַר ענינים פון כלל־ישראל און מדינת ישראל. אויפן אַלגעמיינעם שטח, זיינען די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַציעס, וואָס נעמען אַרום הונדערטער טויזנטער מיטגלידער, דער נאַציאָנאַלער פרויען־ראַט, די אַל־געמיינע פעדעראַציע פון פרויען־קלובן פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, דער

אַמעריקאַנער פאַרבאַנד פון פרויען אוניווערסיטאַריערנס, די סופראַזשיסטן־ליגע, דער פאַרבאַנד פון קריסטלעכע פרויען, אויף אָנצורופן בלויז אַ קליינעם טייל וויכטיקע פרויען־אָרגאַניזאַציעס. מען דאַרף אויך נישט פאַר־געסן די ראָל, וואָס די אַמעריקאַנער פרוי שפּילט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אין דער ליטעראַטור און קונסט און אַנדערע טעטיקייטן, וואָס גיבן דער פרוי מעגלעכקייטן צו ווייזן אַז זי איז ראוי די גלייכע רעכט, פון וועלכע זי געניסט אין דער נאָרד־אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע.

# דער נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער באַצאָלט

פּאַראייניקטע שטאַטן איז אַ לאַנד מיט געוואַלטיק גרויסע הוצאות. עס רעדט זיך דאָ נישט בלויז פון דעם געוויינלעכן מלוכה־ביודזשעט, ווי עס האָט יעדעס לאַנד, וואָס מוז אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, צוליב דעם הויכן לעבנסניוואָ פון דער באַפעלקערונג און דעם פאַרנעם פון דער ריזיקער מלוכה־אַדמיניסטראַציע, זיין אַ גענוג הויכער. דאָ האַנדלט זיך וועגן די ספּעציעלע הוצאות, וואָס דאָס דאָזיקע גרויסע לאַנד האָט אַלס וויכטיקע וועלט־מאַכט, וואָס איר געוויכט איז אַנטשיידנדיק אויף דער וואָגשאָל פון די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרהעלטענישן. אויף צו האָבן אַ ריכטיקן באַגריף וועגן דעם פאַרנעם פון די ספּעציעלע הוצאות פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וועט זיין גענוג צו דערמאָנען, אַז פונעם ביודזשעט פון דריי און אַכציק טויזנט מיליאָן דאָלאַר וואָס דער געוועזענער פּרעזידענט אייזענהאַוער האָט צוגעשטעלט דעם קאָנגרעס אין די לעצטע טעג פון זיין קאַדענץ, גייט זעקס צענטל פון יעדן דאָלאַר פאַר די הוצאות פון לאַנדשוץ, מיט דער פאָרויסיקער באַוואָרעניש, אַז מען וועט אפשר דאַרפן פאָדערן נאָך. די דאָזיקע באַוואָרעניש האָט זיך געשטיצט אויף סאָלידע מאָטיוון, ווייל דער נייער פּרעזידענט קענעדי, האָט אין זיין מעסעדזש צום קאָנגרעס שוין געפאָדערט מער פאָנדן. די טאָג־טעגלעכע אַוואַנסן אויפן געביט פון מאָדערנע וואָפן און באַזונדערס דער פאַרמעסט צו געווינען דעם פאָרצוג אין די פאָרשונגען פונעם רוים, זיינען פאַרבונדן מיט גוואַלדיק־גרויסע הוצאות, וואָס גרייכן אָפּטמאָל ממש צו אַסטראָנאָמישע ציפערן. דערצו, דאַרף מען נישט פאַרגעסן אַז די פּאַראייניקטע שטאַטן זיינען דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער בעל־צדקה, וועל־

כער העלפט אַנדערע לענדער מיט ריזיקע געלט־סומעס און שטיצט די נויטבאַדערפטיקע און ווייניק־אַנטוויקלטע לענדער מיט פּראָדוקטן, קרעדיטן, טעכנישע און וויסנשאַפטלעכע אַסיסטענץ. כאָטש דאָס לאַנד האָט געוויג אייגענע שווערע פּראָבלעמען צו לייזן, צווישן זיי די כראָנישע אַרבעטסלאָזיקייט, איז פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך אַז מען דאַרף העלפן און שטיצן אַנדערע, ווייניקער געבענטשטע מיט רייכקייט און שפע. עס איז מערקווירדיק, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן באַקומען אָפט מאָל אָפּגעצאָלט מיט שטיינער פאַר דער דאָזיקער ברייטהאַרציקער הילף, אָבער דאָס ענדערט נישט די איינגעשטעלטע טראַדיציע פון דעם דאָזיקן לאַנד צו העלפן אַנדערע.

ווען מען קוקט זיך צו צו אָט דעם אַספּעקט פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער לעבן, דאָס הייסט צו די ריזיקע הוצאות וואָס די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן און וואָס אין אַ סך פאַלן נעמען זיי די דאָזיקע לאַסט אויף זיך פרייוויליק, מוז זיך שטעלן די לאָגישע פראַגע: פונוואַנען קומען די דאָזיקע פאָנדן? ווו נעמט די מלוכה די דאָזיקע ריזיקע געלט־סכומים אויף צו דעקן, סיי די הוצאות פון דער געוויינלעכער אַדמיניסטראַציע, פון דער דערציִונג, פון פאָלקסגעזונט און אַנדערע געוויינלעכע הצטרכותן פון דעם דאָזיקן לאַנד מיט אַזאַ הויכן לעבנסניוואָ; סיי די פון לאַנדשוץ און די קאָסטבאַרע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, ווי די אַטאָמישע עקספּערימענטן, די ראַקעטן, די קאָסמישע פליִיִגן און דערצו נאָך צו באַזאָרגן אַנדערע פעלקער מיט שטיצע און הילף? די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען טאַקע אַ לאַנד מיט אויסערגעוויינלעך גרויסע נאַטירלעכע רייכטימער, מיט אַ ריזיקער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע און מיט אַן אינדוסטריע פון העכסטער קאַטעגאָריע, אָבער אַ קוואַל — זאָגט מען — שעפּט זיך אויך אויס.

דער ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע איז אַ קורצער און אַ פּשוטער: דער נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער באַצאָלט. ער איז דער וואָס דעקט די אַלע הוצאות דורך אַ סיסטעם פון דירעקטע און אומדירעקטע שטייערן. די שטייערן אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אַזוי הויך און פאַרפליכטנדיק, אַז מיר, וואָס צאָלן יאַקאָס אויך גרויסע שטייערן, קענען עס כמעט נישט באַגרייפן. עס איז כמעט נישטאָ קיין איין געביט אין דעם טאָג־טעגלעכן

לעבן, ווי דער פשוטער בירגער זאָל נישט צאָלן קיין שטייערן, אָנהייבנדיק פון דעם אַזוי גערופענעם „אינקאָם־טעקס״ (איינקונפט־שטייער), ביז צו די שטייערן אויף יעדער פּראָדוקט אָדער אַרטיקל וואָס מען קויפט, אויף קינאָ־ און טעאַטער־בילעטן און אַפילו אויף אַ באַן־בילעט. יאָ, אין די פאַר־איייניקטע שטאַטן באַצאָלט מען אַ שטייער פאַר פאָרן אין דער באַן, אין דעם מאָמענט ווען מען קויפט דעם בילעט, אויף וועלכן עס געפינט זיך די ציפער פון דעם פרייז און פון דעם באַצאָלטן שטייער. די סומע וואָס איינער קען פאַרדינען אַלס לוין־אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטער, אָן דעם צו דאַרפן צאָלן איינקונפט־שטייערן, איז רעלאַטיוו אַ קליינע. אויף צו האָבן אַ באַגריף וועגן דער הויכקייט פון די שטייערן וואָס דער נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער דאַרף איינצאָלן אויף די איינקונפטן, נאָך דער אומבאַשטייערבאַרער סומע, וועט זיין גענוג צו ברענגען אַ פּאָר ציפערן. פון יעדע צוויי טויזנט דאָלאַר וואָס מען פאַרדינט אַ יאָר איבער דער סומע פאַר וועלכער מען דאַרף נישט צאָלן קיין שטייערן, דאַרף מען דער מלוכה אַוועקגעבן צוואַנציק פּראָצענט. אָט אַזוי גייען די אָפּצאָל־שטייערן העכער און העכער אין הסכם מיט דער גרויס פון דער סומע וואָס מען פאַרדינט און נאָך צוויי הונדערט טויזנט דאָלאַר, דאַרף מען דער מלוכה אַוועקגעבן גאַנצע איין און ניינציק פּראָצענט פון די רווחים.

מענטשן וואָס זיינען באַהאַוונט אין דעם ענין שטייערן, האָבן מיר עס געגעבן צו פאַרשטיין אויף אַ זייער פשוטן אופן און אין „גלייכע ציפערן״. דער וואָס פאַרדינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן הונדערט טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, למשל, בלייבט אין גאַנצן ביי צוועלף טויזנט דאָלאַר. דאָס איבעריקע גייט אַוועק פאַר דעם מלוכה־אוצר אין דער פאָרעם פון דירעקטע און אומ־דירעקטע שטייערן. דער וואָס פאַרדינט אַ מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר, בלייבט אין גאַנצן ביי הונדערט און צוואָנציק טויזנט דאָלאַר נאָך דעם וואָס ער דער־פילט זיינע שטייער־פליכטן לגבי דער מלוכה. דער „אינקאָם־טעקס״, (איינ־קונפט־שטייער פון גרויסע פאַרדינסטן), איז דער הויפּטקוואַל פון דער פעדעראַלער רעגירונג, וואָס גיט זיך אָפּ מיט די הויפּט־פּראָבלעמען פונעם לאַנד, ווי די לאַנדשוץ, סאַניטעט, קאָמוניקאַציעס, אינערלעכע זיכערקייט אאַז״וו, זאַכן וואָס געהערן צו דעם נאָרמאַלן ביודזשעט פון די פאַראייניקטע

שטאַטן. אויסער די פעדעראַלע שטייערן וואָס יעדער בירגער איז מחויב צו צאָלן, זיינען נאָך פאַראַן באַזונדערע שטייערן אין די שטאַטן, וואָס געניסן אין פיל הינזיכטן פון אַ גרויסער אויטאָנאָמיע, און אין די מוניציפּאַליטעטן, אַזוי אַז דער געוויינלעכער בירגער איז פּאַקטיש צוגעבונדן צו דער ברייטער שטייער־סיסטעם, דורך וועלכער עס פליסן צו דער מלוכה די פאָנדן אויף צו דעקן די ריזיקע הוצאות וואָס דאָס דאָזיקע לאַנד האָט. יעדער וויכטיקער פּראָיעקט פונעם פּרעזידענט בנוגע דער פאַרגרעסערונג פון די לאַנד־הוצאות, ווערט ערנסט דיסקוטירט פונעם קאָנגרעס, ווייל יעדער רע־פּרעזענטאַנט אָדער סענאַטאָר ווייסט אַז דאָס וועט פאַלן צו לאַסט אויף דעם געוויינלעכן בירגער און די שטימונג אָדער די מיינונג פון דעם געוויינלעכן בירגער איז אין דער דעמאָקראַטישער אָרדענונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן זייער און זייער וויכטיק סיי פאַר די פאַרלאַמענטאַריער ווי פאַר דער רעגירונג.

עס איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע איבעראַשונג, ווען איך האָב מיך דערוווּסט אַז אַן אַרבעטער וואָס ברוקירט די גאַסן פאַרדינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן ביי די דריי מיט אַ האַלבן דאָלאַר אַ שעה. איך האָב בעת מיין באַזוך זיך באַמיט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט דעם געוויינלעכן מענטשן, מיטן קליינהענדלער, מיטן אַרבעטער און אָנגעשטעלטן. און אַזוי האָט פּאַסירט אַז ווען איך בין איין מאָל געגאַנגען איבער דער גאַס סענטראַל־פּאַרק, וואָס ציט זיך פּאַראַלעל מיט דעם גרויסן ניו־יאָרקער צענטראַל־פּאַרק, האָב איך מיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ גרופּע אַרבעטער וואָס האָבן געאַרבעטביים ברוקירן די גאַס. צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט האָט איינער פון די אַרבעטער וואָס האָט געהאַט אַן אויסגעשפּראָכן פּנים פון אַ לאַטיינער. מיין איינדרוק האָט מיך נישט אָפּגענאַרט: ער איז געווען אַן איטאַליענער, וואָס האָט זיך געפונען אַ קורצע צייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט אַ געוויסע צייט געאַרבעט אַלס בויאַרבעטער אין ווענעסועלאַ, בעת דעם רעזשים פון פּערעס כימענעס און ווען די דיקטאַטור איז געפאַלן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון נקמה־אַקטן קעגן די איטאַליענער, איז ער אַוועק קיין פאַראייניקטע שטאַטן. מיט אָט דעם דאָזיקן אַרבעטער האָב איך מיך ווי עס איז צונויפגערעדט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ער פאַרדינט

זעקס און צוואָנציק דאָלאַר פאַר אַכט שעה אַרבעט אַ טאָג. ער האָט מיר אָבער באַלד דערקלערט אַז פון די דאָזיקע זעקס און צוואָנציק דאָלאַר דאַרף ער באַצאָלן אַרום פיר דאָלאַר אין דירעקטע שטייערן דער מלוכה. איך האָב זיך דערנאָך דערוווּסט פון אַנדערע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אַז זיי צאָלן רעלאַטיוו הויכע שטייערן לויט זייער סאָציאַלער קאַטעגאָריע. מען דאַרף אָבער דערביי נישט פאַרגעסן אַז די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן שטיצט מיט באַדייטנדיקע סומעס די אַרבעטסלאָזע. אַן אַרבעטסלאָזער באַקומט דאָרט אין דורכשניט ביי די פערציק דאָלאַר אַ וואָך און דאָס מיינט אַז דער וואָס אַרבעט, שטיצט אויף אַן אומדירעקטן אופן זיין קאָלעגע וואָס האָט נישט קיין אַרבעט. יעדנפאַלס, באַווייזט דער אויבן־דערמאָנטער עפּיזאָד אַז דער נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער פון סאַמע באַשיידנסטן שטאַנד באַטייליקט זיך פּראָמינענט אין די ריזיקע הוצאות פונעם לאַנד.

ווי מיר האָבן אויבן געזען, איז דער הויפּטקוואַל פון די מלוכה־הכנסות אויפן ערשטן פּלאַץ דער שטייער אויף פּערזענלעכע הכנסות, פון יעדן בירגער אָן אויסנאַם; דער צווייטער קוואַל זיינען די שטייערן אויף די געשעפטן (פאַרקויף־שטייער) און אויף די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען (פּראָדוקציע־שטייער). די שטייערן אויף די דאָזיקע צוויי געביטן פּילט איר אין די פאַראייניקטע שטאַטן נישט נאָר אויף אַן אומדירעקטן אופן, ווי עס פּאַסירט אין אַנדערע לענדער, נאָר ממש דירעקט; דאָס הייסט, אַז צוזאַמען מיטן באַטרעף פונעם פּראָדוקט אָדער אויסגעאַרבעטן אַרטיקל וואָס איר קויפט, קאַסירט מען ביי אייך איין „טעקסעס", דאָס הייסט די שטייערן. פאַר אַן אונדזעריקן, פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, קומט עס אויס אַ ביסל מאָדנע; פאַר דעם נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער איז דאָס אַ געוויינלעכע זאַך און ער באַציט זיך צו דעם ווי אַ זאַך וואָס איז אומפאַרמיידלעך. נאָך מער: פאַר דעם נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער איז דאָס צאָלן הויכע שטייערן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע פליכט, ווייל ער האָט דעם פולן באַוווּסטזיין אַז ער איז אַ בירגער פון אַ לאַנד מיט אַן אַלוועלטלעכער גראַוויטאַציע און מיט גרויסע פליכטן נישט נאָר צו די אייגענע בירגער, נאָר אויך צו די בירגער פון אַנדערע לענדער. אַמאָל, מיט יאָרן צוריק האָט דאָס דאָזיקע געפיל געהאַט צו טאָן בלויז מיט וווילטעטיקער הילף פאַר אויסלאַנד; היינט

האָט עס אַ שייכות מיט דער פּאָליטישער ליניע פון די פאַראייניקטע שטאַטן און אירע התחייבותן לגבי דער פרייער וועלט. אויב די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן איצט אונטערגענומען אַ ברייטצוגיקע פּראָגראַם צו העלפן די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער אויפן סאָציאַל־עקאָנאָמישן געביט, איז דאָס נישט נאָר דערפאַר ווייל זיי האָבן דעם גוטן ווילן זיי צו העלפן, נאָר אויך ווייל זיי ווייסן אַז דורך דער דאָזיקער הילף וועלן זיי פאַרמיידן שווערע אויפטרייסלונגען אין די דאָזיקע לענדער וואָס קענען פירן צו געפערלעכע קאָנסעקווענצן, ווי עס האָט פּאַסירט אין קובאַ. זיין אַ נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער הייסט דעריבער אויסטראָגן אויף זיך גאָר גרויסע פליכטן וואָס גייען ווייט אַריבער די גרענעצן פון דעם אייגענעם לאַנד. עס איז אי אַ פליכט און אי אַ כבוד צו פילן זיך אַלס אַזעלכער און דער נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער צאָלט דערפאַר אין דער פאָרעם פון גרויסע שטייערן.

מען דאַרף פון דעסט וועגן נישט דענקען אַז אַלע בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן דעם דאָזיקן באַוווסטזיין און זיי זיינען גרייט אַוועקצוגעבן אייגנוויליק זייערע דאָלאַרן אין שטייערן. אונטער אַזאַ באַלאָדענעם שטייער־רעזשים, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז עס זאָלן זיך געפינען טויזנטער מענטשן וואָס זוכן אויסצומיידן דאָס צאָלן שטייערן דאָרט ווו עס לאָזט זיך. איז טאַקע די פּראָצעדור פון קאָנטראָלירן און איינמאָנען די שטייערן אַ זייער שטרענגע אין די פאַראייניקטע שטאַטן. מענטשן וואָס זיינען באַהאַוונט אין דעם ענין האָבן מיר עס אילוסטרירט מיט דער פאָלגנדער קאַטעגאָרישער דערקלערונג: אין די פאַראייניקטע שטאַטן — האָבן זיי געזאָגט — ווען איינער דערהרגעט אַ מענטשן און דאָס פאַרברעכן איז דערוויזן געוואָרן, קען ער געפינען אַן אַדוואָקאַט וואָס זאָל זיך אונטערנעמען אים צו פאַרטיידיקן; ווען איינער פעלשעוועט די ציפערן פון זיינע הכנסות בכדי צו צאָלן וויניקער אָדער גאָרנישט קיין שטייערן און די פעלשונג איז דערוויזן געוואָרן מיט פאַקטן, איז נישטאָ דער אַדוואָקאַט וואָס זאָל אים קענען פאַרטיידיקן און מילדערן די שטראָף וואָס אים קומט לויטן געזעץ: צען יאָר תפיסה. די נאָרד־אַמעריקאַנער יוסטיץ איז אין דעם זין אומדערשיטערלעך. דאָס נישט וועלן צאָלן קיין שטייערן אָדער צאָלן וויניקער ווי מען דאַרף לויט די הכנסות איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ פאַרברעכן וואָס ווערט

שטרענג באַשטראָפט. איז דאָך גוט באַקאַנט דער פאַל פון דעם טרויעריק־באַרימטן גענגסטער אַל קאַפּאָנע, וואָס האָט זיך אויסגעדרייט פון אַ שטראָף אין אַלע באַשולדיקונגען וואָס מען האָט קעגן אים געמאַכט אין רויב און אין מאָרד. די איינציקע באַשולדיקונג פון וועלכער ער האָט זיך נישט געקענט אויסדרייען און איז טאַקע פאַר איר געגאַנגען אין תפיסה, איז געווען די אַז ער האָט נישט געצאָלט דער מלוכה די געהעריקע שטייערן. דאָ האָבן אים די גרעסטע אַדוואָקאַטן נישט געקענט העלפן, ווייל נישט צאָלן קיין שטייערן איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן זייער אַ שווער פאַרברעכן קעגן די אינטערעסן פונעם לאַנד.

דער באַקאַנטער שרייבער ד״ר שלמה סיימאָן האָט מיר דערציילט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וואָס איז אַ גוטע אילוסטראַציע וועגן דער שטרענגקייט פון קאָנטראָלירן און אויפמאָנען שטייערן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. סיימאָן איז פון פראָפעסיע אַ דענטיסט, ער האָט אַ דענטיסטישן קאַבינעט, און ווי יעדער איינער וואָס האָט אַן אונטערנעמונג, דאַרף ער פירן אַ גענויע בוכהאַלטעריע פון זיינע הכנסות, בכדי צו צאָלן שטייערן. דער אינספּעקטאָר וואָס קומט פון צייט צו צייט רעווידירן די ביכער איז אַ ייִד און צופעליק זיינער אַ געטרייער לייענער. איז ווען ער קומט, פירט ער מיט אים וויכוחים וועגן די פראַגן וואָס ער באַרירט אין זיינע ביכער און מאמרים. ער איז זיינער אַ הייסער חסיד, אָבער איינס צום צווייטן געהער זיך נישט אָן; אַלס אינספּעקטאָר איז ער שטרענג און פּליכטמעסיק און איז נישט גרייט מוותר צו זיין אויף דער פּינקטלעכקייט פון די שטייערן. און דאָס איז דערפאַר, ווייל ער איז, ווי אַלע נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדן, אַ טרייער פּאַטריאָט פון זיין לאַנד און אויך דערפאַר ווייל ער ווייסט וואָס עס דערוואַרט אים אין פאַל מען זאָל פעסטשטעלן אַז ער האָט נישט גוט רעווידירט די ביכער. ער ווייסט וואָס עס הייסט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פעלשן ציפערן וואָס האָבן אַ שייכות מיט צאָלן שטייערן. מען וואָלט געקענט ברענגען אַ סך אַזעלכע ביישפּילן, אָבער מיט דעם איז גענוג.

אויף אַן אַנדער פּלאַץ האָב איך אָנגעוויזן אַז דאָס לעבן איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַרומגערינגלט מיט די מאָדערנסטע באַקוועמלעכקייטן. עס דאַרף אָבער גלייכצייטיק אָנגעוויזן ווערן אַז די דאָזיקע באַקוועמלעכקייטן

קאָסטן דעם בירגער אַ פאַרמעגן אין דער פאָרעם פון צאָלן שטייערן און ספעציעלע אָפּצאָל־מאַרקעס. אין ניו־יאָרק, צום ביישפּיל, קענט איר באַקומען אַ פּאָסטמאַרקע אויף אַוועקצושיקן אַ בריוו ווו איר זאָלט זיך נישט געפינען. כמעט אין יעדער קאַפעטעריע, „קענדי־סטאָר" אָדער „דראָג־סטאָר" (אַפּטייק) הענגט אַ קליין אויטאָמאַטל וווהין איר וואַרפט אַריין די מטבע און עס קומט אַרויס די פּאָסטמאַרקע. פון דעסט וועגן, וועט איר פאַר דער דאָזיקער באַקוועמלעכקייט דאַרפן באַצאָלן נישט ווייניקער ווי צוואָנציק פּראָצענט פונעם באַטרעף פון דער פּאָסטמאַרקע. אַז איר וועט אַריינלייגן צען סענט, וועט איר באַקומען פּאָסטמאַרקעס פאַר אַכט און אַז איר וועט אַריינלייגן אַ ניקל פון 5 סענט, וועט איר אַרויסבאַקומען אַ מאַרקע פאַר 4 סענט. אויף צו קענען פאָרן דורך דעם וווּנדערבאַרן טונעל פאַר אויטאָמאָבילן וואָס מען האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרענדיקט פון ברוקלין קיין מאַנהעטן אונטערן וואַסער פונעם איסט־ריווער, מוז מען איינצאָלן אַ באַשטימטע טאַקסע. דאָס זעלבע פּאַסירט ווען איר פאָרט מיט דער אויטאָסטראַדע פון ברוקלין קיין לאָנג איילאַנד און אויף אַנדערע וועגן, ווו איר מוזט באַצאָלן פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון אַ גוטן שאָסיי. אַזוי איז דאָס: דאָס לעבן איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַרומגערינגלט מיט באַקוועמלעכקייטן און פאַרלייכטערונגען, אָבער אויך מיט התחייבותן פון טרוקענעם, פּראַקטישן כאַראַקטער.

אויף צו באַקומען אַ באַגריף ווי גרויס עס זיינען די פליכטן פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער לגבי די אַלגעמיינע פּראָבלעמען פונעם לאַנד, וועט זיין גענוג צו ברענגען די ציפערן פון דעם מלוכה־חוב און ווי אַזוי ער שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם לעבן פון יעדן בירגער. אין 1912 האָט דער מלוכה־חוב פון די פאַראייניקטע שטאַטן באַטראָפן דרייצן דאָלער „פּער קאַפּיטא"; אין 1958, האָט דער זעלבער חוב באַטראָפן טויזנט זעקס הונדערט צוויי און זעכציק דאָלאַר אויף אַ קאָפּ. די צוויי גרויסע וועלט־מלחמות האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן אַריינגעטריבן אין ריזיקע חובות און דאָס אַלץ ווערט אויסגעטראָגן פונעם געוויינלעכן בירגער, וועלכער צאָלט אַלערליי שטייערן און קויפט אויך אויס די פאַרשידענע ווערטפּאַפּירן און מלוכה־באָנאָס, מיט וועלכע דאָס לאַנד דעקט די חובות. עס איז קלאָר: דער נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער באַצאָלט פאַר אַלץ און פאַר אַלעמען.

# סך־הכּל פון אַ רייזע

אין אַ מאָנטיק אין דער פרי האָב איך פאַרלאָזט ניו־יאָרק און די פּאַראייניקטע שטאַטן. מיינע טייערע און ליבהאַרציקע פריינט, ד״ר שלמה סיימאָן און זיין פרוי לאהקע, האָבן מיך אָפּגעפירט מיט זייער „קאַר״ (אויטאָ־מאָביל) צום אינטערנאַציאָנאַלן עראָדראָם פון אײדלווײלד, וווּ איך האָט געדאַרפט נעמען דעם אַוויאָן קיין קאַראַקאַס, ווענעסועלאַ. דאָס וואָס זיי זיינען געווען די לעצטע וואָס האָבן מיר געדרוקט די האַנט ביים אַוועקפאָרן, איז נישט געווען קיין צופאַל; עס איז געווען אַ פאָרזעצונג און דער סיום פון אַ האַרציקער באַציִונג און אַ זעלטענע גאַסטפריינטלעכקייט וואָס זיי האָבן צו מיר אַרויסגעוויזן די גאַנצע צייט פון מיין זיין אין ניו־יאָרק. מיר האָבן זיך געזעגנט, איך בין געווען גערירט פון זייער פריינטשאַפט און דאַכט זיך אַז אויך זיי זיינען געווען סענטימענטאַל. דער אויטאָ האָט גערירט און איז אַוועקגעפאָרן. כ׳האָב אים נאָכגעקוקט ביז ער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אויפן וועג קיין ברוקלין. איך בין געבליבן אַליין מיט מיינע איינדרוקן און מחשבות, אָבער די אומשטענדן האָבן מיך נאָך נישט געלאָזט זיך קאָנצענט־רירן; מען האָט געדאַרפט דערגאַנצן די האַוועניש פון דעם אָפּפאָר דורכן דערליידיקן די פּראָצעדור־קלייניקייטן, ווי רעגיסטרירן זיך אין דער ביוראָ פון דער לופט־קאָמפּאַניע, איבערגעבן דעם באַגאַזש, דורכמאַכן דעם קאָנט־ראָל פון אַרויספאָר און אנדערע פרטים פון אַ רייזע־סיום אין די פאַראייניקטע שטאַטן. צום גליק, גייט עס דאָרט צו שנעל און דערנאָך האָב איך געהאַט צייט און שטימונג צו פּרוּוון מאַכן אַ שטיקל סך־הכּל פון דער מענגע איינ־דרוקן און דערפאַרונגען. עס האָט זיך געפאָדערט אַזאַ שטימונג און אַ

געוויסע דיסטאַנץ אין שטח און אין צייט, ווייל די פינף וואָכן וואָס איך בין געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען געווען וואָכן פון יאָגעניש, פון דראַנג און באַגער צו זען, הערן און זיך באַקענען מיט וואָס מער זאַכן, ערטער און מענטשן. עס איז נישט געווען דאָס וואָס מען רופט אַ „לוסט־רייזע"; עס איז געווען אַ רייזע מיטן ציל צו באַקענען זיך, לערנען עפּעס.

שפּעטער, ווען איך בין שוין געזעסן אין דעם מעכטיקן דזשעט־אַוויאָן וואָס האָט אַ רויִקער געשוועבט אין רוים איבערן אַטלאַנטיק, האָט נאָך אויך נישט געקענט זיין קיין רייד פון מאַכן דעם געגאַרטן סך־הכל. די איינדרוקן און דערפאַרונגען האָבן זיך נאָך געפונען אין דער בחינה פון אַ רוישטאָף, וואָס דאַרף ערשט איבערגעאַרבעט ווערן פון דער צייט־דיסטאַנץ, אַז מען זאָל קענען ציִען די געהעריקע שלוסן. דער פאַקט וואָס איך בין אַ דאַנק די שנעלע־קאָמוניקאַציע־מיטלען אין פיר שעה צייט אַריבער פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין אַ לאַטיין־אַמעריקאַניש לאַנד, האָט מיר אויך געגעבן די מעגלעכקייט צו מאַכן דעם געהעריקן אויספיר דורך דעם פאַרגלייך, דורך דער קאָנפראָנטאַציע פון צוויי לעבנס־סיסטעמען, וואָס זיינען דיאַמעטראַל אַנדערש איינס פונעם צווייטן. ווי איינער וואָס לעבט אין לאַטיין־אַמעריקע, האָט מיך בעת מיין רייזע אינטערעסירט צו באַקענען זיך פון דער נאָענט ווי עס זעט אויס דער באַגריף וואָס מען האָט אין די פאַראייניקטע שטאַטן וועגן לאַטיין־אַמעריקע. לויט מיין איינדרוק, איז דער דאָזיקער באַגריף זייער אַ שוואַכער, אַ נישט־ריכטיקער. אויב עס זיינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַראַן אַזעלכע וואָס ווייסן עפּעס ריכטיק וועגן לאַטיין־אַמעריקע, זיינען דאָס יענע וואָס „ספּעציאַליזירן זיך" אין דער מאַטעריע, וואָס האָבן באַציִונגען מיט דעם טייל קאָנטינענט אַלס סוחרים, אינטעלעקטואַלן אָדער באַאַמטע פון נאָרד־אַמעריקאַנער פירמעס וואָס אַרבעטן מיט לאַטיין־אַמעריקע. דער דורכשניטלעכער נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער האָט וועגן לאַטיין־אַמעריקע זייער אַ שוואַכן באַגריף און עס איז ביי אים רעכט אַז ריאָ דע זשאַנעיראָ זאָל זיין די הויפּטשטאָט פון אַרגענטינע. פון מעקסיקע, ווו עס הייבט זיך פאַר אים אָן לאַטיין־אַמעריקע ביז אַרגענטינע, וואָס געפינט זיך אין דעם דרומדיקן עקסטרעם, זעט ער לאַטיין־אַמעריקע ווי איין שטיק עקזאָטיק, ווו די שפּראַך, די מנהגים און אַלץ מיט אַנאַנדער זיינען פאַר

אים ווייטע זאַכן, הגם זיי געפינען זיך אויף דעם זעלבן קאָנטינענט. דער „מוסטער" פון לאַטיין־אַמעריקע זיינען פאַרן נאָרד־אַמעריקאַנער דורכשניט־לעכן בירגער די הונדערטער טויזנטער פּאָרטאָריקאַנער וואָס מען באַגעגנט אין די פּאַראַייניקטע שטאַטן און אָפט מאָל קענען זיי זיך פון דעם דאָזיקן מוסטער נישט שאַפן קיין גאָר געהויבענע מיינונג. די פּאָליטישע אומרוען, אויפשטאַנדן, „פוטשן" און מיליטערישע שטאַטקלאַפּן אין לאַטיין־אַמעריקע, וועגן וועלכע עס לייענט דער נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער, זיינען פאַר אים אויך אַ „מוסטער" פון לאַטיין־אַמעריקע און, פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז נישט אַזאַ גוטער מוסטער.

דאָס איז אָבער נאָר איינער פון די איינדרוקן. מיר מאַכן אַ סך־הכל פון אַלץ וואָס מיר האָבן געזען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. פון דער צייט־דיסטאַנץ פרעג איך זיך: האָב איך עפּעס געלערנט פון דער רייזע? זאָגן אַז איך האָב זיך גרונטלעך באַקענט מיט די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואָלט געווען דער גרעסטער אַבסורד. דאָס וואָס איך האָב געזען, איז בלויז אַ מינימאַלער ברוכטייל פון דעם וואָס מען קען זען און לערנען אין דעם דאָזיקן ריזיקן לאַנד, ריזיק נישט נאָר לויטן שטח און לויט דער באַפעלקערונג, נאָר אויך לויט די דערגרייכונגען און לויט דער לעקציע וואָס זי גיט דער וועלט מיט איר רעפּובליקאַנישער און דעמאָקראַטישער אָרדענונג. אין אַ באַזוך „אויף אַ ווייל", ווי מיינער איז געווען, איז נישט מעגלעך צו זען אַלץ אויס־פירלעך; דאָך זיינען פאַראַן אַספּעקטן פון וועלכע מען קען ציִען אַן אַלגע־מיינעם מוסר־השכל פאַר די אָפּשאַצונגען פון אַ פאָלק און אַ לאַנד. איבער־הויפּט איז דאָס ריכטיק פאַר דעם מענטשן פון דעם באַטרעפנדיקן לאַנד. און דעם נאָרד־אַמעריקאַנער מענטשן דערקענט איר ווי נאָר און ווו איר קומט מיט אים אין קאָנטאַקט. ער איז גאַסטפריינטלעך און דינסטגרייט און ער אימפּאָנירט מיט זיין פשטות, ברייטהאַרציקייט און אינטעליגענץ. דאָס לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז פּראַקטיש, אָבער אין דער זעלבער צייט פילט מען דאָרט דעם גייסט פון פּזרנות, וואָס איז אַ פועל־יוצא פון דער גרויסער שפע פון וועלכן עס געניסט די דאָזיקע גרויסע מדינה. דער בירגער פון די פּאַראייניקטע שטאַטן האָט נאַטירלעך זיינע פּראָבלעמען און שוועריקייטן, ווי דער בירגער פון וועלכן עס איז אַנדערן לאַנד; אָבער איך בין

נישט זיכער אַז עס זאָלן דאָרטן זיין גרויסע שיכטן פון דער באַפעלקערונג וואָס ליידן דחקות אין דער פאָרעם און אין דעם זין ווי מיר פאַרשטייען עס אָדער ווי עס קומט אָפטמאָל צום אויסדרוק אין די לענדער פון לאַטייך־אַמעריקע אָדער אין די געדיכט־באַזעצטע לענדער פון אייראָפּע און אַזיע. דער קענצייכן פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז די אויסערגעוויינלעכע שפע וואָס מען מערקט אומעטום, אַ שפע וואָס מען ווייסט אָפטמאָל נישט וואָס צו טאָן מיט איר. פאַראייניקטע שטאַטן איז דאָס לאַנד וואָס שפּייזט נישט נאָר בהרחבה אירע אייגענע בירגער, נאָר זי שענקט ממש אַוועק פאַר הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר שפּייז אַנדערע פעלקער. זי איז, ווי מיר האָבן געזאָגט אויף אַן אַנדער אָרט, דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער בעל־צדקה, ווייל זי וויל און זי קען טאָן צדקה.

און איצט, ווען איך מאַך דעם סך־הכל און דעם אויספיר פון דעם וואָס איך האָב געזען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, מוז איך נישט אַנדערש ווי זאָגן צו זיך: נאָר די וואָס האָבן נישט קיין אַנונג וועגן דעם דאָזיקן לאַנד אָדער וואָס זיינען פאַרבלענדט פון אַ פאַרטייישן פאַנאַטיזם און פון די איבלען וואָס דער „קאַלטער קריג" האָט באַוויזן אויפצוּוועקן ביי הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען מענטשן קענען אויסטראַכטן בילבולים אויף די פאַראייניקטע שטאַטן. דער וואָס זעט דאָס דאָזיקע לאַנד אָן פאָראורטיילן מוז אימפּרעסיאָנירט ווערן פון דער ברייטהאַרציקייט פון דעם דאָזיקן יונגן פאָלק, וואָס האָט דורך גרויסע קרבנות געראַטעוועט די פרייהייט פון דער וועלט אין צוויי בלוטיקע וועלט־מלחמות. איך בין געווען אויפן נאַציאָנאַלן בית־הקברות פון אַרלינגטאָן, נישט ווייט פון דער הויפּטשטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו די טויזנטער מצבות פון די געפאַלענע אין פאַרשידענע מלחמות דערציילן אין קלאָרע ווערטער, וואָס דאָס דאָזיקע גרויסע לאַנד האָט געטאָן פאַר דער מענטשהייט. פאַר וואָס האָט פאַראייניקטע שטאַטן געשיקט איר יוגנט אויף די פרעמדע שלאַכטפעלדער? עס האָט איר געפעלט „לעבנסרוים"? זי האָט זיך געניטיקט אין עקספּאַנסיע? עס האָט איר געפעלט שפּייז פאַר איר באַפעלקערונג? זי האָט מיט עמעצן געהאַט גרענעץ־קאָנפליקטן? ניין, פאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך נישט געניטיקט אין דעם אַלעמען וואָס מיר האָבן דערמאָנט. און דאָך האָט זי געשיקט איר יוגנט קעמפן

אויף אַלע שלאַכטפעלדער ווען עס איז געשטאַנען אין קאָן די פרייהייט און די חשיבות פונעם מענטשן. איז ווי זשע איז מעגלעך אַז מען זאָל איר פאַר דעם אַלעמען אָפּצאָלן מיט האַס און מיט פאַראַכטונג? ווי איז מעגלעך אַז מען זאָל פאַר מעשים־טובים אָפּצאָלן מיט שטיינער?

עס איז אוממעגלעך געווען אַז איך זאָל וועגן דעם נישט טראַכטן, ווען איך האָב פאַרלאָזט די פאַראייניקטע שטאַטן. יעדער מענטש פון גוטן ווילן און אָן פאָראורטיילן וואָלט אַזוי געטראַכט. אַלס איינער וואָס קומט פון לאַטיין־אַמעריקע, האָט דער דאָזיקער געדאַנק מיך נישט צורו־געלאָזט. פאַר וואָס האָט מען פיינט די פאַראייניקטע שטאַטן אין די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער? פאַר וואָס זעט מען נאָר די חסרונות און מען פאַרשווייגט די מעלות? זיינען דאָך פאַראַן געוויסע לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער וואָס וואָלטן נאָך ביז היינט צו טאָג געליגן אין דער גרעסטער הינטערשטעליקייט, ווען נישט די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָבן זיי געהאָלפן און העלפן זיי. איז דאָך קובאַ, דאָס לאַנד וואָס איז היינט דער צענטער פון אַנטי־נאָרד־אַמעריקאַנישן האַס, באַפרייט געוואָרן אָנהייב דעם יאָרהונדערט מיט דער הילף פון די פאַראייניקטע שטאַטן. און ווי וואָלטן אויסגעזען אַ סך אַנדערע צענטראַל־אַמעריקאַנישע לענדער ווען נישט די נאָרד־אַמעריקאַנער קאַפּי־טאַלן וואָס זיינען דאָרט אינוועסטירט געוואָרן? ווי וואָלט אויסגעזען דער מצב פון די דאָזיקע לענדער, ווען נישט דער גרויסער נאָרד־אַמעריקאַנער מאַרק ווו עס ווערן אָפּגעזעצט זייערע פּראָדוקטן און מינעראַלן? און צי קענען זיי פאַרלייקענען די נוצן וואָס זיי האָבן געהאַט און האָבן פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער טעכניק און וויסנשאַפט? וועגן דעם אַלעמען פאַרגעסט מען אָדער מען מאַכט זיך נישט־וויסנדיק; מען האָט זיך איינגעחזרט און מען זינגט איין לידל: דער „יענקישער אימפּעריאַליזם". מיט דעם וויל מען פאַר־ענטפערן די אייגענע פּראָבלעמען און שוועריקייטן, וועלכע מען איז נישט ביכולת אַליין צו לייזן.

מיין אַוויאָן האָט מיך געפירט אין אַ לאַטיין־אַמעריקאַנישן לאַנד. אין פיר שעה צייט בין איך געווען אין קאַראַקאַס, איינע פון די עלטסטע שטעט אין לאַטיין־אַמעריקע און איך האָב באַלד געהאַט די געלעגנהייט צו זען דעם אונטערשיד. אויפן עראָדראָם האָב איך געטראָפן באַוואָפנטע סאָלדאַטן, ווייל

עס איז געווען עטלעכע טעג נאָך אַ פּרווו פון אַן אויפשטאַנד קעגן דער רעגירונג. די צאַלאַמט־פּראָצעדור און דער קאָנטראָל פון דאָקומענטן, וואָס געדויערט אין ניו־יאָרק עטלעכע מינוט, האָבן דאָ געדויערט אַ קנאַפּע שעה צייט. מיר האָבן געמוזט דורכגיין פינף אָדער זעקס קאָנטראָלן, ביז מיר זיינען ענדלעך געווען אין דרויסן. פאַר וואָס אַזוי פיל אומצוטרוי? — האָבן מיר זיך געפרעגט. ווו ליגט די סיבה, וואָס פיר שעה מיטן אַוויאָן פון דאַנען גייט עס צו אַזוי שנעל און העפלעך און דאָ ציט זיך עס אַזוי לאַנג און פול מיט פאַרדאַכט, מיט אַזוי פיל באַוואָרענישן? דער ענטפער איז: מיר האָבן זיך געפונען אין לאַטיין־אַמעריקע. אויף דעם זעלבן קאָנטינענט וואָס די פאַראייניקטע שטאַטן אָבער אין אַן אַנדער אָרדענונג, צווישן אַנדערע מענטשן, מיט אַנדערע באַגריפן. יענע, די „אימפּעריאַליסטן" נעמען איך אויף אָפּנ־האַרציק, מיט צוטרוי; די, די „קרבנות" פונעם „יענקישן אימפּעריאַליזם", נעמען איך אויף מיט אומצוטרוי, מיט פאַרדאַכט... אפשר קומט איר ווי נאָך איינער פון די אויסלענדישע פאַרכאַפּערס צו ווערן דער באַלעבאָס פון זייער לאַנד? און דאָ האַנדלט זיך נישט גראָד וועגן ווענעסועלאַ, וועלכע איז אין מיין רייזע געווען בלויז אַ צופאַל. איר פילט דאָס אין אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער. שפּעטער, בעת מיין רייזע איבער לענדער פון מערב־אייראָפּע, ווו דער אַריינפאָר איז פריי און אָן שום פּראָצעדורן כמעט (אין דער שווייץ האָט דער באַאַמטער אַפילו נישט געעפנט מיין פּאַספּאָרט), האָב איך געטראַכט וועגן דעם אומטרוי וואָס איר פילט אויף זיך ווען איר קומט אָן אין אַ לאַטיין־אַמעריקאַניש לאַנד. איז דאָס מורא? איז דאָס שטרענגקייט מחמת מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס? ווער ווייסט?

פון דער ווייטנס און פון דער צייט־פּערספּעקטיווע איז לייכטער צו מאַכן אַ סך־הכל פון די איינדרוקן און דערפאַרונגען. אַ באַזוך אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן הייסט באַקענען זיך מיט דעם לאַנד אויף דער וועלט, ווו די ציוויליזאַציע האָט דערגרייכט איר העכסטן שטאַפּל. און דאָס איז דער־גרייכט געוואָרן נישט פון זיך, נאָר דורך דעם גרויסן שעפערישן דראַנג פון דעם דאָזיקן פאָלק און זיין קולט פאַר אַרבעט. וואָס שייך דעם נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק, האָט מען די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט אַ פאָלק וואָס האָט געשאַפן דעם סינטעז פון פּראַקטישקייט און פון הויכמוט. צוויי

שטריכן זיינען פֿאַראַן אין דעם כאַראַקטער פֿון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער פֿאָלק, וואָס טיילן זיך באַזונדערס אויס: דער קולט פֿון אַרבעט און פֿון ווילטעטיקייט. פּונקט ווי אַרבעט איז אין דעם דאָזיקן לאַנד די פֿליכט פֿאַר מאַן און פֿרוי, פֿאַר אָרעם און רייך, אַזוי איז די ווילטעטיקייט אַן אָרגאַני־שער באַשטאַנדטייל פֿון דעם דאָרטיקן לעבן. דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער פֿאָלק איז טאַקע פּראַקטיש, אָבער נישט מאַטעריאַליסטיש, וואָס איז אין גאַנצן אַן אַנדער באַגריף. עס איז מסתמא נישט קיין צופֿאַל וואָס רעליגיע האָט אין דעם נאָרד־אַמעריקאַנער פֿאָלק אַ גאַנץ היפּשע אַחיזה, איבערהויפּט אין די קלענערע ישובים און אויפֿן לאַנד. די רעליגיע, ווי דאָס קולטור־לעבן בכלל אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז אַ פּלוראַליסטישע דערשיינונג און זי אַנטוויקלט זיך אויף דער באַזע פֿון קעגנזייטיקער טאָלעראַנץ. דער נאָרד־אַמעריקאַנער מענטש איז דאָס וואָס מען רופֿט דאָרט אַ „גודבאָי” (אַ ווילער יאַט, הייסט עס) און דאָס מאַכט אים סימפּאַטיש און אָנגענעם פֿון דעם ערשטן מאָמענט אָן וואָס איר באַגעגנט זיך מיט אים.

איך פֿערזענלעך האָב געהאַט באַגעגענישן מיט עכטע נאָרד־אַמעריקאַ־נער און איך האָב מיר געקענט שאַפֿן אַ באַגריף וועגן דער ברייטהאַרציקייט, העפֿלעכקייט און דינסטגרייטקייט פֿון דעם דורכשניטלעכן נאָרד־אַמעריקאַנער בירגער. די דאָזיקע אָט באַגעגענישן און קאָנטאַקטן זיינען געווען ספּאָנ־טאַנע און צופֿעליקע און האָבן נישט געהאַט קיין שום צוזאַמענהאַנג צווישן זיך. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פֿאַר מיר פֿולשטענדיק־אומבאַקאַנטע מענטשן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן זייער אומקאָנדיציאָנעלע גרייטקייט צו העלפֿן מיר, ווען זיי האָבן געזען אַז איך בין אַ פֿרעמדער און נייטיק זיך אין דער דאָזיקער הילף. אויך אונדזערע ייִדישע ברידער אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָבן איבערגענומען די דאָזיקע גוטע מידה פֿון הכנסת אורחים און זיי ווייזן אַרויס אַ סך גאַסטפֿריינטלעכקייט און דינסטגרייטקייט ווען עס קומט אַ פֿרעמדער מענטש. איך האָב באַוווּנדערט די דאָזיקע דיסטגרייטקייט, ווען מען נעמט אין אַכט אַז די לעבנסבאַדינגונגען אין אַזאַ שטאָט ווי ניו־יאָרק, זיינען נישט קיין לייכטע און אַז יעדער איינער איז פֿאַרנומען און באַשעפֿטיקט. די נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדן האָבן אויך איבערגענומען די מידה פֿון ווילטעטיקייט פֿון די לאַנד־בירגער און עס איז אַפֿילו איבעריק צו

ברענגען וועגן דעם באַוויַיזן ווען מען נעמט אין אַכט די ציפערן וואָס דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער ייִדנטום גיט אויס אויף הילף און וווילטעטיקייט סיי אין דעם אייגענעם אינערלעכן לעבן און סיי פאַר אַלגעמיינע ייִדישע צוועקן און מדינת ישראל.

ווען מען פאַרלאָזט די פאַראייניקטע שטאַטן און מען מאַכט זיך אַ סך־הכל פון די איינדרוקן און דערפאַרונגען, קומט מען צו אָט דעם אויספיר: אין די איצטיקע דראַמאַטישע אומשטענדן וואָס עס מאַכט דורך די וועלט און די מענטשהייט, זיינען די פאַראייניקטע שטאַטן אָן שום ספק די גאַראַנטיע אַז די מענטשלעכע פרייהייט וועט נישט צוגערויבט ווערן און די מענטשלעכע חשיבות וועט נישט פאַרשוועכט ווערן אָן דער ריזיקע צו באַקומען דערפאַר די גערעכטע שטראָף.

## דערשינענע ביכער פון דעם זעלבן מחבר

מענטשן און לאַנדשאַפטן — 1951

אין אומרויִקע צייטן — 1953

אַ בעסאַראַבער שטעטל — 1958

FALIC LERNER

# Impresiones de un breve viaje a los Estados Unidos

(TSU GAST OIF A WAIL)



BUENOS AIRES

1961